פּ. קאַץ

# געקליבענע שריפטן

באַנד VII

אַרויסגעגעבן פון אַ
געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט
ביים פאַרלאַג „איקוף"



בוענאָס־איירעס
1947

# אינהאַלט:

# דער אַרגענטינער צווייג פון דער אידישער ליטעראַטור

אין אַרגענטינע זיינען אידן, קען מען זאָגן, די איינציקע איינגע־וואַנדערטע נאַציאָנאַלע גרופּע, וואָס האָט געשאַפן אַן אייגענע ליטעראַטור אין איר שפּראַך. אידן, זיינען, דוכט מיר, אויך אין די פּאַריי־ניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע, די איינציקע איינגעוואַנדערטע נאַ־ציאָנאַלע גרופּע, וואָס האָט אַן אייגענע ליטעראַטור אין דער אידישער שפּראַך אָדער אין די אידישע שפּראַכן, ווען מען רעכנט צו העברעיש, כאָטשע אין די ביידע איינוואַנדערונגס־לענדער זיינען פאַראַן אַ סך צאָלרייכערע איינגעוואַנדערטע נאַציאָנאַלע גרופּעס. מען האָט דאָ גע־שריבן און מען שרייבט דאָ אויך אין אַנדערע פרעמדע שפּראַכן: אי־טאַליעניש, דייטש, ענגליש, פראַנצויזיש און רוסיש, אָבער אָן שום פּרעטענזיעס אויף אַ באַזונדערער ליטעראַטור, ווי דאָס איז דער פאַל מיט אידיש.

מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס? אויבנאויפיק דערקלערט מען דאָס גאַנץ פּשוט: בעת אַלע אַנדערע גרופּעס, אויף וויפל זיי אינטערעסירן זיך מיט זייער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור, אימפּאָרטירן זיי זי פון זייער היימלאַנד און דאָס היימלאַנד דערביי איז אויך דער אָביעקט פון זייער אינטערעס, האָבן נישט די אידן קיין היימלאַנד און עס האָט נישט קיין היימלאַנד די מאָדערנע אידישע ליטעראַטור אין דער אי־דישער שפּראַך; עקסטעריטאָריעל איז דאָס אידישע פאָלק און עקס־טעריטאָריאַל איז זיין ליטעראַטור. זיין היימלאַנד איז זיין שפּראַך, זאָגן אַנדערע: אידישלאַנד רופט מען עס.

אז אָט דער קאָנצעפּט פון דער אידישער ליטעראַטור, מיט וועלכן מען וויל דערקלערן די אַנטשטייאונג פון אירע צווייגן אין די לענדער פון אידישער איבערוואַנדערונג, איז אַ פאַלשער, באַווייזט דער פאַקט

פון דער עקזיסטענץ גופא פון דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַ אידישער היים, אויף דעם שטח פון אידישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע, נישט אַריינרעכענענדיק איטאַליע, וואָס האָט מיט אירע ערשטע אידישע דרוקערייען געשפּייזט דעם וועלט־לעבן ווי דעם רעליגיעזן אידישן ביכער־מאַרק אין מזרח און מיטל־אייראָפּע.

די באַזע, אויף וועלכער עס איז אויסגעשטעלט די מאָדערנע אידישע ליטעראַטור, איז די פאַרוועלטלעכונג, דעמאָקראַטיזירונג און פּראָדוקטיוויזירונג פון דעם אידישן לעבן אויף אָט דעם שטח, וואָס האָט אַרומגענומען פּוילן, ליטע, ווייסרוסלאַנד און אוקריינע, גאַליציע און רומעניע. דאָס איז געווען דער הויפּט־אינטערעס פון אונדזערע קלאַסיקער, פון זייערע מיטגייער און נאָכגייער, פון זייערע זין און אייניקלעך, ווי מען רופט עס אָן אין דער אידישער ליטעראַטור. די אידישע ליטעראַטור אין די אַלע אויסגערעכנטע לענדער האָט ביז הייננטיקן טאָג, מיט ציטווייליקע און טיילווייזע אויסנאַמען, איר טעריטאָריע, וואָס דאָס מיינט אויך איר שטענדיק אַקטועלע סאָציאַלע אַטמאָספער, איר סאָציאַלן זין און איר סאָציאַלן וועג, אַן אָנגעצייכנטן און צום ציל גייענדיקן.

דאָס רעאַלע וואָרט פון חומש, אַז די תורה געפינט זיך נישט אין הימל, איז חל אויך אויף אונדזער אידישער קולטור. מער נישט, דער קאָנסערוואַטיזם אונדזערער און די מורא פאַר דער ווירקלעכקייט, וואָס פּענטען און טעמפּן אָפּ די עכטע שעפערישקייט, פאַרוואַנדלען אין הימל די ערד, דעם באָדן פון יעדן פריערדיקן גייסטיקן אויפקום. אונדזער קלאַסישע ליטעראַטור, אַ געבוירענע אויף דעם באָדן פון דער אידישער ווירקלעכקייט אין מזרח־אייראָפּע איז פאַר אונדז דאָ און פאַר די אַמעריקאַנער בכלל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם הימל פון דער אידישער קולטור, צו וועלכן מיר קוקן אַרויף און מיר זעען נישט די ערד אויף וועלכער מיר לעבן און וועלכע מאָנט פון אונדזער שעפערישער פּאָטענץ דאָס איריקע, זי וויל באַפרוכפּערט ווערן נישט בלויז מיט ברויט, נאָר אויך מיט גייסטיק לעבן, מיט נייעם אידישן גייסטיקן לעבן.

געבוירן געוואָרן איז דער קאָנצעפּט אידישלאַנד אַלס אויס־

דרוק פאַר דער היימלאַזיקייט אָדער אָפּוועזנהייט פון טעריטאָריע אונ־טער די פיס פון דער אידישער ליטעראַטור, ביי די אידישע שרייבער און דיכטער, וואָס האָבן די טעריטאָריע פאַרלאָזט אָדער פאַרלוירן און זיינען פאַרבליבן בלויז מיט דער שפּראַך אירער, מיט אידיש. געבוירן געוואָרן איז דער קאָנצעפּט צווישן יענע אידישע שרייבער, וואָס האָבן אין דעם נייעם לאַנד נישט באַוויזן זיך צו אידענטיפיצירן סאָציאַל מיט די איבערגעוואַנדערטע און איינגעוואָרצלטע אידן און מיט דער סביבה, וואָס זיי האָבן געשאַפן, כדי זי קינסטלעריש צו פורעמען און קינסטלעריש צו ווירקן אין איר. געבוירן געוואָרן איז דער קאָנצעפּט צווישן יענע אידישע שרייבער אין דעם נייעם לאַנד, וואָס האָבן גע־שאַפן די ליטעראַרישע שול, וועלכע איז באַקאַנט מיט דעם נאָמען „אין זיך" אָדער האָבן זיך פאַרקליבן אין דעם אידישן לעבן פון די פריער־דיקע יאָרהונדערטער, כדי פון דאָרט אַרויסצובאַקומען די אייביקע אי־דישע אידייען און דעם סוד פון דעם אידישן קיום. און ער וועט באַ־וואוסטזיניק אָנגעהאַלטן צווישן די וואָס פאַרקוקן מיט א כיוון יענע טעריטאָריע.

און אַזוי ווי איך זע דעם סוד פונעם אידישן קיום אין דעם קיום גופא פונעם אידישן פאָלק, אין זיין אָרגאַניזירטן געזעלשאַפטלעכן לעבן, און די אייביקע אידישע אידייען זע איך אין דעם דראַנג פונעם אי־דישן פאָלק לעבן צו בלייבן, דורך איינלעבן זיך אין די נייע אומ־שטענדן און באַדינגונגען, וואָס שאַפן זיך אַרום אים און וועלכע ער העלפט שאַפן, אָדער אין די אומשטענדן און באַדינגונגען, אין וועלכע ער פאַלט אַריין און ער באַמיט זיך אין זיי זיך אויסצוגעפינען און צו זיי זיך צוצופּאַסן, זע איך דערין אויך די דערקלערונג פאַר דער שאַ־פונג פון נייע צווייגן פון דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור אין די לענדער פון אידישער איבערוואַנדערונג.

און ווידער דאָס איינענע, צוריקצואוועגס, זיינען אָט די ניי-גע־שאַפענע צווייגן פון דער אידישער ליטעראַטור, ווי פון דעם אידישן קולטור־לעבן בכלל, א באַווייז ווי פעסט עס קלאַמערן זיך די איינגע־וואַנדערטע אידן אָן דעם באָדן, וואָס זיי דערפילן אונטער זייערע פיס, ווי זיי ווערן צוזאַמענגעוואַקסן מיט דעם לאַנד און שאַפן ניי אידיש לעבן. די נייע באַדינגונגען, אין וועלכע אידן קומען אַריין, רופן אַרויס

די באַדערפעניש צו געבן אויסדרוק זייערע נייע איבערלעבונגען, זייער געראַנגל פאַר צופּאַסן זיך צו דער נייער סביבה פון נאַטור און געזעלשאַפט און איינהיטן דערביי זייער קולטור-ירושה, וועלכע איז זייער נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייט.

אַלץ ארום דעם איינגעוואַנדערטן מענטשן, אין כלל, אין דעם נייעם לאַנד, ציט אים אַריין אין דעם געווירבל פון דער נייער סטיכיע: דאָס עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און קולטור-לעבן. א גייסטיק נישט באַוואָפנטער מענטש — און אַזאַ איז מערסטנס דער מאַסן-מענטש פון אַ סך לענדער, פונוואַנען עס גייט די אויסוואַנדערונג — גיט זיך באַלד אונטער אָט דעם מאַגנעט. ער איז אין זיין היימלאַנד נישט געווען קיין קולטור-געברויכער, קיין לייענער, דאַ ווערט ער אַלס אַזעלכער געבוירן און ער ווערט דאָס אין דער שפּראַך פונעם לאַנד, וואו ער האָט באַקומען דעם ערשטן קאָנטאַקט מיט דעם בוך, מיט דער צייטונג. פאַראַן אויך צווישן איינגעוואַנדערטע אידן געגנוג אַזעלכע, נאָר דער פּראָצענט אידן קולטור-געברויכער, לייענער, טעאַטער-גייער, איז נישט אין ערך גרעסער; אידן קומען דאָך מערסטנס פון די שטעט און אויך אין די שטעטלעך פון וואַנען זיי קומען, זיינען שוין געווען היבשע שפּראָצונגען פון קולטורעלן לעבן, און זיי טראָגן איבער זייער קולטור-אומגעבונג אַהער.

אָבער, אַז איינער לעבט אָפּ עטלעכע און דרייסיק יאָר אויף דער פּאַמפּאַ, שטייט אויף אין אירע פּראָסטיקע פּאַרטאָגן צו אַקערן זיין חלק ערד, ברייט זיך אין דער שרפהדיקער זון פון אירע באַטאָגן ביים צוזאַמענגעמען זיין פּראַצע און איר גאָב, און לויפט גאַלאָפּ אין אירע אָוונטן איבער דער ווילדער מיט בערד באַוואַקסענער רחבות כאַפּן פערד מיט דער לאַסע; ווערט היימיש מיט אירע אָקסן-טרייבער און פערד-גנבים, טרינקט מיט זיי „מאַטע" און עסט מיט זיי „אַסאַדאָ" און הערט זיך איין אין זייערע נאָכלעסיק דערציילטע נאָר שטורמיש איבערגעלעבטע מעסער-העלדישקייטן, ליבעס אַוואַנטורעס און געיעג, ווערט ער אַליין, אויב נישט קיין גאַוטש, דאָך זאַרגלאָז פריי ווי ער און נאָענט צו אים.

אַז איינער לעבט אָפּ עטלעכע און דרייסיק יאָר אין בוענאָס איירעס, אין אויפגעלאָפּנקייט, אויבערפלעכלעכקייט. צווישן ביליקע פאַר־

ווײַלונגען פון אַ ווײַטער האַפן־שטאָט פאַר מענטשן אָן פאַמיליען־עול און אין אומגעלומפּערטן רייכטום פון דעם ארויפגעאַרבעטן גראָבן נפש, אין אַן אַטמאָספער וואו עס הערשן בחברותה די פּרימיטיווע רע־בעלישקייט און די צינישע פילאָזאָפיע פון דעם ספּעציעל אַרגענטינישן וואָרט: „דער קלוגער לעבט פונעם נאַר", און קיינער וויל קיין נאַר נישט זיין, ווייל נישט צוליב דעם איז ער אהער געקומען... אַז איינער לעבט אָפּ עטלעכע און דרייסיק יאָר אין אַזאַ אַטמאָספער, ווערט ער, אויב נישט אַ „קריאָזשע", דאָך זאָרגלאָז הפקרדיק ווי ער און נאָענט צו אים.

און דאָס אייגענע פאַרקערט:

אַז די פּאַמפּאַ ווערט אין פאַרלויף פון עטלעכע און דרייסיק יאָר באַפעלקערט מיט פויערים און שטאָט־מענטשן, וועלכע צעאַקערן אירע ווילד־בערדיקע שטחים, צוימען אירע ווילדע פערד און קי, שטעלן אַוועק אַנשטאָט דעם שטרויענעם „ראַנטשאָ" אַ שטיבל מיט ווייסע ווענט און עס ווערן געבויט שטעטלעך, געטראָטן נייע וועגן און געלייגט שאָ־סייען, געעפנט שולן, ביבליאָטעקן, קינאָ און טעאַטער, מוניציפּאַלע ראַטן און קאָאָפּעראַטיוון און אָרגאַניזאַציעס צו פאַרטיידיקן די מי און די נחלה פון דעם „טשאַקאַרעראָ" קעגן דעם רויב פון דעם לאַטיפונ־דיסט, תבואה־סוחר און באַן־אייגנטימער, ווערט זי, די פּאַמפּאַ, אויב נישט אַן אייראָפּעאיש קולטורעלער ישוב, דאָך ציוויליזירט, קולטורעל ווי ער און נאָענט צו אים.

אַז בוענאָס איירעס זאַפּט איין אין זיך יאָר איין יאָר אויס אַזוי פיל שטראָמען מענטשן וואָס זיינען אין אייראָפּע געווען אין זייערע בעסטע יאָרן איינגעוואַקסן אין פאַמיליען היימישקייט אונטערן ליבן עול פון זיטלעכקייט און פון געזעלשאַפטלעכער דערציאונג, צווישן גרויסע אָנגעהויפּנטע קולטור־ווערטן און הויכע אידעאַלן, ווערט בוענאָס איירעס אַן אָרט פון קולטור, פון אידעאַלן, פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און דערציאונג, פון אָרגאַניזאַציע און אָרגאַניזירטן סאָציאַלן קאַמף.

און אַז אידן לעבן שוין זייט עטלעכע און פופציק יאָר סיי אויף די פּאַמפּעס פון אַרגענטינע, סיי אין אירע גרויסע שטעט, האָבן זיי אַ סך ברוינע פּאַמפּאַ־פאַרב אויף זיך גענומען און אַ סך קריאָזשע־קולטור איבערגענומען, וואָס האָט זיך געלייגט אויף זייער פערזענלעכן

און געזעלשאַפטלעכן פּנים, פון איין זייט און פון דער אַנדערער זייט האָבן זיי פאַר דער צייט אַריינגעבראַכט אַהער מיט זיך זייערע קול־טור־דערגרייכונגען, זייער געזעלשאַפטלעכע דערציאונג, די קולטור־ווערטן און געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן פון דער אַלטער היים.

עס אויסערט זיך דאָס אַלץ, באַוואוסטזיניק אָדער נישט, אין אונד־זערע טעגלעכע אידישע צייטונגען, די מילן וואָס מאָלן און בעקרייען וואָס באַקן דאָס ראַזאָווע ברויט פון אונדזער טאָג־טעגלעכן געברויך, מיט די קלייען און מיט דעם שוואַרצן האָבער אַפילו — אונדזער גע־זעלשאַפטלעך לעבן ווי דאָס איז, נישט איבערגעזופּט, נישט געליי־טערט, און עס האָט שוין אַ טבע אָט די טאָג־טעגלעכע אויסערונג אין דער טעגלעכער פּרעסע פאַרלוירן צו גיין און צוזאַמען מיט איר אפשר די אויפטוען וואָס ווערן אין איר געאויסערט, אויפטוען און טאַטן וואָס האָבן אַ קולטור־ווערט אַן און פאַר זיך, אָדער מען דאַרף זיי מצרף זיין איינע מיט די אַנדערע כדי זיי זאָלן אַזאַ ווערט באַקומען, אָדער גאָר איבערזיפּן און אַרויסנעמען פון זיי דעם קולטורעלן תוך, און אים אָפּ־שאַצן, אַרויסשטעלן און פאַראייביקן, צוליב ווידערווירקונג.

אָט דער באַוואוסטער אָדער אומבאַוואוסטער איבערזיפּן און לייַ־טערן, אָפּשאַצן, אַרויסשטעלן און פאַראייביקן אונדזערע קולטור־אויפ־טוען צוליב ווידערווירקונג, דאָס וואָס שאַפט בכלל די דיכטער, די קריטיקער, עסעאיסטן און פּובליציסטן, מוז דאָך אוודאי זיין די אויפ־גאַבע פון דער בעלעטריסטיק אין יעדן מענטשלעכן קיבוץ, פון דעם צווייג מענטשלעכע קונסטן, וואָס האָט די אויפגאַבע צו פאַראייביקן די אידייען־וועלט פון דעם אָרט און פון דער צייט, דורך קינסטלערישער געשטאַלטונג פון דער סביבה, דורך באַווייזן דאָס אַלטע איינגעפונ־דעוועטע לעבן און דאָס נייע, וואָס רייסט זיך דערין אַריין און האַלט דאָס אין ענדערן.

אַזוי לערנען די מאָדערנע פילאָזאָפן און קריטיקער פון דער קונסט און די מאַרקסיסטישע קריטיקער גיבן נאָך צו, אַז זי מוז נאָך אַנט־האַלטן אין זיך דעם קאַמף, וואָס קומט פאָר אין דער געזעלשאַפט, מחמת ער איז דער סימן פון יעדן לעבן און די יערונג פון יעדן וואוקס, און אויב די ליטעראַטור טוט דאָס נישט און באַווייזט אונדז דאָס לעבן אין אַ סטאַדיע פון פאַרגליווערונג, איז זי אַ פאַרגוואַלדיקונג פון דער

מענטשלעכער געזעלשאַפט, וואָס איז אַ מינוט נישט רואיק און עס ברויזן אין איר די סתירהדיקע כוחות, דער געראַנגל, פון וועלכן עס שאַפן זיך נייע לעבנס-פאָרמען.

אויב אידן, מענטשן מיט באַשטימטע געוואוינהייטן און אַ באַ־שטימטן לעבנסשטייגער, געבראַכטע פון זייערע היימען, זיינען געקו־מען אַהער, דאָ זיך איינצעוואָרצלען און האָבן נאָך געבראַכט מיט זיך זייער אידייען־וועלט, וואָס איז אויסגעקנאָטן פון לאַנגע דורות דורכ־געלעבטע אונטער פאַרשידענע גייסטיקע און עקאָנאָמישע אומשטענדן, אַן אידייען־וועלט און געוואוינהייטן, וואָס האָבן דאָ אָנגעטראָפן פונקט דאָס היפּוכדיקע, האָט דאָך געמוזט פאָרקומען אַ געראַנגל צווישן זיי, אַ צוזאַמענשטויס, אָדער אַן אינערלעכער געראַנגל פאַר צופּאַסונג צו די נייע אומשטענדן. און אויב די איינגעוואַנדערטע אידן האָבן דאָ געשאַפן ליטעראַטור אָדער טאַקע אַ ליטעראַטור, וואָס מען באַטראַכט פאַר אַ צווייג — דעם אַרגענטינישן צווייג — פון דער אַלגעמיינער און פילפאַרביקער אידישער ליטעראַטור, מוז זי דען נישט זיין אַן אויסדרוק פון דעם געראַנגל? און אויב די איינגעוואַנדערטע אידן האָבן דאָ גע־שאַפן אַ געזעלשאַפטלעך לעבן, דער פּראָדוקט פון דעם געראַנגל, פאַר איינהיטונג און צופּאַסונג אין דער זעלבער צייט, מוז דען נישט די ליטעראַטור זיין אַן אויסדרוק פון אָט דער געזעלשאַפט?

ארום דער פראַגע פירט זיך ביי אונדז אַ פּאָלעמיק, וואָס חזרט זיך איבער פון צייט צו צייט: וואָס אַזוינס איז עכט אין דער אידישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע? איז עכט און קינסטלעריש די ליטעראַטור וואָס האָט פאַר די אויגן די אַרגענטינישע אידישעווירקלעכקייט, די ראַנגלענישן, וועגן וועלכע מיר האָבן אויבן גערעדט, אָדער עכט איז יענע וואָס האָט פאַר די אויגן דאָס לעבן מיט זיין אויסגעקריסטאַלי־זירטן שטייגער און אידייען פון דער אַלטער היים, וועלכע זיינען אַ פּראָדוקט פון הונדערטער יאָרן איינגעזעסנקייט אין די לענדער פון קאָמפּאַקטן אידישן ישוב אין די מזרח־אייראָפּעישע לענדער? איז עכט דאָס וואָס מיר באַמיען זיך צו קאָנסערווירן פון די אָנגעלעבטע קול־טור־ווערטן אין משך פון לאַנגע דורות אידיש לעבן אָדער עכט איז דאָס נייע לעבן, וואָס מיר פאַרווערטן אין נייע קולטור-ווערטן? מיט וואָס דינען מיר געטרייער און ווירקזאַמער דער אידישער קולטור?

דערמיט וואָס מיר היטן איין דאָס געשאַפענע אָדער דערמיט וואָס מיר סטימולירן דעם אויפקום פון נייע שעפערישע כוחות? איז אידישע קולטור א פארענדיקטער קרוג מיט אויסגעשפילטן אלטן ווייַן אָדער מיר הערן נישט אויף טרעטן דעם אידישן קולטור־קעלטער און הערן נישט אויף פורעמען נייע קרוגן פאר נייעם וויין צום שפילן?...

איך בין פון די וואָס האלטן פון דאָס צווייטע און שטעל די קינסטלערישע פאַרוואַנטוואָרטונג פון אונדזער נייַ לעבן אין לאנד אלס באַדינג פון אונדזער שעפערישן המשך. דאָס מיינט אָבער נישט, אַז איך וואַרף אָפּ ווי ווערטלאָז יעדע אידישע שאַפונג דאָ אין ארגענטינע, אָדער אין אמעריקע בכלל, וואָס האָט אלס איר קאַנווע דאָס אלטע אידישע לעבן, מיט לאַנגע דורות צוריק אָדער פון דעם ערשט פאַרגאַנגענעם. און מיין פּרעפערענץ איז נישט בלויז א געשמאַק־זאַך, א נייגונג אַזאַ ביי מיר; אין איר ליגט מיין זאָרג פאַר דעם קיום פון דער אידישער קולטור.

# זשורנאַלן און שרייבער

## דער אנהויב

רעדט מען וועגן דעם אָנהויב פון דער אַרגענטינישער אידישער ליטעראַטור, מוז מען האָבן אין זינען אַ גאַנצע ריי פאַקטאָרן, וואָס האָבן געווירקט אויף איר אויסבילדונג. איבערהויפּט מוז מען אין זינען האָבן, אַז אירע שרייבער זיינען נישט געקומען קיין אַרגענטינע מיט קיין שרייבערישער מיסיע, באַוואָפנטע מיט שרייבערישער רוטין, מיט זייער קונסט־אַפּאַראַט, אַזוי צו זאָגן, גרייט אויפצוזאַמלען דאָ דעם רווישטאָף פאַר זייער קונסט־ווערק: די געזעלשאַפט און אירע אינטע־רעסן און שטימונגען, אידייען און פאַרשוינען, און נעם און קנעט אויס אָדער האַמער אויס דערפון דאָס ווערק.

גאַנץ ווייניק זייערע, אויסער די וואָס זיינען געקומען מיט די ערשטע פּאַרטיעס צום קאָלאָניזירן, האָבן געהאַט פאַר זיך אַ ציל. אַלע זיינען זיי אָנפאַנגער און מער אָדער ווייניקער ליריקער; יונגע מענטשן, וואָס האָבן פאַרלאָזט די היים און, ווי אויפגעריסן זיי האַלטן די אויגן צו דאָס נייע, וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַר זיי, רוען זיי, די אויגן זייערע אין די שעהן פון נעמיט, ראָמאַנטיש פאַרבענקטע אויף דער פאַרלאָז־טער פּאַנאָראַמע פון זייערע שטעט און שטעטלעך און אויף דער אידי־ליע פון זייערע פאַרלאָזטע שטיבער. געקומען זיינען אין די יאָרן 1905־1906, יונגעלייט באַטייליקטע אָדער נאָנט שטייענדיקע צו דער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג און אירע פּאַרטייען און, מיט זייער גאַנצע־סימפּאַטיע צום סאָציאַליזם פון די אידישע און אַלגעמיין רוסישע אָדער פּוילישע פּאַרטייען, זיינען זיי דאָ נישט מער ווי אַנטוישטע טרוימער, באַטשע זיי זוכן אויפצושטעלן דאָ אַ סביבה, וואָס זאָל זיי פאַרבייטן דעם גן עדן, פון וועלכן זיי זיינען פאַרטריבן געוואָרן.

צוזאַמען מיט דעם איבעריקן איינגעוואַנדערטן עולם, שאַפן זיי דאָ די געצוואונגען־פרייוויליקע אימיגראַנטישע אידישע געטאָ, די מזרח-אייראָפּעאישע לאַנדסמאַנשאַפט אין אַרגענטינע, אויב איר ווילט. זיי זיינען אין איר, די ערשטע צייט, איר לירישער אויס־דרוק, די זינגער פון איר טרויער און בענקשאַפט און פון אירע לעב־צונגען נאָך דערלייזונג.

געהאַט האָבן די יונגעלייט א באַדייטנדיקע ליטעראַרישע דער־ציאונג. פון דער היים האָבן זיי געבראַכט מיט זיך א גוטע באַקאַנט־שאַפט מיט מענדעלע און שלום עליכם, מיט פּרצעס דערציילונגען, מיט דינעזאָנען און ספּעקטאָרן, מיט די העברעאישע שרייבער פון דער השכלה און פון דעם ציוניזם, מיט ביאַליקן און מיט די אידישע זינ־גער פון דער אַרבעטער־נויט. געקומען זיינען זיי מיט דער טראַדיציע פון די אידישע קלאַסיקער, וועלכע איז די טראַדיציע פון די רוסישע, פּוילישע און פראַנצויזישע „פּאָפּוליסטן". נאָכגעגאַנגען איז זיי אַהער די ליטעראַטור פון דעם צווייטן דור אידישע פּאָפּוליסטן, פון נאָמבערג, רייזען און דוד פּינסקי, די וואָס האָבן דערזען און פאַרפיקסירט דעם אויפקום פון דעם אידישן אַרבעטער־קלאַס און זיין אָנטייל אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, די וואָס זיינען אין דער אידישער ליטע-ראַטור געגאַנגען אויף דעם וועג וואָס די קלאַסיקער האָבן איר אָנגע־צייכנט.

אָנגעטראָפן האָבן זיי דאָ א פּאָר אידן שרייבער, וואָס האָבן, מיט דעם אויסנאַם פון יאַנקעוו יאָסעלעוויטש — א ציוניסט מיט גרויס פּיעטעט צו מענדעלע און שלום עליכם און האָט אין זייער סטיל גע-שריבן ציוניסטישע אַרטיקלען אין ספּעציעל אַרויסגעגעבענע פון איס פלוג-בלעטער — געשריבן אינעם סטיל פון די ערשטע אַמעריקאַנער אידישע שרייבער, מיט זייער אירגענד־יעמאַנדיקן און דייזן־דאַזנדיקן אידיש — צווישן זיי י. ש. ליאַכאָוויצקי, וואָס איז נאָך דערצו גע־ווען א שטיקל פלאַגיאַטאָר — און אָט די לעצטע האָבן געקוקט מיט ביטול אויף די נייע „ליטעראַטן". ס'איז פאַרשפּאָרט צו זאָגן, אז די ביטול-באַציאונג איז געווען א קעגנזייטיקע און אן איגנאָרירנדיקע. נאָר דער צד השוה איז געווען אַלעמענס פרעמדקייט צום אָרטיקן לעבן.

פאַר אונדז יונגע, האָבן י. ש. ליאַכאָוויצקי, משה רובין, דער ירו־

שלימער משולח הערבשטיין, דער אַלטער יעקב הורוויץ, געוועזענער רעדאַקטאָר פון ירושלימער „החבצלת", און צו זיי שוין מיכל הכהן סיני, באַלאַנגט צו דער פאַר־תקופה פון דער אידישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע און שטייען אויסער איר, ווי שמ"ר, למשל, ווען מען רעדט וועגן דער אידישער ליטעראַטור אין די גרעניצן פון צאַרישן רוסלאַנד. נאָך היינט ווערט נישט אָנערקענט דער ליטעראַרישער ווערט פון זייער שרייבן.

איצט אָנערקענען מיר טיילווייז דעם קולטור־געשיכטלעכן ווערט פון י. ש. ליאַכאָוויצקיס דערציילונג „פערד און ווייבער", וואָס שילדערט די סביבה פון בוענאָס איירעסער היפּאָדראָם, וואו עס מישט זיך די הויכע אַריסטאָקראַטיע מיט דער אונטערוועלט און וואו די אידישע פּרויען־הענדלער האָבן זיך געשאַפן קאָנטאַקט און ווירקונג; זיינע דערציילונגען וועגן אידן אונטער דער קאָלאָניאַלער הערשאַפט אויפן גרונד פון ליטעראַרישע אייד עס, ווי אויך טייל סקיצן זיינע און מ. סיניס פון אידישן לעבן אין קאָלאָניע, געשריבענע מיט די בעסטע כוונות, נאָר אָן דעם מינדסטן קינסטלערישן אָטעם.

מיר האָבן אַריינגענומען אין אונדזערע צייטונגען די האַלב מאָדערנע מאמרים, פון די לעצטע מאַהיקאַנער משכילים: פּאַביאַן ש. און ישראל ש. הלוי, משה רובין און דוד ראַשקאָוואַן די מאמרים פון די חכמי ציון, ווי מרדכי ראָזאָווסקי, וואָס האָבן זיך נישט אַ ריר געטאָן אָן אַ מאמר חז"ל אָדער אַ פּסוק פון תנ"ך, און אוודאי שוין דעם וואונדערלעכן סטיליסט פון די חסידישע לעגענדעס — בן ציון פיינגאָן.

---

באַזונדער שאַרף איז געווען דער שטריך, וואָס האָט אָפּגעטיילט די יונגע פון יענע זעליקאָוויטש-מאָסליאַנסקי־ליטעראַטן, מיט דעם אויפקום פון דער „רענעסאַנס"־ליטעראַטור, פון די „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטן", אונטער וועלכער די יונגע אָנפאַנגער זיינען אַרונטערגעפאַלן. צוזאַמען מיט דער אידישער רענעסאַנס־ליטעראַטור, האָט אַ בלינע געטאָן אַהער אַלץ דאָס דעקאַדענטישע, באַהעמישע און קראַנקע, וואָס די רוסישע ליטעראַטור האָט אַרויסגעגעבן נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע: די גאָטזוכעניש, די פּאַטאָלאָגישע ערעאָטיק און דער סאַניניזם; דאָס מיסטישע און פּעסימיסטישע פון דער מערב־

דיקער ליטעראַטור; אין דער מאָדע איז געוואָרן ניטשע און די נאָר־וועגער; דעם ערשטן האָט געכאַפּט איבערזעצן אַ אידישער זשורנאַל, „לעבן און פרייהייט", וואָס האָט דאָ אָנגעהויבן דערשיינען אונטער דער רעדאַקציע פון אַ יונגן פּועלי ציוניסט, יצחק עדעלשטיין, וואָס איז אַריבער צו די אַנאַרכיסטן, און מיט די צווייטע האָט אונדז דאָ גע־נומען באַקענען דער לאָנדאָנער אַנאַרכיסטישער זשורנאַל „זשערמי־נאַל", רעדאַקטירט פון רודאָלף ראָקער, וואָס די אידישע אַנאַרכיסטן האָבן דאָ פאַרשפּרייט.

אין דער היים פון דער אידישער ליטעראַטור, אין וואַרשע און ווילנע, איז די אידישע ליטעראַטור־קריטיק פאַרכאַפּט געוואָרן פונעם עסטעטיזם; דאָס אָרט פון בעל מחשבות, דעם נאַציאָנאַלן אויסטיי־טשער פון די אידישע קלאַסיקער און זייערע תלמידים אין דער שיין פון היפּאָליט טענס פילאָזאָפיע פון דער קונסט, האָט פאַרנומען ש. ני־גער, וואָס האָט אין דעם עס־עסישן וואָכנבלאַט „דער וועג", אין דער שיין פון באַבעפּס און אָסקאַר ווײַלדס עסטעטיזם, געפונען ביי רייזע־נען בלויז „קנייטשן" און גרויקייט און האָט דערפאַר דערהויבן די ניר־וואַנאַ־העלדן פון ה. ד. נאָמבערג און ז. אָנכים מענטשן, וואָס הענגען צווישן הימל און ערד. דעם קערנדיק סאָציאַלן רעאַליזם אין דער קלאַ־סישער אידישער ליטעראַטור האָט ער פאַרמיאוסט אַלס „השכלה" און האָט, פאַרקערט, זיך באַגייסטערט מיט דעם אידעאַליזם פון שלום אשס אידיליעס. אידישע סאָציאַליסטישע פירער, די קעפּ פון די אידישע פּראָלעטאַרישע פאַרטייען, נעגירער פונעם אידישן שטעטל, זיינען, אויף ש. ניגערס בייספּיל, אַריין אינעם פאַרדבקהטן טאַנץ אַרום דער אידיליע פון שלמה נגיד און ווי פרומע אידן בעת קדוש לבנה געהאָפּ־קעט אַקעגן די חסידישע, נגידישע וואָלקנדלעך, וואָס האָבן זיך געצויגן איבער זיין שטוב פון כל טוב.

ווי יענער ליטוואַק דער מתנגד ביי פּרצן, וואָס האָט זיך פאַרקליבן אונטערן רבינס בעט זען וואָס ער טוט ביינאַכט, זיינען אויך מיר אי־בערנאַכט געוואָרן פאַרברענטע חסידים און פּרץ, דער מחבר פון יוחנן דעם מלמדס מעשהלעך און ריטער פון דער פאַרשקלאַפטער אידישער פרוי און אידישן אַרבעטער, דער אויסלאַכער פונעם בית דין של מעלה, וואָס איז זיך מהנה מיט בונציע שווייג, איז אַליין אַריין אין דער ראָל

פון זיין „ביאלער רבין״ און האָט אונדז אוועקגעפירט, מיט אונדזערע צעריסענע קאפאָטעס, מיט אונדזערע שווארצע טיכלעך אויפן האלדז ווי ארבעטער, כמנהג המדינה, אין פייערדיקן טאנץ אויף די גרינע לאָנקעס ארום דער הייליקער שכינה און... ארום דעם בית דין של מעלה וואָס באלוינט זיי פאר זייער רעזיגנאציע...

מיר — דאָך נישט אלע — מוז מען דאָ צוגעבן. פארכאפט געוואָרן זיינען פון אָט דעם „רענעסאנס״, פון דעם ליטערארישן „שטורעם און דראנג״ צווישן אונדזער יונגער, פריש אריבערגעקומענער אידישער ארבעטערשאפט, מערסטנס די מיטגלידער פון די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פארטייען און די אנארכיסטן, וואָס זיינען דורכגעגאנגען די לאָנדאָנער שולע און זיך געבויגן פאר דער אויטאָריטעט פון רודאָלף ראָקער, א פארערער פון די סקאנדינאווישע מיסטיקער־רעבעלן, וועלכע ער האָט אָפגעגעבן די גרעסטע אויפמערקזאמקייט אין זיין זשורנאל „זשערמינאל״. צו די מיטגלידער פון „בונד״, איז די עוואָלוציע פון זייערע חברים א. ווייטער און דוד איינהאָרן נישט דערגאנגען. זיי זיי־נען שטיין געבליבן ביי מאָרים ווינטשעווסקים „מעשוגענעם פילאָזאָף״, זיי האָבן געהאלטן דאָס בוך, לויט מיינעם א דעמאָלסטיקן אויסדרוק, ווי א פרומער באלמעלאָכע א מחזור אויף ימים נוראים...

אין יענער צייט איז אויך אויפגעקומען די ציוניסטישע „אידי־שע האָפענונג״, וואו הויפט־מיטארבעטער איז געווען יעקב יאָסעלע־וויטש, וועלכער האָט דאָרט געדרוקט מיט זיין פערלדיקן מענדעלע־אידיש, סאטירישע שילדערונגען פון דער דעמאָלסטיקער בוענאָס-איירעסער „געזעלשאפט״, און בכלל האָט אין איר געהערשט די ליבע צו אידיש און אידישער ליטעראטור, וואָס האָט אזוי אויסגעצייכנט דעם „יוד״ אין ווארשע, אונטער דער רעדאקציע פון דר. יוסף לוריע. אין דער „אידישער האָפענונג״ האָט מען געדרוקט אָדער איבערגעדרוקט שלום עליכמען, בעל מחשבותן, משה סמיליאנסקי, חיים ווארטמאן און איבערזעצונגען פון „ראזסוויעט״ אין א פליסיקן אידיש, פון דוד ראָזענבלום. דאָרט האָט אויך געדרוקט א פאָר ארטיקלען דער גרינדער פון פועלי ציוניזם אין ארגענטינע — זלמן סאָרקין, און באוויזן האָט זיך דאָרט מיט א דערציילונג דער קאָלאָניסט ברוך בענדערסקי, וועלכער האָט א בלענד געטאָן מיט שלום עליכמדיקער זוניקייט און מענדעלע־ליבשאפט צו די

חיות און עופות פון זיין קאָלאָניסטישן הויף, צו דער מערעשקע, וואָס גייט אונטער דער משא פונעם גרינעם כלעטעלע, וואָס זי שלעפּט צו זיך אין מוראשניק אריין.

מען מוז מודה זיין, מיר האָבן דעמאָלט נישט געוואוסט ווי אָפּ־צושאצן אָט דעם קוואל זוניקן הומאָר, וואָס האָט אויף אונדז א פּלייץ געטאָן פון דער ענטרע-ריאָסער אידישער קאָלאָניע. ערשט שפּעטער, ווען ברוך בענדערסקי האָט אָנגעהויבן דרוקן זיינע דערציילונגען פון אידישן דאָרף אין די טעגלעכע אידישע צייטונגען, פלעגן מיר צופאלן צו זיי ווי א שטאָטישער מענטש אויף דאטשע צו א זון־באָד.

געוואוסט האָבן מיר דעמאָלט אז פאראן זיינען אידישע שרייבער אויך אין דער קאָלאָניע מאוריציאָ, וואָס לעבן אידישן שטעטל קאר־לאָס קאסארעס: די קאָלאָניסטן מרדכי אלפּערסאָן און אברהמל ראָזענ־פעלד; גראָד ציוניסטן, נאָר געהאלטן האָבן זיי זיך ווייט פו יעקב יאָסעלעוויטשעס „אידישער האָפענונג". געקלעפּט האָבן זיי צו ווער־מאָנטס „פאָלקס שטימע" און צו ש. י. ליאכאָוויצקיס אלערליי אויס־גאבעס. ווי א שנאה וואָלט געליגן צווישן זיי און יאָסעלעוויטשן; א שנאה, וואָס האָט זיך גענומען פון יאָסעלעוויטשעס נישט דולדן זייער שאַרף ארויסטרעטן קעגן דער איקא. געצויגן האָט זיך די שנאה זינט דעם „פאָנאגראף", וועלכער איז געווען, ווי איך האָב דאָס אָנגעוויזן אין מיין בוך „צו דער געשיכטע פון דער אידישער זשורנאליסטיק אין ארגענטינע", א רעאקציע פון דער שטילער באלעבאטישער געזעל־שאפטלעכקייט און שטילן ציוניזם קעגן דעם טומלדיקן קהלניש און טומלדיקן ציוניזם פון ווערמאָנט און ליאכאָוויצקי.

פאר אונדז, יונגע, איז זייער שרייבן פארביי אומבאמערקט, מחמת אונדזער ביטול־באציאונג צו די אויסגאבעס, וואו זיי האָבן זיך געדרוקט. ערשט אין 1912, מיט דעם דערשיינען פון „דעם פאר־טיידיקער", האָבן זיי זיך פאר אונדז אנטפּלעקט. מ. אלפּערסאָן מיט זיינע קרעפטיקע און שמעקנדיקע פעלד־בילדער, פארוואקסענע מיט משכיליש-שפּראכלעכן ווילד־גראָז, און אברהמל ראָזענפעלד, א שלום עליכמדיק באריידעוודיקער און שטעטלדיקער. דאָס האָט ער, דאכט זיך, טאָקע דער ערשטער אָנגערופן דאָס שטעטל קארלאָס קאסארעס

מיט דעם שלום עליכמדיקן נאָמען קאסרילעווקע, וואָס איז שפּעטער, ביי קלמן פארבער, פארוואנדלט געוואָרן אין ניי־קאסרילעווקע.

ווענן מרדכי אלפּערסאָן דארף נאָך געזאָגט ווערן, אז זיין פולער שרייבערישער באטייט, אלס קינסטלערישער אויספורעמער פון דעם קאָלאָניזאטאָרישן בראשית אין ארגענטינע, האָט זיך אנטפּלעקט אדאנק דער בערלינער אויפלאגע פון זיין בוך „30 יאָר אידישע קאָלאָניזאציע אין ארגענטינע" אונטער דער רעדאקציע פון ה. ד. נאָמבערג אין 1924. דאָס זעלבע בוך אונטערן נאָמען „חורבן מאוריציא", געדרוקט אין בוענאָס איירעס, מיט א פּאָר יאָר פריער, אונטער דער רעדאקציע און מיט א הקדמה פון ש. י. ליאכאָוויצקי, האָט אויף זיך געהאט דעם שאָטן פון דעם רעדאקטאָר, וואָס האָט צו דעם מחברס משכילישן ווילדגראָז, צוגעגעבן זיין גרילצנדיקע און אונטער די ציין קריצנדיקע נישט פארדייטע געצל זעליקאָוויטש־שפּראך. די שפּע־טערדיקע געדרוקטע זאכן פון מרדכי אלפּערסאָן, זיינע ראָמאנען פון אידישן לעבן אין דער קאָלאָניע, ווי זיינע דראמען, סיי אויף קאָלאָ־ניסטישע טעמעס און סיי היסטאָרישע, ליידן פון זיין משכילישער שפּראך און משכילישער קאָנצעפּציע, אָבער מיט זיין קרעפטיקייט פון שילדערונג, פארנעמט ער נאָך היינט, אין טיפן עלטער, אן אָנגעזעען אָרט אין דער ארגענטינער אידישער ליטעראטור.

צוריקגייענדיק צו די יונגע יאָרן פון דער אידישער ליטעראטור אין ארגענטינע, מיט אירע ריכטונגען, ארום וועלכע עס האָבן זיך גרופּירט, פון איין זייט די ציוניסטישע סאָציאליסטן און פון דער צווייטער זייט די בונדיסטן, מוז מען אָנמערקן, אז די זעלבע חברים שריי־בער פועלי ציון און עס־עס, האָבן גאָר גיך געמוזט צוימען זייער מאָ־דערניסטישן פּעגאַז. געווען איז עס מיט דער גרינדונג פון דעם זשור־נאל „ברויט און ערע", אין 1909.

די זשורנאלן, אין וועלכע די צוויי ליטעראַרישע ריכטונגען, די טראַדיציאָנעל קלאסישע און די מאָדערניסטישע, זיינען געקומען צום אויסדרוק, זיינען ביז דעמאָלט געווען: דער אָרגאַן פון די בונדיסטן „אוואנגארד", און די וואָס די אנארכיסטן האָבן ארויסגעגעבן — „לע־בן און פרייהייט" און „ארבעטער־לעבן". אינעם ערשטן האָבן מיטגעאַר־בעט פּ. וואלד, י. קאפּלאנסקי, מ. ראָזען, ארטור עפּשטיין, (גרינגלאָז),

אחוץ פון דרויסן מ. אָלגין און פּראָפ. ל. הערש. אין די צווייטע האָבן מיטגעארבעט זייערע רעדאקטאָרן — פון „לעבן און פרייהייט" דער נאָך יונגער יצחק עדלשטיין, א פּועלי ציוניסט, וואָס האָט זיך שנעל אָנגעשמעקט מיט אַנארכיזם, און אין דאָס „ארבעטער־לעבן" — שאַ־פּירא, א לאָנדאָנער אנארכיסט, וואָס איז אהער געקומען מיט זיין פרוי, די אקטריצע קאָרנפעלד, און צו זיי: ישראל העלפמען, נוח וויטאל און דער שרייבער פון די שורות. כאראקטעריסטיש איז, אז אין „אוואַנ־גארד" פלעגט דרוקן זיינע לידער, אָנגעהויבטע פון דוד עדעלשטאט און מאָרים ראָזענפעלד, דער פּועלי ציוניסט מיכל פרומקין, מחמת אין „לעבן און פרייהייט", וואו עס איז געגאנגען אין פאָרזעצונגען ניטשעס „זאראטוסטרא" און מען האָט נאָכגעזונגען מנחמס „שווארצע רויזן", און נאָכגעשריבן נאָמבערגס „פליגלמאן" און פרץ הירשביינס „וואַנ־דער־טרוימען", האָט מען דעם אָפּגעשטאנענעם מיכל פרומקין נישט צו־געלאָזן.

# „ברויט און ערד"

איך מוז דאָ באמערקן, אז אומעטום וואו איך רייד פון ליטע־ראַרישע ריכטונגען און זייערע אָנהענגער, האָב איך אין זינען נישט בלויז די עטלעכע שרייבער, נאָר אויך זייערע לייענער, די גאנצע סבי־בה, וואָס האָט די זשורנאלן געגעבן לעבן און אונדז שרייבער דעם סטימול, ריכטיקער די אַטמאָספער פון באגייסטערונג, אין וועלכער אונדזערע שרייבערישע אמביציעס האָבן באקומען פליגל. און אויב מיר האָבן, ווי איך האָב פריער געזאָגט, מיט דער גרינדונג פון „ברויט און ערד" געצווימט דעם מאָדערניסטישן פעגאַז, איז עס אויך גע־ווען דערפאר, וואָס מיר זיינען דערמיט אריין אין אן אנדער אטמאָס־פער, וואָס האָט גאָרנישט געשטימט מיט דער צעפליגלטער מאָדערניס־טישער מוזע פון די „ליטעראַרישע מאָנאטשריפטן".

„ברויט און ערד" איז געגרינדעט געוואָרן, ווי באקאנט, פון לעאָן

כאזאנאָוויטש, וועלכער איז אהער געקומען צוליב א ריי רעפעראטן, וואָס האָבן געדארפט פארשטארקן די פועלי ציון־באוועגונג אין ארגענ־טינע. נאָר כאזאנאָוויטש, דעמאָלט אָנגעשטעקט פון עדוארד בער־נשטיינס רעוויזיאָניזם פון פערנעסטהאָפערס קאָאָפעראטיוויזם און איבערהויפּט א פּראקטיקער מער ווי א טעאָרעטיקער, האָט זיינע רע־פעראטן געלייענט איבער אזעלכע טעמעס ווי „די טענדענצן פון שטאָט צוריק אין דאָרף", וואָס האָט געדארפט בארעכטיקן די אידישע קאָלאָ־ניזאציע אין פּאלעסטינע און ארגענטינע; איבער מאקס נאָרדויס „אנטארטונג" און בכלל אזעלכעס וואָס האָט גאָר ווייניק געהאט צו טאָן מיט דער באָראָכאָוויסטישער טעאָריע און מיט דעם פּאלעסטי־ניזם, וואָס האָט ביי טייל חברים גופא אונטערגעהונקען. פּארקערט, איז ער, אויף זיין רייזע איבער די אידישע קאָלאָניעס, אליין פאר־כאפּט געוואָרן מיט דעם קאמף פון די באראָן הירש־קאָלאָניסטן קעגן דער איקא, פאר זעלבסט-פּארוואלטונג און רעכטלעכע קאָנטראקטן אויף זייערע נחלות.

אין דער צייט וואָס ער איז דאָ געווען, האָט ער געזוכט צו שאפן א„געאייניקטן פראָנט", ווי מען וואָלט דאָס היינט אָנגערופן, פון די שטאָטישע אידישע ארבעטער־גרופּעס צווישן זיך און פון זיי מיט די אידישע קאָלאָניסטן. אין דער ריכטונג פון געמיינזאמער קולטור־אר־בעט אין שטאָט, האָט דעמאָלט אקטואירט דער פאריין „יוגנט", וואָס האָט אלס איר הויפּט-אויפגאבע געהאט אָפּצורייניקן דאָס אידישע טע־אטער פון אונטער דער ווירקונג פון די אידן פרויענהענדלער און גרו־פּירט האָבן זיך ארום דעם פאריין די פּועלי ציון, עס־עס, אנארכיסטן און סינדיקאליסטן — אויסער די בונדיסטן, וועלכע האָבן אויסגעפּור־נעט, אז אזא אויפגאבע איז אויסער די צילן פון דער ארבעטערשאפט, ווייל דאָס האָט נישט צו טאָן מיט קלאסנקאמף... אין דער ריכטונג פון געמיינזאמער ארבעט, האָט כאזאנאָוויטש אויך ארויפגעבראכט די אי-ניציאטיוו פון א אידישן ארבעטער־פארבאנד פון קעגנזייטיקער הילף. „ברויט און ערע" האָט געזאָלט זיין דער אָרגאן פון א ברייטער אר־בעט אויף די אלע געביטן.

כאזאנאָוויטשן איז נישט באשערט געווען צו רעדאקטירן אָט דעם אָרגאן, ער איז ארויסגעשיקט געוואָרן פון לאנד אלס ערשטער קרבן פון

דעם „רעזידענץ-געזעץ", מיט וועלכן די ארגענטינישע רעאקציע האָט געפייערט דעם יאָרהונדערט פון דער ארגענטינער רעוואָלוציע קעגן דער שפאנישער מאָנארכיע און רעאקציע. געבליבן איז די רעדאקציע אויף די הענט פון די שרייבער פועלי ציון. איז ווי קען מען, ביי אזא אחריות און ביי אזא ברייטן געזעלשאפטלעכן פארנעם, וואָס פאלט אויף די פלייצעס פון דער קליינער גרופע, גאָר פארנעמען זיך מיט אידיליעס און טרוימען, מיט עראָטישן עקסטאז און נירוואנא־שטימונגען!...

אין „ברויט און ערע" האָט מען שוין איבערהויפט קיין פּאָעזיע נישט געדרוקט, דעם חבר מיכל פרומקין, דעמאָלט שוין א פועלי ציו-ניסט, האָט מען גערן געלאָזט דרוקן זיינע סענטימענטאלע לידער אין „אוואנגארד" און די רעדאקציע פון „ברויט און ערע" האָט זיך אוועק־געלאָזט אויפזוכן די שרייבער קאָלאָניסטן. געווען איז עס א שווערע אויפגאבע. אין דער געדריקטער אַטמאָספער פון דער אַלגעמיינער רע־אקציע, אונטער דעם פרישן איינדרוק פון לעאָן כאזאנאָוויטשעס דע־פּאָרטאציע, וועלכן מען האָט ארעסטירט אין אידישן שטעטל קאסא־רעס לעבן דער קאָלאָניע מאוריציאָ, און דעמאָלט ווען אין בוענאָס איירעס דערשיינט א קאָלאָניסטישער אָרגאַן, „דער אידישער קאָלאָ־ניסט", רעדאקטירט פון ישראל פינגערמאַן, וואָס פארטיידיקט די איקא־אדמיניסטראציע און דאנקט גאָט וואָס מען האָט געפּטרט דעם אנארכיסטישן אגיטאטאָר, איז פאר אידישע קאָלאָניסטן שרייבן אין אַן אָרגאַן, געגרינדעט פון לעאָן כאזאנאָוויטש, געווען אַן איינשטע־לעניש.

דאָך האָבן זיך אָפּגערופן שמעון פוסטילניק פון באסאווילבאסאָ (ליוסענוויל), צבי שניידער פון ריווערא און חיים שמואל שניידער (א ברודער פון צבי שניידער) פון מאָזעסוויל. געשריבן האָבן די ערשטע צוויי איינגעהאלטן, קאָרעספּאָנדענץ־מעסיק און דער לעצטער, א לע־רער און מחבר פון צוויי העברעאישע טעקסט־ביכער: „חוקות הטבע", איבער אסטראָנאָמיע, און „עבודת האדמה" איבער אגראַר־טעכניק, האָט אָפּגעדרוקט אונטערן פסעוודאָנים חשמ׳ל, א סאטירישע פּאָעמע „דער פויער", וואו מיט א קליין ביסעלע מי, האָט מען געקענט זען א געטריי בילד פון דער אידישער קאָלאָניסטישער דאָליע.

נוח וויטאל, וועלכער איז אוועק אין א קאָלאָניע אויף פעלד־אר־

בעט, האט צוגעשיקט זיין ערשטע רעאליסטישע דערציילונג פון אידישן לעבן אויפן סטעפ: „כיענקע". א מיידל, וואס פארליבט זיך אין א גאוטש, ווייל ארום דער סטעפ איז פוסט און זינגט איר אין די אויערן דאס גאוטש־ליד און דעם געלאף פון זיין פערד, וואס בענקט נאך אים, איבער וועלכן זי יאגט זיך ווי ער...

ישראל העלפמאן, וועלכער האט שוין דעמאלט געהאט אנגעהויבן שרייבן זיינע קלוג־ראמאנטישע נאוועלן א לא נאמבערג — דער מענטש מיט דעם צעצונדענעם הארצן און פארנאכטיק־דערפארענעם בליק, ווי איך האב אים אמאל כאראקטעריזירט, — דער שפעטערדיקער מחבר פון זיין אויטאביאגראפישער נאוועלע „בונין" (געדרוקט אין זאמל־בוך „אויף די ברעגן פון פלאטא", 1922), פון „א מעשה מיט טויבן", געדרוקט אין „שטראלן" (1913), „אין קאפע דער דרום־ווינט" (דרום־אמעריקע" 1925) און אנדערע, האט אין „ברויט און ערע" אפגעדרוקט א קורצע דערציילונג אונטערן נאמען „ברוך זלאטעק", וואס איז גע־ווען א ביטערער חוזק איבער די „קוענטעניקעס", איבער די אידישע יונגעלייט, וואס קלאפן אן אין די טירן מיט זייער סחורה און פאר־קויפן אויף אויסצאלן. דער דאזיקער חוזק איז געווען די באציאונג פון אלע אידישע ארבעטער און אינטעליגענץ צו אט דער „מחיה בזויה" און פון די אינטעליגענטע קלאפער צו זייער אייגענער פרנסה.

איך האב מיך דעמאלט אפגעגעבן אינגאנצן דער פובליציסטיק, האב געזוכט דעם וועג פון די איינגעוואנדערטע ארבעטער, דערצויגע־נע אויף רעוואלוציאנערן קאמף, אין דער ארגענטינישער פראפעסיא־נעלער באוועגונג, וואס איז געווען אנארכא־סינדיקאליסטיש; בפרט, פון די אידישע ארבעטער, וואס זייערע אידעאלן זיינען פארבונדן מיט דער אלוועלטלעכער סאציאליסטישער באוועגונג. איך האב געשריבן וועגן פילאנטראפיע און קעגנזייטיקער הילף, גרייטנדיק דעם באדן צו דער גרינדונג פונעם אידישן ארבעטער־פארבאנד פאר קעגנזייטיקער הילף. וואס שייך בעלעטריסטיק, האב איך דארט געדרוקט א דערינע־רונג פון א מאי־דעמאנסטראציע 1902 אין אדעס, נישט לשם קונסט, נאר אין שייכות מיט דעם 1טן מאי 1910. איך האב אויך געשריבן א פאר רעצענזיעס איבער טעאטער.

די הויפט־רעדאקציע איז געלעגן אין די הענט פון זלמן סארקין

(זיין אמתער נאָמען איז ראָכלין), וואָס האָט אויף קונסט קיין פּרע־טענזיעס נישט געהאַט. זיין „פערדל״ איז געווען פּאַרטיי־פּאָלעמיק, מיט די אַרטיקע איסקראַווצעס און עס־ערן, בונדיסטן און עס־עס אָדער מיט די אמעריקאַנער פּועלי ציון, די עקלעקטיקער, וואָס האָבן נישט פאַרדייעט דעם מאַניסטישן באָראָכאָוויסטיש־מאַרקסיסטישן פּועלי־ציוניזם.

# אין א צווישנצייט

מיט דעם אוטערגאַנג פון „ברויט און ערע״, אויף דעם 6טן נומער — ווייל אין דער אַטמאָספער פון רעאַקציע, ערב דעם 25טן מאַי 1910, ווען מחנות פּאַטריאָטישע יוגנט האָבן אונטערגעצונדן דעם סאָציאַליסטישן טעגלעכן אָרגאַן „לאַ וואַנגוואַרדיאַ״ און די אַנאַר־כיסטישע „לאַ פּראָטעסטאַ״, פּאָגראָמירט ביבליאָטעקן, דערין די אידישע „ביבליאָטעקאַ רוסאַ״ און די ביבליאָטעק פון די פּועלי ציון, און מיטן ווינט אוועקגעלאָזט ביכער־קיאָסקן, וואו עס זיינען אויסגעשטעלט געווען די ווערק פון זאָלאַ און גאָרקי, — האָבן די דרור־קערייען זיך אָפּגעזאָגט ווייטער צו דרוקן דעם זשורנאַל און דאָס אידי־שע ליטעראַרישע וואָרט איז איבערהויפּט שטיל געוואָרן אין בוענאָס איירעס אויף אַ פּאָר יאָר. די קולטור ארבעט טראָגט זיך אריבער אין די פּראָווינצן. עס גרינדעט זיך דעמאָלט די אידישע ארבעטער־ביב־ליאָטעק אין ראָזאַריאָ און דאָרט אויך הויבט אָן דערשיינען אַ אידיש בלעטל מיט דער הילף פון דעמאָקראַטיש־ציוניסטישע עסקנים. עס גרינדן זיך דראַמאַטישע קרייזן אין די קאָלאָניעס.

צוויי יאָר זיינען עס געווען קולטורעל און ליטעראַריש פּוסטע אין בוענאָס איירעס, ביז 1912. אין די פּוסטע יאָרן, בין איך געווען אין ראָזאַריאָ, אין מאַר דעל פּלאַטאַ און גוואַלעגוויי (ענטרע-ריאָס), געפּאָ־רן מיט דעם פּאַראַנאַ, וואו איך האָב געהאַט קאָנטאַקט נישט מיט אידן, נאָר מיט קרעאָלן, געטרונקען מאַטע אין די נעפּלדיקע פּאַרטאָגן ארום

א פּייערל און אויסגעהערט מעשיות פון אַקסן־טרייבער וועגן ליבעס און שדים, וועגן מעסער־העלדישקייטן און פערד־גנבות. איך האָב דעמאָלט אליין גאָרנישט געשריבן, און פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיט דער שרייבערישער בוענאָס אײַרעס, ביז איך בין צוריקגעקומען אינ־מיטן 1912 און האָב דאָ געטראָפן דעם דיכטער ב. לאַפּין.

---

מיט מיין צוריקומען, איז געבוירן געוואָרן א געדאנק ביי א גרו־פּע שרייבער, וואָס האָט זיך געקליבן ארום לאַפּינען, איבערהויפּט מ. ראָזען, וועלכער האָט צווישן די „אוואַנגאַרד"-שרייבער געשריבן דעם בעסטן אידיש, דאָ ארויסצוגעבן א צייטונג מיט דעם דרוקער ה. דוכאַן אלס ארויסגעבער. די צייטונג האָט שוין געהאט א נאָמען: „דער פריי־מאָרגן"; מען האָט שוין געשריבן פּראָגראַמען, קאָנספּעקטן און אפילו אן אָנוואורף פון א קאָנטראַקט מיט דעם ארויסגעבער; נאָר איך גע־דענק שוין נישט צוליב וועמעס שולד, איז דער קאָנטראַקט נישט גע־שריבן געוואָרן און איך בין דעמאָלט ווידער אָפּגעפאָרן אויף דער פּראָ־ווינץ, דאָס מאָל אלס איקא־לערער.

פון ב. לאַפּינס אָנוועזנהייט אין בוענאָס אײַרעס, בין איך ארויס מיט א געווינס. מיין באַקאַנטשאַפט מיט אים, האָט מיר אנטפּלעקט נישט נאָר זיין אייגענע דיכטערישע עמפּינדלעכקייט און אינטימיטעט, נאָר אויך פון זיינע אינטימע חברים, דער פאַרשטאָרבענער משה וואר־שע און אנדערע. מיין באַקאַנטשאַפט מיט ב. לאַפּין האָט מיך אויך א שטויס געטאָן אויף א נייעם געביט פון ליטעראַרישער טעטיקייט, אויף איבערזעצונגען. איך האָב פון אים געלערנט ווי אזוי מען קען ווערן א שותף דורך געלונגענע איבערזעצונגען צו גרויסע קינסטלערישע שאַ־פונגען, אליין טרינקען דערביי דעם דיכטערישן וויין ביזן דעק און מהנה זיין מיט אים אויך אנדערע.

איך האָב געפּרואווט צוערשט, ווי ער, איבערזעצן פון רוסישע דיכטער, און האָב מיך באַלד באַטראַכט, אז אויב שוין איבערזעצן, איז פאַרוואָס נישט אנטפּלעקן פאַר די אידישע לייענער די שיינקייטן פון די שפּאַנישע דיכטער. מיר איז צו דער האַנט געקומען גוסטאַוואָ בע־קער, דער שפּאַנישער היינע, און אים האָב איך גענומען איבערקנעטן אין אידיש. נאָך פאַר דעם האָב איך געהאט געמאַכט א פּרואוו מיט א

ציקל לידער פון עספּראַנסעדאַ און מיט דער פאַרבנרייכער עוואָקאַציע פון דער אַצטעקן-מלוכה געשריבן פון דעם מעקסיקאַנער העריבערטאָ פריאַס, וואָס אַ פּאָר קאַפּיטלען זיינע האָב איך געשיקט צום „אידישן קעמפּער" אין ניו-יאָרק.

ב. לאַפּין האָט מיר געראָטן איבערזעצן בלאַסקאָ איבאַניעזעס „בלוט און זאַמד" אָדער „בלוט און אַרענע", ווי דאָס דאַרף הייסן אין אידיש, נאָר בלאַסקאָ איבאַניעז איז שוין דעמאָלט געווען, ווי איך האָב פאַרשטאַנען, אין אַרענדע ביי ישראל העלפּמאַן, וועלכער האָט געהאַלטן אין איבערזעצן זיין „לונאַ בען אַמאַר", און דערצו האָט מיך מיט אַ גוואַלדיקן כוח פאַרכאַפּט דער אימפּרעסיאָניזם פון דעל וואַליע אינקלאַן. עס האָט מיך פאַרפאַלגט דער ריח השדה פון זיינע זאַפטיק־גרינע לאַנקעס, די שחרית-שיין אויף די וועגן פון זיין גאַליסיאַ און דער אין־סופיקער עמיץ וואָס איז פול אומעטום און טראָגט אום סודות דורך מיר און טויער און עס זיינען פאַר אים קיין באַהעלטעניש נישטאָ נישט אין מענטשלעכע וואַוינונגען און נישט אין מענטשלעכע הער־צער.

איך האָב ביי מיר אין האַרצן, אַז קיינער זאָל נישט הערן, זיין לויטערן אימפּרעסיאָניזם געשטעלט העכער פון קנוט האַמסונס נעפּל־דיקייט און אויך פון בערגעלסאָנס קלוגער אַלכסונדיקייט. איז פאַרוואָס זשע זאָלן אידישע לייענער נישט געניסן פון אַזאַ שיינקייט, האָב איך מיר געטראַכט און האָב איבערגעזעצט און געדרוקט איין דערציילונג זיינע נאָך דער צווייטער וואו נאָר ס'האָט זיך געמאַכט.

ישראל העלפּמאַן האָט אין דער צייט זיך אַריינגעטאָן אין אַ צווייטער וועלט, אויך אין אַ שפּאַנישער, אין דער ליטעראַרישער וועלט פון פראַי לואיז דע לעאָן און קאַלדעראָן דע לאַ באַרקאַ און געאָטעמט די לופט פון די שפּאַנישע טיפע ליידנשאַפטן, פון טיפער אונטערטע־ניקייט, טיפער רעבעלישקייט און טיפער ליבע ביז טראַגיזם. איך פלעג אַמאָל אַ קוק טאָן אין דער צייט אויף העלפּמאַנען, אויף זיין לאַנגן פּנים מיט די איינגעפאַלענע באַקן און שפּיציקע וואָנצעס, וואָס האָבן אַרויסגעשטאַרצט פוןביידע זייטן; איך פלעג אַ קוק טאָן אויף זיין פאַרחלומטן בליק און טרויעריקן שמייכל און אַ זאָג טאָן צו זיך: אים

פעלט דאָך נאָך אַ בלעך אין דער האַנט פאַר אַ פּאַנצער, אַ שפּיציקן שטעקן פאַר אַ שפּיז און אַ קליאַטשע אונטער אים...

נח וויטאַל איז דעמאָלט טאַקע אַוועק פון זיינע רעאַליסטישע סקיצן און דערציילונגען פון ווערקשטאַט און פון פעלד און האָט זיך איינגעפּלאָנטערט אין די פּסיכאָלאָגישע לאַבירינטן, פון וועלכע עס איז אַרויסגעקומען זיין נאָוועלע „אין צוויי צימערן" און אַנדערע דערציי־לונגען פון דעם מין. מיר דאַכט זיך, אַז דעמאָלט טאַקע האָט ער, דער ווילנער קאַצאַפּל מיט די בלאָנדע האָר און קיילעכדיקע שטאָלענע אויגן, גענומען קוקן אַזוי צוגעזשמורעט, ווי ער וואָלט דורך די שמאָלע אויגן־שפּאַלטן וועלן אויפכאַפּן עפּעס אַ געהיימעניש אָדער אויספּלאָנטערן אַ פאַרפּלאָנטערטע סיטואַציע.

# אהרן בראָדסקי

באַזונדער פון די צוויי גרופּעס, אָבער, אין ענגער חברשאַפט און אין געמיינזאַמען שרייבערישן ענטוזיאַזם, איז געשטאַנען אהרן בראָד־סקי, אַן אַלטער בחור, אַ סטעלמאַך, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ קיינמאָל נישט פאַרענדיקטער דראַמע, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט זי פּוצן און אויספאַריכטן און מיט קינדערשער פרייד זיך געבעטן ביי אונדז מען זאָל אויסהערן די נייע „שטעל", וואָס ער האָט צוגעשריבן אָדער געענדערט. דאָס איז געווען זיין דראַמע „טאַ־מאַרע", זיין אילוזיע. די געשטאַלט, וואָס האָט אים אויפגעהאַלטן אין זיין בחורשאַפט ביזן טויט. פון צייט צו צייט פלעגט ער אונדז ברענ־גען צום איבערלייענען, נישט צום דרוקן, אַ קורץ בילדל אָדער ליד אין העקזאַמעטערן, און שעמעוודיק, ווי אַ יונג מיידל, פלעגט ער זאָגן: איך האָב אָנגעשריבן אַ טשעפּוכאַ, אַ שעדעווער, און שוין מיט דער פולער איבערצייגונג, אַז ער האָט אָנגעשריבן אַ זאַך פון גרויסן קינסט־לערישן ווערט, פלעגט ער זיך נעמען זידלען ווען מען האָט אים, אפילו

גאנץ העפלעך א פרעג געטאָן: אפשר, בראָדסקי, וואָלט גלייכער געווען אָט דאָס וואָרט ענדערן... און ער האָט נישט נאָכגעגעבן און צוריק־גענומען.

אהרן בראָדסקין געפינט מען דעריבער בלויז איין מאָל געדרוקט אין איינעם פון יענע ערשטע זשורנאַלן: זיין דערציילונג „אין אָסט־ראָג", אוואַנגאַרד 1909. אין 1919 האָט ער אָפּגעדרוקט אין דעם זאַ־מלבוך „אויף די ברעגן פון פּלאַטא", ארויסגעגעבן פון די מיטארבע־טער פון דער „אידישער צייטונג", זיינע א דערציילונג אונטערן נאָמען „סאלאָניא", וועגן דער ערשטער זינדיקער ליבע פון א אידיש בחורל מיט א מאָלדאוואַנישן מיידל; די דערציילונג האָט ער אָנגעשריבן נאָך אין 1914 און האָט זי געלייענט פאר פּרץ הירשביינען, בעת דער דיכ־טער־רייזנדער איז דעמאָלט געקומען קיין ארגענטינע. פּרץ הירשביין האָט אים געגעבן זיין הסכמה און אויף דעם חשבון האָט ער דעמאָלט אָנגעשריבן צוויי לאַנגע ראָמאַנען פון אידישן לעבן אין ארגענטינע, אָן שום ליטעראַרישן ווערט, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין פאָרזעצונגען אין די „אידישע צייטונג". די זעלבע ראָמאַנען, האָט א. בראָדסקי דער־נאָך סצענירט, און איינער פון זיי „צווישן צוויי פייערן", האָט אויפגעפירט דער ארטיסט סעם גאָלדינבורג.

א פארבענקטער און אייביק קינדישער און נאַיווער, מיט זיין איי־ביקער אילוזיע פאר די אויגן, איז ער געשטאָרבן דעם 28טן אויגוסט 1925 און א קאָמיטעט האָט ארויסגעגעבן זיינס א בוך מיט דראַמאַ־טישע פּרואוון, צווישן וועלכע עס איז פאראַן דער ערשטער אקט פון זיין נישט פארענדיקטער דראַמע „טאמארע", „קינדער פון פאָלק", „פאַמיליען גליק" א"א.

# י. מאקראנסקי

באזונדער פון די צוויי גרופעס, פונקט ווי ער שטייט נאָך איצט אויסער יעדער שרייבערישער און געזעלשאפטלעכער גרופירונג, איז געשטאַנען אויך ישראל מאקראנסקי. ער איז אפילו נישט מער ווי א זשורנאליסט, וואָס שרייבט קאָרעספאָנדענצן צו די אמעריקאנער „אי־דישע גאזעטטען" און באַווייזט זיך אַמאָל מיט אן ארטיקל איבער א אידישער טעמע אין א היגן ענגלישן בלאַט, ער רירט זיך נישט צו צו דער אידישער שיינער ליטעראטור און צו קיין איינעם פון די היגע ליטעראַרישע זשורנאלן, סיידן אין דער ציוניסטישער „אידישער האָ־פענונג", עט שפעטער אויך אין דעם רעקלאמע־זשורנאל „די פען", אונ־טער א פסעוודאָנים אָדער מיט מיט די בלויזע איניציאַלן, נאָר דאָרט וואו מען רעדט וועגן ווירקונג, קען מען אים נישט פארבייגיין. ער האָט געווירקט מיט זיין בלויזער אָנוועזנהייט.

אינמיטן דעם באגייסטערטן געזינדל יוגנטלעכע פארליבטע אין דער אידישער ליטעראטור, פארליבט ווי אין א כלה, וואָס קענען זיך נישט דערוואַרטן דעם אָוונט צו זען זיך מיט די חברים און ערגעץ אין גאַס ביי א באַלויכטענעם פענצטער פון א קראָם, ווייזן זיך וואָס מען האָט אָנגעשריבן אין די שעהן פון יחידות, דרייט זיך אום א מענטש, וואָס איר ווייסט, אז ער שרייבט, אז ער לייענט און האָט איבער אלץ א מיינונג, און איר זיינט גראָד נאָנט מיט אים, ער פארברענגט זיינע טעג און נעכט אין דער זעלבער היימיש־באַהעמישער סביבה ווי מיר, צווישן די יונגע דעמאָקראטישע ציוניסטן, די „תפארת ציון" און די „פועלי ציון" — ער איז גאָר אפשר אליין א ציוניסט און א לינ־קער, פארשטייט זיך, נאָר... אינמיטן אָט דער שרייבערישער און אי־דייאישער משפחה, איז ער אן איינזאמער, א בודד... זיין פסעוודאָנים איז טאקע „בודד" און אונטער דעם פסעוודאָנים שרייבט ער אמאָל אין דער „אידישער האָפענונג" און אין די „אידישע גאזעטטען" אָדער אינעם „אמעריקאנער" און, אז איר צערעדט זיך מיט אים אמאָל, איז ער אלץ מבטל: בע, מע בע...

אז א מענטש נעמט אויף זיך צו זיין אלע זיינע יאָרן א בודד, אן

אַפּגעזונדערטער אינמיטן דער אַרומיקער סביבה אין וועלכער ער לעבט און מיט וועלכער ער אָטעמט, מסתמא האָט ער דערצו זיינע מאָטיוון; אָבער וועלכע זיינען עס? — די געזעלשאַפטלעכע, נאַטירלעך, די פּערזענלעכע גייען מיך קיינמאָל נישט אָן. — איז עס דערפאר, וואָס געקומען איז ער אהער, אין דער סביבה פון דעם ענטוזיאַסטישן געזעמל קינדער פון דער רוסישער רעוואָלוציע און פון דעם רוסישן ציוניזם, נישט דירעקט פון זיין ליטוויש שטעטל, נאָר דורך דער קאַלטער, נעפּלדיקער לאָנדאָן, וואו ער האָט זיך באַקענט מיט דעם פּראַקטישן ציוניסט ישראל זאַנגוויל און מיט דעם פּראַקטישן ענגלישן לאַבאָריזם?...

כאָטשע אַליין איז ער א באָהעם, א „סאַנקילאָט”, וואָלט איך געזאָגט, דאַכט זיך אַלץ, ווי צווישן אונדז צעבראָסטעטע, צעזונגענע רוסניאַקעס, גייט ער אום ווי א פּאַרשפּיליעטער ענגלישער זשענטלמען און בעת מיר ריידן וועגן רעוואָלוציאָנערע מאַניפעסטאַציעס, ווייסט ער, אַז איין ענגלישער קוילן־שטרייק, איז פאַר דעם סאָציאַליזם מער ווערט ווי אַלע רעוואָלוציעס פון דער וועלט צוזאַמענגענומען...

ווער צווישן אונדז רעכנט זיך דען מיט דער מיינונג פון דעם איינזאַמען און שווייגזאַמען, טרוקענעם ענגלישן ליטוואַק, וואָס איז אַלץ מבטל! נאָר זיין עקזיסטענץ גופא צווישן אונדז, האָט ווי אומדירעקט אונדז געוואָרנט, אַז פאַראַן איז אַזא זאַך, וואָס הייסט טרוקענע לאָגיק און ניכטערער איבערדענקען און אַז מען מוז שטענדיק זיך ווענדן צו זיי יעדער מאָל נאָכדעם ווי מען האָט עפּעס אָנגעשריבן און געלאָזט אָפּטריקענען די טינט דערויף און דאָס אָפּקילן.

נאָר, אַן ענגלענדער און אפילו אַן ענגלישער ליטוואַק, איז נישט מער ווי א מענטש, אפילו ווען ער ציט אויף זיך ארויף די איינזאַמקייט און דעם ערנסט פון גאָר דער וועלט און נעמט אויף זיך א נדר פון בדידות. איך האָב אים אויך געזען אין א מאָמענט פון חדווה און דווקא פון חסידישער חדווה. געווען איז עס אין א קאָלאָניע אַרום ריווערא, ווען איך בין דאָרט געווען לערער אין דער איקא־שול (1912). אין א זונטיק האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט, אידישע לערער, אין הויז פון דעם קאָלאָניסט אייזיק מאַרטשעווסקי, א פריילעכער יונג און חבר פון די פּועלי ציון, און דאָרט געמאַכט אַן אמת חסידישן שנאַפּס; ערשט עס קומט אַריין מאַקראַנסקי. ביי מאַרטשעווסקין האָט ער גע־

קענט באַקומען אמתע, נישט געפעלשטע אינפאָרמאַציע וועגן די קאַלאַ־ניסטישע באַציאונגען מיט דער איקא, וואָס דאָס איז געווען די הויפּט־טעמע פון זיינע קאָרעספּאָנדענצן. מאַקראַנסקי איז דעמאָלט אַזוי אַריין אין חסידישן ברען, אַז ער איז אַריין מיט אונדז אינעם רעדל אונטערן ניגון, וואָס האָט אונדז די פּיאַטעס געהויבן. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען אַ מענטשן אַזוי לאַכן ווי מאַקראַנסקי האָט דעמאָלט גע־לאַכט. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק ווי זיין שטענדיקע איינזאַמ־קייט וואָלט זיך דורך דעם מויל זיינעם געריסן צו אַנטלויפן ווי פון אַ צעעפנטן תפיסה־טויער.

# יוסף הלוי

אַ נייע אויפלעבונג צווישן אידישע שרייבער האָט געבראַכט דאָס דערשיינען פון „אונדזער וואָרט". די דורכגעפאַלענע איניציאַטיוו צו שאַפן אַ צייטונג מיט ב. לאַפּין אין דער שפּיץ, האָט געבראַכט נאָך אַ צווייטע איניציאַטיוו: אַ קאָמבינאַציע פון דעם בונדיסט פּ. וואַלד און דעם איסקראָוועץ ראָבערט קאַהאַן, אַרויסצוגעבן אַ וואָכנבלאַט מיט דער אויסזיכט אים צו פאַרוואַנדלען אין אַ טעגלעכער צייטונג. די פּראָג־ראַם פון דעם וואָכנבלאַט „אונדזער וואָרט" האָט געזאָלט זיין אַ גאַנץ ברייטע, אַ אומפּאַרטייאישע, און האָט גערעדט אין נאָמען פונעם פאָלק, כאָטש דער נאָמען האָט געזאָגט פּונקט דאָס פאַרקערטע: — אונ־דזער וואָרט. — וועמעס וואָרט? אַנדערע האָבן דאָס צוגעשריבן דער נישט קירעוודיקייט פונעם רעדאַקטאָר, פּ. וואַלד, וואָס האָט נישט געקענט אַרויס פון זיין פאַרמבולדי־קער בונדישקייט, און דער קנאַפּער באַקאַנטשאַפט מיט אידיש פון זיין שותף, ראָבערט קאַהאַן, וועלכער האָט אַריינגעלייגט דאָס געלט. דער עיקר, די רעדאַקציע האָט זיך געווענדט נאָך מיטאַרבעט צו אַלע אידישע שרייבער אין אַרגענטינע און האָט צוגעזאָגט צאָלן פון דער שורה. איך בין אָנגעשטעלט געוואָרן אַלס קאָרעקטער פון אָריגינאַלן

און פראבעם. ישראל העלפמאן האט באקומען אן אויפטראג איבערצו־זעצן פאר „אונדזער ווארט" אלבערטא גערשונאווס „גאוטשאם כו־דיאם", א סעריע אפאלאגעטישע דערציילונגען אין ביבלישן סטיל, פון דעם לעבן אין א אידישער קאלאניע. עס איז געווען דעם ערשטן מאל ווי מיר האבן נהנה געווען פון אונדזער ליטעראַרישער ארבעט.

מער ווי אלע האט נהנה געווען פון די געצאלטע שורות א גאנץ נייער שרייבער, וואס האט זיך אונטערגעשריבן: א איד אן א באָרד. ער האט אין די ארטיקלען פארטיידיקט אידיש קעגן די פרעטענזיעס פון העברעאיש, די וועלטלעכקייט קעגן די פרעטענזיעס פון די פרומע, די סאציאליסטישע אידייע קעגן דעם ציוניזם, און אלץ מיט לאגיק, מיט אייזערנער לאגיק, קען מען זאגן, און דער עיקר מיט א רייפער שריי־בערישער טעכניק.

ווער איז ער דער נייער שרייבער? ארויסגעוויזן האט זיך, אז דער „איד אן א באָרד" טראגט גראד א באָרד, א רונד ארומגעשוירן שווארץ בערדל שטייפע האר, עטוואס רשעותדיק פארקרומט, ארום א קינדיש פנים מיט קורצזיכטיקע אויגן, מיט וועלכע ער האט געלייענט און גע־שריבן אן ברילן, צובויגנדיק זיך איבערן פאפיר ביז צום טיש אדער צוטראגנדיק עס הארט פאר די אויגן. דער סטיל איז דער מענטש, זאגט מען, און דער דאזיקער שרייבער מיט דעם רשעותדיק קרומען און שטעכיק שטייפן בערדל, וואס פלעגט כמעט שטענדיק פארענדיקן זיינעם אן ארטיקל מיט א שארפן פראגע־צייכן, ווי ער וואלט צוגע־שטעלט דעם לייענער א חלף צום האלדז, איז געווען קינדיש נאיוו און קינדיש קאפריזנע און האט נישט מוחל געווען אפילו אויף איין אות, וואס דער רעדאקטאר האט געפונען פאר נויטיק צו ענדערן. אויך בעת ער האט גערעדט מיט עמיצן איבער קלייניקייטן, איבער דער מינדסטער זאך, איז געליגן אזא מין שארפער שטוינען, א „בתמיה" אויף זיין שווארץ בארעמטן קינדישן פנים און אין זיינע קורצזיכטיקע כמעט בלינדע אויגן.

פונוואנען האט ער זיך פלוצים גענומען, אט דער זשורנאליס־טישער גזלן?

ערשט מיט א וואך פריער האט ער זיך געהאט באוויזן אין דער ציוניסטישער „אידישער האפענונג" מיט אן ארטיקל איבערן א הע־

ברעאישן ענין אונטערגעשריבן מיט דעם פסעוודאָנים א. וואָלאָזינער. דעם פסעוודאָנים האָט מען געקענט אויסטייטשן ווי א מין אויטאָ־רע־קאָמענדאציע פון א „דיפּלאָמירטן" אין דער וואָלאָזינער ישיבה, די באַרימטסטע אין דער וועלט. ציוניסטן האָבן געזאָגט, אז בעיקר, איז ער א העברעאישער שרייבער, אז יאָרנלאַנג איז ער געווען אויסלענדי-שער קאָרעספּאָנדענט פון „הצפירה", איז געווען איר קאָרעספּאָנדענט ביים דרייפוס־פּראָצעס און שרייבט און רעדט שיר נישט אזוי פיל שפּראַכן וויפל סאַקאַלאָוו אליין. דער אמת איז געווען, אז ער פלעגט שיקן קאָרעספּאָנדענצן אין א נ. אמעריקאנער אידישער צייטונג און אין איינער א פראַנצויזישער.

אז מען האָט אים געפרעגט אויף זיין ריכטיקן נאָמען, האָט ער ווידער אָנגעגעבן א פסעוודאָנים: יוסף הלוי. דוכט מיר, אז איך בין דער איינציקער, וואָס האָב מיך דערוואוסט זיין ריכטיקן נאָמען. ער האָט מיך גוואַלדיק פאַרינטריגירט מיט זיין מיסטעריעזן — ריכטי-קער, דוכט זיך, איז צו זאָגן פסעוודאָנימען לעבן. איך בין מיט אים היימיש געוואָרן, האָב מיך אפילו אריינגעצויגן וואוינען מיט אים אין א צימער אין עק שטאָט, וואו ער האָט געוואוינט זיין פּרוש־לעבן. איך זאָג נישט בחוריש לעבן, מחמת דאָס האָט גאָר אן אנדער טייטש. פּרוש מיינט דאָ אויך נישט אינעם זין פון פּרישות און נזירות, נאָר האַלטנ-דיק פאַר די אויגן דעם פאַרצייטיקן לערנער — גייער, וואָס פלעגט זיך אָפּשטעלן אין א שטעטל, וואו קיינער האָט אים נישט געקענט און זיך אוועקזעצן לערנען, שלאָפן אין בית מדרש אויף דער באַנק און זיך דערנערן מיט א דאַרן סעכער, אָט אזא ווי עס שילדערט אים י. י. זינגער אין זיין יאָשע קאַלב. יוסף הלוי פלעגט זיך דערנערן מיט א ביסל רייז מיט מילך, וואָס ער פלעגט זיך אליין קאָכן.

אין זיין קעסטל, וואו עס איז געליגן זיין פאָרל וועש, האָט ער געהאַלטן זיינע כתבים: דראַמען, וואָס ער האָט געזוכט צו פאַרהאַנד-לען און קיינמאָל איז דערפון גאָרנישט געוואָרן; איין צד האָט געזוכט אָפּצוקויפן די פּיעסע פאַר א שיבוש ביי דעם „וואַגאַבונד" און דער צווייטער האָט בלויז געקענט שטוינען אויף דער חוצפה. געהאַט האָט ער ביי זיך אין קעסטל אויך אן עקזעמפּליאַר פון זיינער אן איבערזע-צונג פון א. מאַפּוס „אהבת ציון" אין אידיש, וואָס ער האָט געמאַכט

אויף באשטעלונג, ווי ער האָט געזאָגט, נאָך אין אָנהויב פון זיין שרייבערישער קאריערע און אָנגעגעבן זיינען געווען אלס איבערזעצער די איניציאלן י. ל. אויפן גרונד פון די איניציאלן, האָט ער מיר אויפגעהויבן אן עק פון זיין מיסטעריע: זיין אמתער נאָמען איז געווען יוסף לעווינסאָן. נאָר דער נאָמען זיינער עקזיסטירט נישט מער פונקט ווי ער אליין עקזיסטירט נישט מער פאר זיין משפחה...

איך גיב דאָ אָן אָט דעם נאָמען 27 יאָר נאָכדעם ווי דער בעל דבר איז טויט. געשטאָרבן איז ער אין יאָר 1920 און זיין טויט איז געווען פונקט אזא ווי זיין לעבן, דער טויט פון א פרוש, וואָס פאלט ביי זיין שטענדער אין בית מדרש און מתעסקים קלויבן זיך צונויף אים טאָן זיין רעכט.

אָנהויב 1918 האָט ער זיך באוויזן נאָך א צייט פון עטלעכע יאָר אָפּוועזנהייט, אין בועגאָס איירעס, און אויף א קורץ שטיקל צייט. אָנגעהויבן האָט דעמאָלט דערשיינען „די פרעסע" און האָט אים אויפגענומען אלס שרייבער פון ארטיקלען איבער אויסערן־פּאָליטיק. ער האָט אָבער שנעל געמוזט פארלאָזן זיין ארבעט, ווייל זיינע ארטיקלען זיינען נישט געווען לויטן קורס פון דער צייטונג. זיין אינספיראציע אויף דעם געביט איז געווען דער „קוריער פראנסעז", וואו ער פלעגט דרוקן פון צייט צו צייט אן ארטיקל, און דאָרט פלעגט מען דרוקן די אלע אנטיבאָלשעוויסטישע מעשיות וועגן לענינס אָפּמאַך מיט די דייטשן איבערצוגעבן זיי רוסלאנד. אונטערשרייבן פלעגט ער זיינע ארטיקלען מיט אן איקס און די לייענער, אומצופרידענע מיט זיין פּאָליטישן קורס, האָבן אים א נאָמען געגעבן „מאדאם איקס".

ער איז פארשוואונדן פון בוענאָס־איירעס און אָנהויב 1920 האָבן מיר באקומען פון פּאָרטאָ אלעגרע אן ערשטן נומער זיינע א וועכנטלעכער אויסגאבע פון א פּאָר זייטלעך אין פערטל פּאָרמאט אונטערן נאָמען „די מענטשהייט". אָט דאָס בלעטל האָט ערשט אנטפּלעקט זיין אמתן פּאָליטישן פּנים. ארויסגעוויזן האָט זיך, אז דער העברעאישער שריפטשטעלער און אמתער מייסטער פון אידישער פּראָזע, איז גאָר אן אנארכיסט. אין א בריוול האָט ער מיר געשריבן, אז ער האלט אין פארענדיקן א גרויס ווערק, וואָס זאָגט פאָרויס א צווייטע און א דריטע וועלט־מלחמה.

מיט א פּאָר חדשים שפּעטער, האָט מען אונדז צו וויסן געגעבן, אז אין היגן משוגעים־הויז געפינט זיך א מענטש, וואָס גיט נישט אָן זיין נאָמען, נאָר ער זאָגט, אז מען קען אים אין דער אידישער צייטונג „די פּרעסע" און ער איז געריררט פון זינען אויס פארצווייפלונג, ווייל ער האָט פארלוירן זיינעם א מאנוסקריפּט פון א גרויס ווערק, גייענדיק צופוס פון בראזיל. אין דעם צושטאַנד האָט אים פּאָליציי אויפגעקליבן אינמיטן וועג לעבן שטעטל מערסעדעס, עטלעכע שעה גאנג פון בוענאָס־איירעס.

ווען חברים פון „די פּרעסע" זיינען געקומען אין משוגעים־הויז, האָבן זיי אים שוין געטראָפן אין אָרן צום מקבר זיין אויפן אלגעמיינעם שטאָטישן בית עולם טשאקאריטא. אויף א ספּעציעלער שתדלנות, איז שפּעטער מיט א פּאָר טעג געלונגען איבערצופירן זיין נאָך בלוטנדיקן גוף אויפן אידישן בית עולם אין ליניערס און אויף זיין קבר געפינט זיך איצט א שטיין מיט אָט די געציילטע ווערטער: פּ'נ יוסף הלוי.

## ז. ברכות

א פּארבייגעלאָפענע דערשיינונג אין דער היגער אידישער ליטעראטור און זשורנאליסטיק איז געווען אויך ז. ברכות. ארום 1915, אינמיטן דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך באוויזן אינעם ענטרעריאָסער שטעטל דאָמינגעז א הויכגעוויקסיקער ברייטפּלייציקער יונג, וואָס האָט זיך געשטעלט ארבעטן אין א דערבייאיקער אידישער קאָלאָניע ביים שניט. געזאָגט האָט ער, אז ער קומט פון פּאלעסטינע. ווי נאָר ער האָט זיך עטוואָס באקענט מיט דער שטעטלדיקער אינטעליגענץ, מיט מ. קיפּען, ברוך בענדערסקי און יוסף אקסענצאָוו, איז אים איינגעפאלן ארויסגעבן א וואָכנבלאט אין דאָמינגעז און ער האָט דאָס דורכגעפירט.

אין ערך א יאָר צייט האָט ער דעם וואָכנבלאט ארויסגעגעבן אונטערן נאָמען „דער קאָלאָניסט" און געווידמעט איז ער געווען איבער־

הויפּט דעם קאמף קעגן דער איקא. אין דער ארבעט האָט אים שטארק מיטגעהאָלפן יוסף מענדלסאָן, וועלכער האָט זיך דאָרטן טאקע אנט־פּלעקט אלס פּאָלעמיסט קעגן דער איקא און פּעליעטאָניסט מיט זיינע פּסעוודאָני׳מען: אפרים טשערקאסקי, בן הלל און ברוך דער גרינער. גע־האָלפן האָבן אים אויך יוסף אקצענסאָוו, א שילער פון דער איקאס אג־ראר־שולע אין וויטעבסק, וועלכער איז געקומען קיין ארגענטינע זיך קאָלאָניזירן, און ברוך בענדערסקי.

צום סוף האָט ער זיין וואָכנבלאט אריבערגעפירט קיין בוענאָס איירעס און דאָ איז פון אים דערשינען נישט מער ווי א פּאָר נומערן, מיט דער הילף פון דעם שרייבער פון די שורות. ז. ברכות אליין האָט געשריבן אין זיין „קאָלאָניסט״ דערציילונגען פונעם ארץ־ישראלדיקן לעבן, אונטערגעשריבן אבו סעלים. זיין סטיל, זיין שפּראך איז געווען אזוי רוי און אומגעשליפן ווי ער אליין, אָבער אויך אזוי קרעפטיק ווי ער.

אָפּגעפאָרן איז ער פון דאנען אינמיטן 1917 און, ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוואוסט, איז ער אוועק קיין ניו־יאָרק און פון דאָרט קיין ארץ־ישראל מיט דעם אידישן לעגיאָן. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק, האָט ער גענומען שרייבן אין דער „נייער צייט״ און אין דער „צוקונפט״ דערציילונגען פון ארץ ישראל און אויך פון אר־גענטינע.

געשריבן האָט ער אויך העברעאיש, אָבער פּונקט ווי אידיש, רוי און אומגעהובלט, כאָטש גאנץ קרעפטיק. אזא איז ער געווען, דער ברייטפּלייציקער געוויקסיקער בחור, וואָס האָט איבערגעלאָזט א פּאָר ארבעטזאמע יאָרן זיינע אויף דעם ארגענטינישן פעלד און אין דער ארגענטינער אידישער ליטעראטור.

---

# משה פינטשעווסקי

דער זשורנאַל „שטראַלן״, אַרויסגעגעבן פון פעדראָ שפרינגבערג אין 1913, האָט צוגעבראַכט צוויי נייע שרייבער דער אידישער ליטע-ראַטור אין אַרגענטינע: משה פינטשעווסקי און אבאַ קליגער.

דער ערשטער פון די דערמאָנטע, האָט זיך באַוויזן אין דעם זשורנאַל מיט אַ ליד אויף דער טעמע פון דעם ביילים-פּראָצעס, אונ-טערגעשריבן מ. פינטשבסקי, וואָס דאָס האָט באַוויזן, אַז דער בעל דבר איז אַ העברעאיש-שרייבנדיקער אָדער העברעאיש-דערצויגענער יונגערמאַן. דאָס ליד האָט אונטערגעהונקען סיי ריטמיש און סיי אין אין דער קאָמפּאָזיציע, נאָר געדרוקט האָט מען עס צוליב דער אַקטו-עלקייט פון דער טעמע. באַלד איז פון דעם זעלבן מ. פינטשבסקי אַריינ-געקומען אַ צווייט ליד אונטערן פּסעוודאָנים בן שרה, אַ ליריש עראָ-טיש ליד, וואָס האָט פאַרכאַפּט דאָס אויג און דאָס אויער מיט לויטע-רע פאַרבן און קלאַרנעט-קלאַנגען. מבינים האָבן דעריין דערהערט ביאַ-ליקן און טשערניכאָווסקין אָבער קיינער האָט נישט געקענט לייקענען, אַז דער דיכטער האָט אייגענע פאַרבן פאַר דער נאַטור און דער עיקר, אַן אייגענע גבורה אינעם וואָרט.

פון ליד צו ליד זיינען אָט די סימנים געוואָרן אַלץ בולטער און קרעפטיקער. דערצו איז זיין גראַם אַזאַ לייכטער און שפּעדיקער. נאָכ-דעם ווי „שטראַלן״ האָט אויפגעהערט דערשיינען אויפן זעקסטן נו-מער, האָט ער גענומען דרוקן אין „טאָג״ אונטער דער רעדאַקציע פון י. ש. ליאַכאָוויצקי, אַ טעגלעכן פעליעטאָן אין לייכטע גראַמען, אונ-טערן פּסעוודאָנים „דער טעלענעשטער קאַוואַזשעראָ״ (קאַוואַליר), וואָס דער עולם האָט געלייענט מיט הנאה און דערביי געשאָלטן דעם הפקרדיקן בחור, דעם ממזרוק...

ער איז דאָ אויך געווען דער ערשטער שרייבער פאַר קינדער, כאָטשע זיינע היגע לידער און סצענקעס פון דעם מין זיינען אין ער-געץ נישט פאַרעגיסטרירט. געשריבן האָט ער זיי פאַר די קינדער פון די שולן, וואו ער איז געווען לערער און אַ לערער איז ער געווען אַן אידעאַלער. ער פלעגט זיך שפּילן מיט די קינדער ווי איינער פון זיי,

ווי אַן עלטערער און גרעסערער וואָס פירט זיי אונטער זיין קאָמאַנדע. האָט ער אויפגעפירט מיט זיי אַן אייגן פאַרפאַסטע סצענקע „דוד און גלית", האָט ער געשפּילט גליתן; אין „שמשון מיט די פּלישתים", האָט ער געשפּילט שמשונען...

אויסגעטאָן זיך פון דער שול, אין אָוונט, האָט ער זיך אויך אויס־געטאָן פון זיין לערער־ראָל און פּלעגט אַוועק אין די הינטערגעסלעך פון דער האַפּן־געגנט, לעבן אַ הפקר־לעבן, גיין פון איין שאַנד־הויז אין צווייטן און דאָרט וויזן גבורות פאַר די מיידלעך, קוקן פּאָרנאָגראַפישע קינאָ-בילדער און אימפּראָוויזירן פּאָרנאָגראַפישע לידלעך. אין זיינע ערנסטע פּאָעמעס אַפילו, וואָס ער האָט דעמאָלט געשריבן, פעלט נישט דאָס פּאָרנאָגראַפישע, אין וואָרט און אין בילד. אין זיינער אַ פּאָעמע „יעהאָוואַ", זיצט גאָט מיט זיין גרויער באָרד, ווי אַן אַלטער זינדער צעלייגט מיט דער ערוה אויף זיין כסא הכבוד, ווי קיינער פאַר אים האָט אַפילו נישט געוואַגט מאָלן באַקכוסן. אין דער פּאָעמע „פּלאָ־רינדאַ", אַ מאָלדאַוואַניש מיידל פון זיין שטעטל, מאָלט ער זי שיר השירימדיק נאַקעט, נאָר אָן דער שעמעוודיקייט פון שולמית, איך וואָלט געזאָגט בילוטים-אַרטיק, ווען זיין עראָטיק וואָלט נישט גובר געווען אין דער פּאָעמע די אומשולד פון זיין אָביעקט.

שפּעטער פאָרט ער אַוועק פאַר אַ לערער פון די „רעליגיעזע קורסן" אין מאָזעסוויל און אַז ער קומט צוריק אין שטאָט, קומט ער אַ פאַר־פּלאָנטערטער אין אַ ליבעס אַוואַנטורע און שרייבט באמת פּרעכטיקע, שיר השירימדיקע לידער צו זיין אסתרן, אין וועלכע די שפע פון פאַרב און קלאַנג, וואָס מישן זיך ביי אים אין איינס, מאַכט אים ענלעך צו בראָדערזאָנען, וועלכן ער שטייגט אַריבער מיט גבורה. פון זיין לערעריי אין וויזשאַ אַלבאַ (פּאַמפּאַ), ברענגט ער זיין ליד „דער פּאַמפּעראָ", (אַ שטורעם-ווינט, וואָס צעשפּילט זיך פון צייט צו צייט אויף דעם ברייטן זאַמד־לייזלעך). אין וועלכן ער פאַרקערפּערט זיין אייגענעם שטורעם, ריכטיקער זיין אייגענע וויאַלענץ.

ווער איז ער? ער איז אַ יונגער בעסאַראַבער בחור, געקומען אַהער, כדי נישט צו דינען „פּאַניען", פון זיין שטעטל און פון אַ קורצן אויפ־האַלט אין דער אָדעסער ישיבה, וואו ער האָט געהאַט געלערנט און גע-האַט אַלס לערער רב צעירן און ביאַליקן. אויפגעהאָדעוועט איז ער אויף

נים מיט וויין, אויף שעפסענער „קאָדע" און „ברינדזע"; אויף דעם ער־דישן אידיש פון זיין זיידן דעם סטעלמאך, וואָס האָט געערדט נישט צום דרוקן און זיך ניט געהיט מיט א וואָרט אפילו פאר ווייבער; אויף דער קבלה פון זיין טאטן דעם למדנישן בוכפירער ביי די שטעטלשע גבי־רים; אויף דעם העברעאיזם, וואָס האָט זיך דעמאָלט געשפרייט איבער די בעסאראבער שטעטלעך פון ליפקאן אויס, די רעזידענץ פון יהודה שטיינבערג און יעקב פיכמאן; אויף אידיש טעאטער, מיט וועלכן וואנ־דערנדיקע אידישע טרופעס — די קאמינסקי־טרופע צווישן זיי — האָט אָנגעשטעקט די בעסאראבער שטעטלעך און זיי פארוואנדלט אין דורכויסיקע דראמאטישע קרייזלעך; אויף דעם רוסיש פון די שטעט־טלשע פריילנס און פון די פושקין־אנעקדאָטן; אויף דער טראדיציע פון די בעסאראבישע שטעטלשע בחורים, וואָס יאָגן זיך, נישט איבער־קלייבנדיק, נאָך אידישע און מאָלדאוואנישע מיידלעך...

און דאָ שפארט עס אלץ פון אים ארויס מיט אווענטורעס און געזאנג, מיט הפקר־לידער: פי־פי, פו־פאו! נישטאָ קיין צוים, נישטאָ קיין גאָט!... ער האָט פארמאָגט פון דער גבורה, וואָס ביאליק האָט אין זיך געצוימט און פארוועגדט אין זיין „שחיטה־שטאט", אין זיין „פריי־לעכם", אין זיין „גאָרטן", אין זיין „מגילת האש", נאָר ער האָט זי דאָ פארוועגדט אָדער פארשוועגדט אין זיין הפקרותדיקער עראָטיק.

אין 1923, איז ער אָפּגעפאָרן פון דאנען און דאָ איבערגעלאָזט א בוך לידער אונטערן נאָמען „צוויט", ארויסגעגעבן פון חברים שריי־בער, און א פּאָר קרבנות פון זיינע דאָן זשואנישע אוועגטורעס. געפאָ־רן איז ער אין ראטנפארבאנד, נאָר אויפן וועג איז ער שטיין געבליבן אין בוקארעשט, פון וואנען עס זיינען דערגאנגען אהער גרוסן וועגן נייע אוועגטורעס זיינע, ער האָט דאָרט געבויגן אייזנס, געשפילט טע־אטער און געזוכט נייע ליבעס. אין יענער צייט האָט ער זיך אנטפלעקט מיט נייע קרעפטיקע לידער אין די „ליטעראַרישע בלעטער" און געוואו־נען א פרייז אין א לידער־קאָנקורס, אָרגאניזירט פון דערמאָנטן זשורנאל.

אין 1929 האָב איך אים געטראָפן אין קארקאָוו, שוין אין א גע־וויסער מאָס א געצוימטן. דאָרט איז ער פארעכנט געווען צווישן די געציילטע קינדער־שרייבער, זייט ביי זייט מיט לייב קוויטקאָ און אי־ציק קיפּנים. געדרוקט האָט ער אויך לידער אין די זשורנאלן און זאַ־

מלביכער פון די אוקראינער אידישע שרייבער, נאָר צו דער אָנערקענונג פון דער אויטאָריזירטער סאָוועטישער אידישער ליטעראטור־קריטיק האָט ער זיך נישט דערשלאָגן. געשטערט דערצו האָט אים, אגב, זיין אוועטוריסטישער אטאוויזם. לעצטע גרוסן פון ראטנפארבאנד דער־ציילן וועגן דערפאָלג פון זיינער א דראמע „מיר לעבן!”, אויף דער טעמע פון אידן אינעם אנטיפאשיסטישן קריג.

# אבאָ קליגער

דער צווייטער וואָס איז צוגעקומען דער אידישער ליטעראטור אין ארגענטינע מיט דעם דערשיינען פון „שטראלן”, אבאָ קליגער, איז פי־זיש, ווי אויך לויט זיין טעמפעראמענט, געווען דער היפוך פון משה פינטשעווסקי: א נידעריקער, כמעט א אינגל אויפן אויסזען, כאָטשע אָנגעשטאָפּט מיט יאָרן, מיט א פּאָר קיילעכדיקע קלוגע אויגן און א טונקל פּנים אונטער א קאָפּ שווארצע קרויזן, שיר נישט א נעגערל. און דעבוטירט האָט ער מיט א קורץ בילדל פון זיינער א באגעגעניש, אין א הושכדיקער רעגן־נאכט, מיט א גאסן־פרוי, ביי וועלכער ער זוכט מאמע־שוץ און מאמע־טרייסט.

אלס ליטעראַרישער רעדאקטאָר פון דעם זשורנאל, האָב איך מיר דערלויבט פאריכטן דעם סוף און אים צוגעבן א געוויסן רעזאָנערישן טאָן, וואָס זאָל אָפּשוואכן דעם איינדרוק פון דעם מחברס נעבעכדי־קייט און קינדישן עלנט. מיט א נומער שפּעטער, איז שוין אבאָ קליגער געקומען מיט א ליד. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט די ווערטער: „דו וועסט נאָך נישט איינמאָל א גלויבן דיר זוכן”... געזוכט האָט דאָס אלטע אינגעלע אבאָ קליגער שוץ און טרייסט פון זיין עלנט נישט נאָר ביי דער גאסן־פרוי, נאָר אויך אינעם גלויבן...

אין יענער צייט פון ירידה־שטימונגען, וואָס האָט געפירט אידי־שע רעוואָלוציאָנערע טוער צוריק אין שול אריין און אויך צו דער קאַטוילישער קירכע (דער פאַל מיט קאַליע טעפּער), איז אזא שטימונג

געווען אין דער אָרדענונג, אינעם קורס פון דער אידישער פּאָעזיע; בפרט, אַז אבא קליגער איז אַזוי רייך אין שפּראַך, ער איז ווי געבוירן געוואָרן מיט דער ריטמישער פּראָזע זיינער, וואָס פליסט אַזוי נאַ-טירלעך, אָן שום שטרויכלונגען, ווי דאָס ריזלען פון אַ שטילן וואַסער אויף אַן אויסגעבעטן טייך-געלעגער.

ווי אַ כאַראַקטעריסטיש שטריך, וואָס טיילט אוים די צוויי צייט־גענאָסן, פינטשעווסקי און קליגער, קען מען אָנגעבן זייערע לידער אויף דער טעמע קאַרנאַוואַל, בעת דעם ערשטנס פאַנטאַזיע צעשפּילט זיך אין דער פאַרבן-רייכקייט און אין דער הפקרות, וואָס באַהערשט די שטאָט, איז דער צווייטער סאַטיריש מוסר-זאָגעריש.

פון וואָס האָט אבאָ קליגער דאָ געלעבט? קיין לערער איז ער נישט געווען, קיין מלאכה האָט ער נישט געהאַט. אין „טאָג" פון וואָלף צייט־לין, פלעגט ער עפּעס באַקומען פאַר קאָרעקטור, וואָס האָט אים קוים געקלעקט אויף דירה-געלט פאַר זיין בוידעם-צימערל. פאַר שרייבן האָט מען נישט געצאָלט. נאָר ווידער דאָס אייגענע, ווער האָט זיך דען אינ־טערעסירט מיט וואָס אַ אידישער שרייבער לעבט און, וואָס דאַרף דען האָבן אַזאַ איינער, וואָס זוכט בלויז טרייסט און פאַרגעסונג אין זיינע לידער, אין זיין פליסיקער פּראָזע?

אַזוי האָט אבאָ קליגער אָפּגעלעבט גאַנצע צען יאָר אין אַרגענטי־נע, און אַ פּאָר יאָר אין פּאַראַגוויי, האָט געשריבן זיינע פאַרבענקטע לידער און שטימונגען, געלייענט אין די איינזאַמע שעהן דעם תנ"ך, ווי ער האָט געזאָגט און, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אויך די סענטימענטאַלע פּאָעזיע פון די אַרגענטינער און אורוגווייער פּאָעטן, וועלכע ער האָט פאַראייגנט מיט זיין שפּראַך, וואָס האָט קיינמאָל קיין חבלי לידה נישט געליטן.

מיר דאַכט זיך אַלץ, אַז אויב אבאָ קליגער איז פאַרשוואונדן פון דער אידישער ליטעראַטור בכלל, איז עס צו פאַרדאַנקען מיינער אַ ניט-חברישקייט, דערמיט וואָס איך האָב עפנטלעך אָנגעוויזן אויפן שפּאַנישן אָריגינאַל פון זיינעם אַ סענטימענטאַלן ליד און אַז דער יושר וואָלט געווען ער זאָל געווען צושרייבן: לויט דער פּאָעמע „אינטימאָס" פון עמיליאָ פרוגאָני.

אויך אָפּגעפּאָרן איז אבאָ קליגער פון אַרגענטינע אין איין צייט

מיט משה פינטשעווסקי, נאָר אין אַ גאַנץ פאַרשידענער ריכטונג, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן. געבליבן איז פון אים אין אָרגינע־טינע אַ בענדל לידער, אַרויסגעגעבן פון י. ש. ליאַכאָוויצקיס פאַרלאַג „ביכלעך פאַר יעדן".

וואוהין ער איז אַפּגעפאָרן, האָט מען נישט געוואוסט און מען וואָלט דאָס אויך נישט געוואוסט, ווייל פון ערגעץ האָט מען נישט גע־הערט מער דעם נאָמען פון אַ אידישן דיכטער מיט אַזאַ נאָמען. ערשט מיט יאָרן שפּעטער, האָט זיך דערטראָגן אַהער, אַז אבאַ קליגער גע־פינט זיך אין ניו־יאָרק און איז געוואָרן אַ מיסיאָנער. דעמאָלט אויך איז מאַרקאָס פאַרישעווסקי, וועלכער האָט געמאַכט אייניקע רייזעס איבער די דרום־אַמעריקאַנישע לענדער, אַרויסגעקומען מיט זיין אַנט־פּלעקונג, וואָס ער האָט געהאַלטן בסוד, צוליבן פּרעסטיזש פון דער אידישער ליטעראַטור. אויף איינער פון זיינע רייזעס — דערציילט ער אין זיין בוך „צווישן ווילדע און ציוויליזירטע" — איז ער אין אַ פּערואַנישער שטאָט צווישן די בערג, בייגעווען אַ קאַטוילישע פּראָצע־סיע מיט גרויסע מחנות גלחים פון די פּערואַנער מאַנאַסטירן. פון איי־נער פון די מחנות האָט זיך אַפּגעטיילט אַ קליין גלחל און מיט אַ זאַפּ־טיקן וואָלינער אידיש צוגעקומען צו אים: — וואָס מאַכט איר פאַרי־שעווסקי?—אויף זיין שטוינען, דערקענענדיק אינעם גלחל אבאַ קליגער, האָט אים קליגער געענטפערט, אַז ער האָט געפונען שוץ און טרייסט אינעם שוים פון דער הייליקער בתולה... און פון זיין קלוגן בליק דערביי, האָט ער נישט געקענט קלוג ווערן צי מיינט ער ערנסט אָדער אין שפּאָס...

## י. וואָלקאָוויניצער

אין צוזאַמענהאַנג מיט „שטראַלן" דאַרף דערמאָנט ווערן אויך י. וואָלקאָוויניצער. איין לידל האָט ער דאָרט, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „אויף אַ זילבער־טרער אַ הייסער, הענגט אַ צאַפּלדיקע יוגנט..." ער האָט אין דער שורה איבערגעגעבן דעם געמיט פון דער אידישער יוגנט, צו וועלכער ער האָט געהערט. געווען איז ער אַן אַר־

בעטער, אָן פּרעטענזיעס אויף ליטעראַטור, אַ פּאָליטורער אין אַ מעבל־פאַבריק, און געשטאָרבן איז ער פון שווינדזוכט, ווי עס שטאַרבן אַ גרויסע צאָל פּאָליטורער, אין וועלכע עס זאַפּט זיך איין דער סקיפּידאַר אָדער אַלקאָהאָל, ווי ער זאַפּט זיך איין אין דעם מעבל. נאָר אַז איר לייענט זיין קורץ לידל, פילט איר, אַז אין אָט דער צאַפּלדיקער יוגנט האָט זיך איינגעזאַפּט אַ טרויער, וואָס איז נאָך טויטלעכער ווי דער סקיפּידאַר פון דער פּאָליטורע, און כאָטשע ער שאַפט אַזוי פיל שיינ־קייט, איז זי אָפט נישט מער ווי די פאַרב אויף די באַקן פון די שווינד־זיכטיקע...

## ל. מאַם

סוף 1914, קומט אַרויף אויף דער ליטעראַרישער אַרענע ל. מאַם, אַ פּאָדאָליער בונדאָוועץ, וואָס ליטעראַריש שטייט ער נישט צווישן די „וואַנגאַרדיסטן", וועלכע האַלטן זיך ביים ווינטשעווסקישן מחזור, נאָר גראָד צווישן די מאָדערניסטן. ער איז ליטעראַריש דערצויגן אויף מענדעלע און שלום עליכם און זייערע אוקריייניש-בעסאַראַבישע תלמי־דים און קען אויך די נייע, וואָס האָבן פון אידיש געמאַכט אַ כלי, אויסצושפּילן אויף איר די ראַפינירטסטע סענסיביליטעט. ער איז גע־וואָרן שותף און מיטרעדאַקטאָר פון דער „אידישע צייטונג" און זייט ביי זייט מיט י. ש. ליאַכאָוויצקיס ספּעציפישער זשורנאַליסטיק, וואָס לויט די אַרגענטינישע פּאָליטישע טערמינען, קען מען זי אָנרופן „פּער־סאָנאַליסטישע", ברענגט ער אַריין אין איר איניציאַטיוון פון געזעל־שאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע, סאָציאַליסטישע סימפּאַטיעס און ווען י. ש. ליאַכאָוויצקי ווערט באַזייטיקט פון דער צייטונג, רייסט ער אינגאַנצן איבער מיט דער פּרעהיסטאָרישער אידישער זשורנאַליסטיק און מאַכט פּלאַץ פאַר די יונגע.

ער אַליין שרייבט פון צייט צו צייט אַ דערינערונג פון זיינע רע־וואָלוציאָנערע יאָרן, פון דער צאַרישער טורמע, וואו ער האָט פאַר־בראַכט אָנדערהאַלב יאָר צייט און זייער טשעקאָווע פּסיכאָלאָגישע

בילדלעך, „מאַמענטן” רופט ער זיי, אין וועלכע עס מערקט זיך אַ מין עפּילעפּטישע דראַמאַטישקייט. אין מיינער אַ נאָטיץ אין „די פּרעסע” איבער דעם זאַמלבוך „אויף די ברעגן פון פּלאַטאַ”, אין וועלכן עס זיי־נען באַטייליקט די מיטאַרבעטער פון „די אידישע צייטונג”, דערשינען אין 1919, האָב איך אים אָנגערופן: „נופל וגלוי עינים”, ווי עס רופט דער חומש, נישט אָן סימפּאַטיע, דעם נביא, וואָס בלק האָט אים גע־שיקט שעלטן די אידן און ער האָט זיי געבענטשט מיט זיין ווייטער וויזיע.

אינעם דערמאָנטן זאַמלבוך זיינען אָפּגעדרוקט דריי אַזעלכע „מאָ־מענטן”, פון די וואָס מאָס האָט געשריבן. אין ערשטן פון זיי דערציילט ער פון אַ בילד וואָס מאָלט זיך אים אין געדאַנק, דערהערנדיק אַזאַ מין שמועס צווישן אַ יונג מיידל און אַן עלטערער פרוי, אפשר איר מאַמע:

— כ'קען דאָרט נישט זיין... כ'וויל אַנטלויפן... זשלאָבעס קומען אהין...

ער מאָלט דערנאָך אַ סצענע אין אַ שאַנד־הויז, און, ער פאַרענדיקט: „מער האָב איך שוין גאָרנישט געזען. אין די אויגן איז מיר פינצטער גע־וואָרן. אַן אַנגסט־שוויים איז ביי מיר אַרוים אויפן גאַנצן פּנים. די פיס האָבן זיך מיר ווי אונטערגעהאַקט. איך האָב געפילט, אַז איך פאַל עפּעס ווי אין אַ טיפן אָפּרונט...”

אין צווייטן דערציילט ער ווי ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ וויטרינע פון אַ שיך־געשעפט און געזען די אויסגעשטעלטע שיך מיט בלומען באַפּוצט. עס האָט זיך אים גענומען מישן אין קאָפּ דער ריח פון די בלומען מיט דעם ריח פון דער לעדער. בלומען און אָפּגעשונ־דענע פעלן!... און דאָס ברענגט אים אויפצוהויבן אַ שטיין צו וואַרפן אין דער שויב. ער הויבט אָן אָט דעם „מאָמענט” מיט די ווערטער:

„ערשט דאָ נישט לאַנג איז אויף מיין מזל אויסגעפאַלן אַ טאָג פון יענע טעג, וואָס אויב אַ מענטש זאָל האָבן עטלעכע אַזעלכע כסדר, ווערט ער געוויס אַ גאַסט אין משוגעים־הויז.”

און דער דריטער „מאָמענט” הויבט זיך שוין אָן גאַנץ פשוט: „ס'איז געווען אין איינעם פון יענע טעג, ווען דער נישט גוטער, וואָס באַפּט זיך צו מיר אַריין פון צייט צו צייט, איז געקומען צו מיר צו גאַסט און אָן דערלויבעניש האָט ער זיך צעשפּרייט אין מיין כוח

הדמיון גאַנץ ברייטלעך...״ דאָ שילדערט ער אַ קאַשמאַרן צושטאַנד זיינעם, אַרויסגערופן פון מענטשלעכער ליידנשאַפט.

ל. מאַס איז געווען צו פיל געפילס־מענטש אויף צו זיין אַ פּאַר־טייער, כאָטשע ער האָט פאַר זיין פּאַרטיי אָפּגעגעבן זיין געזונט און איז אויך צו פיל געפילס־מענטש געווען אויף צו קענען זיין רעדאַק־טאָר פון אַ צייטונג, וואָס אירע אינטערעסן האָבן זי געצווינגן אין אַ צווייטער אידעאָלאָגישער ריכטונג. אָנהויב 1922 האָט ער פאַרלאָזט די צייטונג און זיך באַזעצט אַלס קאָלאָניסט אין אַ אידישער קאָלאָניע. געשטאָרבן איז ער 1929 בעת זיינעם אַ באַזוך אין שטאָט און אויף זיין נאָמען איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ ביבליאָטעק אינעם אידישן שפּיטאָל.

## יעקב אייזנשטיין

אין יאָר 1916, ווען איך האָב געאַרבעט אין דער „אידישער צייט־טונג״ און האָב דאָרט געהאַט אַ פרייע רעדאַקטאָרישע האַנט, איבער־הויפּט אויף ליטעראַטור, האָט מיר אַריינגעבראַכט אַ ליד צום דרוקן יעקב אייזנשטיין, אַ פירנדיקער מיטגליד אינעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די מעבל־אַרבעטער, אַן אַנאַרכיסט, וואָס האָט ביז דעמאָלט גע־האַט געשריבן פּראָקלאַמאַציעס און איבער אָרגאַניזאַציע־פראַגן. דאָס ליד האָט געהייסן „פאַרוואָס?״ און אַלע פיר סטראָפן האָבן זיך אָנגע־הויבן מיט דער טענה: פאַרוואָס? איך האָב דאָס ליד אָפּגעדרוקט. גע־ווען איז עס אָנגעשריבן גראַמאַטנע, ווי מען פלעגט זאָגן. נאָר איך האָב מיך דעמאָלט פאַרטראַכט אויף דעם מאָדנעם אַנאַרכיסט; איוב האָט געהאַט טענות צו גאָט: „צדיק ורע לו רשע וטוב לו״. איוב איז געזעסן און געקראַצט די וואונדן און געמאָנט גערעכטיקייט ביי דעם גאָט, אין וועלכן ער האָט געגלויבט מיט אַלע זיינע אברים. צו וועמען האָבן טענות אַנאַרכיסטן, אַטעאיסטן, פאַר וועלכע גאָט איז אַן אויס־געטראַכטע זאַך? זאָג מיר, דו שופט (שויפעט), טענהט ער אין דעם ליד. — ווער איז דער שופט? און יעקב אייזנשטיין, דער אַטעאיסט, האָט אויך אין זיינע ווייטערדיקע לידער נישט אויפגעהערט מיט זיינע

טענות צו דעם גרויזאמען „שופט", וועלכן ער האָט זיך אויסגעטראַכט, מחמת יענעם איובס גאָט עקזיסטירט נישט פאַר אים...

נאָך די ערשטע פאַר לידער אייזנשטיינס, וואָס האָבן געמאָנט גערעכטיקייט ביי אָט דעם „גרויזאַמען שופט", וואָס ביי אים אין די הענט ליגט אפנים די מאַכט אויסצוגיסן איבער דער וועלט אַ רעגן פון גערעכטיקייט פאַר דער מענטשהייט, האָט ער זיך, קענטיק, אַנטוישט אין דער גערעכטיקייט פון זיין אַטעאיסטישן גאָט, און צוזאַמען דערמיט אויך אין זיין הימל, די „בלויע וועלט־חלומות" און „הערלעכסטע פאַרלאַנגען", וואָס אָט דער גאָט האָט „פאַרגיפטעט ווי שלאַנגען" און אַרויסגעריסן ביי אים מיט „געגליטע פייער־צוואַנגען", און האָט גענומען בעטן צו זיין „דמיון", ער זאָל אים טראָגן צו... דעם „עבר פון זיין קינדהייט". דער דמיון האָט זיך צוגעהערט צו דער בקשה פון יעקב אייזנשטיין און האָט אים געפירט נישט נאָר צו זיין קינדהייט, נאָר אויך צו זיין יוגנט, צו זיין ערשטער און אייביקער ליבע, צו אַלע אידילישע זיינע, נאָר ער אַליין, דער דמיון, פונקט ווי יענער גרויזאַמער אַטעאיסטישער שופט פון דער וועלט, איז ערגעץ פאַרשוואונדן און האָט איבערגעלאָזט אייזנשטיינען אין עלנטן, אָן אַ ברעקל דמיון...

ווער ווייס וואָס פון יעקב אייזנשטיין וואָלט געוואָרן, ווען עס רייסט זיך נישט אַריין אין זיין דיכטערישן לעבן, ווי אין דעם לעבן פון אונדז אַלעמען דער יום־טוב פון דער אַרבעטער־וועלט, „וועלטישער יום־טוב", ווי מען האָט דעמאָלט גענומען זאָגן, און האָט „אויפגעפּראַלט די טירן" פון זיין „ד' אמותדיק וועלטל" און צוזאַמען מיט פּרץ מאַרקיש, דעם אידיש־דיכטערישן שליח פון אָט דעם יום־טוב, אין פּוילן, האָט ער זיך „צעלאָזן אין אַ פריידן־טאַנץ מיט צעבראָסטעט קופּערדיקער ברוסט און אויפגעפּראַלטע אויגן צו דער וועלט" און אויסגעברילט אַ רוף: „וואו זענט איר, וואו? היי, איר, נישט אויסגעברענטע ליכט, אַהער, אַהער אויף האַרץ פון אויפגעבליטער וועלט!"

און וואָס מיר איוב־טענות און וואָס מיר דמיונות, אַז ער זעט „ריזן געפּאַנצערטע אין בליאַסקעדיקן שטאָל, געפּאַנצערטע ריזן, מיט זיגערישן גייסט" און ער אַליין „גייט שטאָלץ אַנטקעגן גרויסן שימלדיקן סדר עולם"...

איז אָבער פּרץ מאַרקיש געקומען נישט אייגער אַליין, נאָר מיט

אַ „כאַליאַסטרע" און אין דער כאַליאַסטרע איז פאַראַן אורי צבי גרינ־בערג, וועלכער זעט די וועלט אין די הענט פון סמאַל דעם שד, וואָס האָט פאַרפירט די מאַמע־וועלט און זי אַריינגעוואָרפן אין זינד, און ווי יוסף די לורינה, פייניקט ער זיך און אויך אייזנשטיינען מיט זיינע זינדיקע חלומות. און יעקב אייזנשטיינס בליק פאַלט דעמאָלט אויף דער זינדיקער שטאָט בוענאָס־איירעס, אין וועלכער ער לעבט און ער דערזעט די געפאַלענע מענטשן־טעכטער און ווערט זייער ריטער, זייער ביכטער־דערלייזער. מיט זיין גאַנצן צאָרן, וואָס ער האָט איינגעהיט אין זיך זינט ער האָט אויפגעהערט שעלטן זיין „גורל פון אייביקן וואַנ־לען", און „גראַבלען מיט ביינער פינגער אין הארץ מיר", האָט ער גענומען בייטשן דעם בוענאָס־איירעסער „הפקר", אירע „זונה־טעג", איר „קאַשמאַר פון ביליקן שאַמפּאַניער" און גענומען זוכן אין הימל „דאָס שטערן־פינטל, וואָס זאָל אַ פלאַטער־טאָן אין נאַכט פון פינצטער־ניש צום באַרג פון האָפענונג, צום רעטונגס־באַרג, וואו עס זאָל מיין קנאָכן־שיף, וואָס פירט אַ פרישן דור, פון אָפּגרונט רעטן זיך, פון מבולס תהום..."

יעקב אייזנשטיין האָט שפּעטער, ווי אַנדערע זיינע צייט־חברים, געוועגדט זיין בליק אויף דער אַרגענטינישער פּאַנאָראַמע, איבער־הויפּט אויף דער לעגענדאַרישער און אויך דעם אידישן קאָלאָניזאַציע־געדאַנק, וואָס האָט באַזעלט די אידישע איינוואַנדערער אויף זייער וועג קיין אַרגענטינע. ווי אין אַלץ וואָס ער האָט געשריבן, איז ער אויך אין אָט די לידער ליריש־דראַמאַטיש. און עס פעלט אין זיי דער מינדסטער קאָלאָריט פון סביבה. ער איז שטענדיק געווען דער זינגער פון דער אַבסטראַקטער געראַכטיקייט, אַפילו ווען ער האָט געטאַנצט צוזאַמען מיט דער כאַליאַסטרע און ווען זיין בליק האָט גערוט אויף דער זינדיקער שטאָט בוענאָס־איירעס אָדער אויף דער אַרגענטינישער לע־גענדע. אין 1925 האָט דער אידישער ליטעראַטן פאַריין אַרויסגעגעבן זיינס אַ בענדל לידער אונטערן טיטל „לידער און פּאָעמען".

זיינע לעצטע פּאָר יאָר — געשטאָרבן איז ער אינמיטן יאַנואַר 1946 — האָט ער אָפּגעגעבן דער אידישער קולטור־אַרבעט און איז געווען איינער פון די בויער פון דער וועלטלעכער שול אויפן נאָמען פון ד"ר חיים זשיטלאָווסקי.

# יעקב שטרייכער

אין איין צייט כמעט מיט יעקב אייזנשטיין באווייזט זיך מיט זיינע לידער יעקב שטרייכער. ער איז פון דעם זעלבן פאך, פון דעם מעבל־פאך, א שניצער. דעריבער אויך דערמאָנט מען זיי צוזאַמען אויך ווען מען רעדט פון זייער אָרט אין דעם אַרגענטינער צווייג פון דער אידישער ליטעראַטור. ביידע זיינען זיי דיכטעריש נישט אָריגינעל, נאָר בעת יעקב אייזנשטיין קוקט אין די הימלען, זוכט דעם גאָט פון גערעכטיקייט און האָט אויב נישט בילדערישן, איז שפּראַכלעכן שוואונג, איז יעקב שטרייכער אָרים סיי אין בילד און סיי אין שפּראַך און זיין געדאַנק פליט גאַנץ נידעריק. ער איז סענטימענטאַל, אָבער מיט א מאָס, ער איז ליריש, ער זעט די וועלט דורך זיין אייגן לעבן, ווי מערסטנס דיכטער זיינען, נאָר אויך מיט א מאָס. ער איז אונטער דער ווירקונג פון פארשידענע דיכטער, אָבער ניט פארכאַפּט פון זיי. ווי א בין, קלויבט ער ביי זיי דאָס וואָס אים איז נאָענט און זאַפּט עס אין זיך אריין. אזוי האָט ער אין זיך איינגעזאַפּט מאָרים ראָזענפעלד, עדעלשטאַט און באָוושאָווער און אויך פון פינטשעווסקין; נישט דאָס געוואַגטע, נאַטירלעך, נישט דאָס הפקרדיק פריוואָלע און גבורהדיקע, נאָר די טעמע זיינע. געזונגען האָט ער צוערשט פון זיך און פון זיין ליבע אין דער אַלטער היים, פון אַרבעטער־קאַמף און פון צעבראָכענע קייטן, פון האָפענונגען, וואָס דערוואַכן אין מאַי און פון אַרבעטער־גורל און פון עלטער וואָס רוקט זיך אָן און פון גרויע האָר. און ווען די מאָדע איז געוואָרן אויף אַרגענטינישע לעגענדעס, אויף גאַוטש־פּאָעמעס, אויף קאַרנאַוואַל־מאָטיוון, אויף מאָטיוון פון דער זינדיקער שטאָט, איז ער נישט אָפּגעשטאַנען. ביי אים איז פאַראַן מער סביבה־קאָלאָריט, ווי ביי אייזנשטיינען, ער איז פארביקער פון יענעם, נאָר זיינע פארבן זיינען שטילע. בעת אייזנשטיין איז פול מיט פאַרדרוס, מיט טענות, איז דער בלויז קלאָגעריש.

אַרויסגעגעבן האָט ער צוויי ביכלעך לידער: „פונקען" אין 1918, רעדאַקטירט פון משה פינטשעווסקי און „פון ווייטן לאַנד", אין 1944, צו זיין 60טן געבורטסטאָג, אָן אויפזאַמלונג פון זיין פּאָעטישער האַרעוואַניע.

# ש. גלאַזערמאַן

פון פינטשעווסקין איז דאָ געבליבן אַ געוויסע ירושה: שמואל גלאַזערמאַן. אַ קאַרלאַס קאַסאַרעסער, דעם קאַסאַרעסער שוחטס אַ אינגל און אַ ברודער פון דעם שוחט און מוסמך הרב דוד הכהן גלאַזערמאַן. דער רב האָט נאָך אין קאַסאַרעס געשריבן טעאָלאָגיש־פילאָזאָפישן קווידערוועלש אין אידיש, געדרוקט אינעם „פּאַרטיידיקער", וואָס איז רעדאַקטירט געווען אידייאיש פון מ. אַלפּערסאָן און שפּראַכלעך פון צבי שקאָלניק, און שפּעטער אַרויסגעגעבן אַ פּאָר נומערן פון אַן אייגענעם וואָכנבלאַט „דער אַרגענטינער איד", וואו קיינער האָט שוין אַפילו נישט געפּרואווט אויסגלעטן דעם אידיש זיינעם, וואָס איז געווען אַ מישמאַש פון שלעכט איבערגעזעצטע און שלעכט קאָמבינירטע שפּאַנישע אַבסטראַקטע טערמינען, וואָס האָבן געזאָלט פאַרבייטן די טערמינען פון רבנישן העברעיש.

שמואל גלאַזערמאַן איז געווען דער היפּוך פון זיין ברודער; ער האָט גערעדט אידיש ווי אַ וואַסער. בוענאָס־אײַרעסער אידישע שרייבער און לערער האָבן געשטוינט: אַן אַרגענטינער געבוירענער און רעדט אידיש, גלייך ערשט פון באַרדיטשעוו און פינטשעווסקי האָט אים מקרב געווען. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און שמואל גלאַזערמאַן האָט גענומען שרייבן. ער האָט איבערגענומען ביי פינטשעווסקין זיין לייכטן גראַם און האָט גענומען גראַמען אויף וואָס די וועלט שטייט. ער האָט אַפילו געפּרואווט איבערנעמען אויך פינטשעווסקיס גבורה, נאָר מער ווי נאָכמאַכן אים און טאַפּן זיך דעם קאַרק, האָט ער נישט באַוויזן. געפּרואווט האָט ער צוערשט שרייבן אויף אינגלשע טעמעס פון זיין אַרגענטינישער קאַסרילעווקע, נאָר באַלד איז ער איבערגעגאַנגען אויף איבערזעצונגען פון אַרגענטינישע דיכטער ווי גידאָ אי ספּאַנאָ און אַנדערע. פון לידער איז ער אַריבער צו פּיעסן. אָבער אין די פּיעסן האָט ער אַרויסגעוויזן נאָך וויניקער אָריגינאַליטעט. נישט נאָר האָט ער נאָכגעמאַכט פלאָרענסיאָ סאַנטשעז, דעם אורוגווייאיש־אַרגענטינישן איבסען, — ווער האָט אים דען דאָ נישט נאָכגעמאַכט, דעם דאָזיקן געניאַלן נאָכמאַכער, וואָס האָט אויסגענוצט איבסענס טעכניק כדי אַרויפצוברענגען אויף דער בינע די פּראָבלעמען פון דעם

ארגענטינישן מענטשן אין דער ארגענטינישער סביבה! — נאָר גלאָ־זערמאַן האָט פּשוט גענומען פאַראידישן פלאָרענסיאָ סאַנטשעזעס פאַר־שוינגען. באַזונדער איז ש. גלאַזערמאַנען געלונגען אין דער הינזיכט די פּיעסע „זישע גוי", וואָס האָט אלס פּראָטאַגאָניסט א אידישן קאָ־לאָניסט, א גבור, וועלכן ער האָט אָפּגעקאָפּירט פון דער נאַטור, מיט זיין אידיש פּויערישער פילאָזאָפיע און זיין אידיש־פּויערישער טראַ־געדיע, וועלכע איז געוועזן די טראַגעדיע פון דער קאָלאָניע מאַוריציאָ. שמואל גלאַזערמאַן איז ביז היינט נאָך דאָס אידיש־ארגענטינישע וואונדער־קינד אין דער אידישער ליטעראַטור. מיט דעם גורל פון א סך וואונדער־קינדער, וואָס דער וואונדער טוט זיך פון זיי אָפּ און זיי פאַר־בלייבן קינדער.

# א. מאָשקאָוויטש

אין א געוויסן זין איז א ירושה פון מ. פינטשעווסקין אויך אברהם מאָשקאָוויטש. א יאַסער בחורל, וואָס האָט זיך געלערנט ביי זיינעם א פעטער אין א אידיש קאָלאָניסטיש שטעטל שניידעריי, האָט זיך פלו־צים באוויזן אין דער „אידישער צייטונג" מיט א ריי לויב־לידער דער ערלעכער מי פון די אידישע קאָלאָניסטן, פון זייער ערלעך לעבן און ערלעכער שטוב, אין שבת און דערוואָכן, און געשריבן זיינען געוועזן די לידער אויך אזוי ערלעך און פּשוט, ווי עס קענען זיין אידישע קאָ־לאָניסטן און ווי עס קען זיין א אידיש שניידער־אינגל, וואָס האָט נישט קיין אנדער שפּראַך א חוץ זיין אידישער פאָלקס שפּראַך.

„קאָלאָניסטן אידישע,
„א געזונט אין זייערע ביינער,
„ווי זיי פארדינען דאָס ברויט,
„ערלעכער פארדינט נישט קיינער".

איך זאָג א ירושה פון פינטשעווסקין און האָב אינזינען אָט די שפּראַך זיינע, וואָס האָט אין זיך די בעסאַראַבישע פאָלקסטימלעכקייט,

א דורכגעגאנגענע איבער דער שלייף־ראָד פון ביאַליקס אידיש. אין מאַשקאָוויטשן האָט די אידישע קאָלאָניע באקומען דעם זינגער פון איר אידיליע. זיין בוך לידער פון דער קאָלאָניע, דערשינען אין 1925, איז א מאָנומענט דעראידישער קאָלאָניסטישער אידיליע אין ארגענטינע. געזונגען האָט ער אויך אויף אָט דעם אַפּאָלאָגעטישן אופן וועגן איינ־קע געראָטענע קאָלאָניסטישע זין און האָט זיך צוגערירט צו ארגענטיני־שע לעגנגענדעס מיט מער אָדער ווייניקער דערפּאָלג. געפּרוווט האָט ער אויך שרייבן דערציילונגען פון קאָלאָניסטישן לעבן, אָבער דאָס גיט זיך אים נישט איין. אים פעלט לחלוטין דאָס אויג פאר דאָס דראמאטישע און טראגישע אין דעם לעבן פון דעם אידישן קאָלאָניסט.

## שרייבער פון דער קאָלאָניע

די מייסטער פון דער קאָלאָניסטישער דערציילונג, א חוץ דעם שוין פריער דערמאָנטן זוניקן ברוך בענדערסקי, זיינען מרדכי מיידא־ניק און חיים גאָלדשטרייך. דער ערשטער זעט די קאָנפליקטן פון דער באלעבאטיש־קאָלאָניסטישער שטוב און ברענגט זיי ארויס אין א גע־לונגענער דערציילערישער פאָרעם; דער צווייטער זעט דעם קאָנפליקט צווישן דעם קאָלאָניסט און זיין בארוף; צווישן דעם באוואוסטזיניקן און אידעאַליסטישן אידישן ערדארבעטער און דעם „פונט פלייש", וואָס די רויבערישע שטאָט אין אלע אירע אספּעקטן, פאָדערט פון דער אלעמען שפּייזנדיקער ערד. דער ערשטער האָט אָנגעהויבן דרוקן זיינע דערציילונגען באלד אין די ערשטע יאָרן פון דער „אידישער צייטונג" און פון צייט צו צייט אויך אין „די פּרעסע". דער לעצטער האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אינעם זשורנאל „אין גאנג", וואָס איז דערשינען אין די יאָרן 1934 און 1935.

צו די קאָלאָניסטישע דערציילער דאַרף מען צורעכענען דעם פאר־שטאָרבענעם צבי שניידער פון ריוועראַ, וועלכן מיר האָבן שוין דער־מאָנט אין שייכות מיט דעם זשורנאל „ברויט און ערע". ער איז בכלל

א סאטיריקער, אָבער עס פעלט אים אויך נישט קיין הומאָר, בעת ער שילדערט די באציאונג פון די קאָלאָניסטן צו זייער ארבעט און צו זייער קאָאָפּעראטיווע.

זיין דערציילונג „אלטער בדחן”, געדרוקט אין „די ביכלעך פאר יעדן”, שילדערט איינעם אזא שלימעזאלניק, זינט ער האָט אים דערקענט נאָך אין דער היים, ביים „פּריאָם”. דאָס וואָרט „פּריאָם” האָט ביי אידן אין רוסלאנד געמיינט דאָס זעלבע וואָס „פּריזיוו” — דאָס אָנעמען אין מיליטער־דינסט. דער „פּריאָם” וועגן וועלכן צבי שניידער דערציילט, מיינט דאָס אָנעמען צום קאָלאָניזירן אין ארגענטינע דורך א קאָמיסיע פון איקא־באאמטע. געווען איז זיין פארשוין אין דער היים דאָס וואָס מען רופט אָן „א פארשלעפּטע קרענק”, א פריילעכער קבצן, וואָס לעבט דערפון וואָס זיין דערוואקסן מיידל נייט קאפּטלעך פאר די פויערטעס און אליין פארדינט ער אמאָל א קערבל פון פריילעך מאכן דעם עולם אויף א חתונה. פאר אים, אין דער ריי, ביים „פּריאָם”, איז געשטאנען א איד, וואָס האָט אלע זיינע יאָרן געארבעט אלס אויפזעער ביי דער פעלד־ארבעט אויפן פּאָריצס גוט. און ווייל ער האָט געזאָגט, אז ער איז געווען אן אויפזעער און געארבעט מיט מאשינעס, האָט מען אים אויסגעבראקעוועט. אלטער האָט דעריבער דערציילט, אז ער האָט שטענדיק געאקערט און געזייט אליין און, מעשה קאָמעדיאנט, האָט ער פארשטעקט די פּאָלע פון דער קאפּאָטע אין גארטל און גענומען מאכן מיט די הענט ווי מען זייעט. ער איז שטארק געפעלן געוואָרן דעם איקא־באאמטן און מען האָט אים פארשריבן. דאָ, פארשטייט זיך, איז ער געווען פון די ערשטע אראָפּגעוואָרפן צו ווערן פון דער נחלה, ווען דער איקא איז נמאס געוואָרן אויסצוהאלטן די קאָלאָניסטן מיט שטיצע. ער איז אוועק אין שטאָט און געוואָרן א קאשקעטן-פארקויפער, און דער סוף איז געווען, אז אין שטאָט האָט ער זיך ארויפגעארבעט און ערשט דעמאָלט גענומען ביי איקא א טשאקרע, וואָס א צווייטער האָט באארבעט און פאר אים אויסגעצאָלט...

ממש א שעדעווער, איז זיין קורץ מעשהלע ווי ריווערער קאָלאָניסטן לויפן איינקויפן אין קאָאָפּעראטיווע, ווי נאָר קרעמער נעמען רייסן פרייזן און ווי די קרעמער לאָזן ארונטער פון דער פרייז, דארפן זיי שוין נישט די קאָאָפּעראטיווע.

ער איז דער בעסטער פון די סטיליסטן צווישן די קאָלאָניסטישע שרייבער. א שאָד, וואָס פון אים איז אזוי ווייניק פארבליבן געזאַמלט.

זיין פלימעניק עליע שניידער, פון דער זעלבער קאָלאָניע, שרייבט וועגן אידישע קאָלאָניסטן ביי דער פעלד־ארבעט, וואָס פארוואנדלט זיי אין געניטע גאַוטשאָס. נישט נאָר האָבן זיי זיך אויסגעלערנט אקערן און זייען, „מאָנטאָנעווען" (א סלאַוויש־פאראידישטע פאָרם פון א שפּאַניש וואָרט וואָס באטייט אָנהויפענען די אָפּגעשניטענע תבואה) און ארומגיין ביי דער שנייד־און דרעש־מאשין, נאָר קענען אויך אומ־גיין מיט דעם „לאַסאָ" (א לאַנגער שטריק וואָס מען פארוואַרפט ארום האַלדז פון דער בהמה זי צו כאַפּן) און מיט דעם „פּאַקאָן" (א ברייט מעסער), „מארקירן דעם סקאָט" און „דאָמירן" (צוימען) די פערד נישט ערגער ווי די אַלטע באוואוינער פון דער פּאַמפּאַ.

פון אידישער קאָלאָניסטישער ארבעט האָט אויך געשריבן אברהם זייד. אָבער אין זיין קאָלאָניע, מאַניגאָטעס, (לעבן מאָזעסוויל), וואָס ער האָט א נאָמען געגעבן ניי־ראַבמיסטריוועקע, זעט מען בלויז אַלטע אידן — פּויערים אין טלית און תפילין, פאריכטן אין קויטיקן פּאָרהויז א כאָמעט און אויסטענהן זיך שלום עליכמדיק מיטן ריבונו של עולם וועגן די גזרות פון דער איקא און אירע אדמיניסטראַטאָרס, די רשעים.

א בייטראָג דער אידישער קאָלאָניסטישער ליטעראַטור, איז ד"ר לייבאָוויץ ראָמאַן „אייזיקס חלום", כאָטשע געשריבן האָט ער אים אין רוסיש. דער ראָמאַן איז צוויי מאָל איבערגעזעצט געוואָרן, איינמאָל פון בנימין סאַנגאַלאָווסקי פאַר „די פּרעסע" און א צווייטן מאָל פון דעם שרייבער פון די שורות צום דרוקן אין א בוך־פאָרם. דאָס איז א ראָ־מאַן פון א אידעאַליסטישן רוסישן אידן, וואָס איז מיט זיין גאַנצער טרוימערישקייט, נאַיוקייט און פרומקייט געקומען קיין ארגענטינע ארבעטן ערד און מאַכט דורך אַן אמתע אָדיסייע אין די איקא־קאָלאָ־ניעס, אונטער די רעזשימען פון זייערע אדמיניסטראַטאָרס...

די אידישע קאָלאָניע, ריכטיקער, דאָס אידישע קאָלאָניסטישע שטעטל, האָט אויך איר הומאָריסט. דאָס איז קלמן פארבער, ער איז א קאָלאָניסטישער זון, וואָס האָט פרי פארלאָזן די פעלד־ארבעט און זיך גענומען צו א שטאָטישער מלאכה און האָט יאָרן לאַנג געלעבט אין קאַרלאָס קאַסאַרעס, אין דעם קאָלאָניסטישן שטעטל, וואָס עמיצער,

מען ווייסט נישט ווער, האָט א נאָמען געגעבן ניי־קאסרילעווקע. און אז קלמן פארבער האָט זיך גענומען צו דער פען, באשרייבן די שטעטלשע פארשווינען, איז זי די פען זיינע, ווי פון זיך אליין, אוועק אויף דעם פאטשטאָוון שליאַך פון שלום עליכמס קאסרילעווקע. און וואָלט קלמן פארבער נישט געווען א מענטש מיט אייגענע אויגן, מיט אן אייגענעם ברי און אייגענעם ספּריט, וואָלט ער מסתמא געוואָרן נישט מער ווי אן אפּענדיקס פון שלום עליכמען אין ארגענטינע, ווי א סך אנדערע אין אלע תפוצות ישראל. האָט ער, אָבער גראָד געזען אזוינס וואָס אנדערע זעען נישט, כאָטשע די וועלט איז פאר זיי אזוי אָפן און ברייט און קלאָר ווי פאר אים. און ער האָט געזען ניי־קאסרילעווקער פילאנטראָפּן און פילאנטראָפּקעס און זיי אונדז געוויזן אזוי, אז מיר וועלן זיי קיינמאָל נישט פארגעסן, אזוי קאָמיש זיינען זיי מיט זייער גאנצער קאָנקורענץ איבער דער קימפּעטאָרן, וואָס גאָט האָט זיי צוגעשיקט און זיי קעכלען זי מיט איר מאן... ער האָט געזען אזוי אנדערש ווי אנדערע זעען די אידישע יוגנט ביי איר קולטור־ארבעט; די שטעטלשע ארבעטער און אַרבעטסגעבער און אויך נישט אידן האָט ער געזען און זיי אונדז גע־וויזן אינעם אידישן שטעטל, און אויך אזוי, אז מען קען זיי נישט פאר־געסן... קען מען פארגעסן דאָס גאוטש־קינד, וואָס כאפּט זיך אויף ביי־נאכט אין דער אידישער שטוב און דערשרעקט זיך פאר די ווייסע ווענט? דאָס איז א הומאָר, וואָס לאָזט נישט רוען, וואָס גייט נישט אין דער ברייט, נאָר אין דער טיף...

---

די פּובליציסטן פון דער קאָלאָניע און אירע כראָניקער אָדער מעמואריסטן, זיינען: נח קאצאָוויטש, וועלכער האָט געשריבן די גע־שיכטע פון דער קאָלאָניע מאָזעסוויל, ווי איינער פון אירע גרינדער, געדרוקט אין די איוואָ־בלעטער; ישראל פינגערמאן האָט אָנגעשריבן א פולשטענדיקע געשיכטע פון דער אידישער קאָלאָניזאציע אין אר־גענטינע — געדרוקט המשכים-ווייז אין דער „אידישער צייטונג"; יצחק יואל הורוויץ האָט געשריבן א געשיכטע פון דער קאָלאָניע לור־סיענוויל; פסח נחלת האָט אָנגעשריבן א געשיכטע פון דער קאָלאָניע סאן אנטאָניאָ (נאָך נישט געדרוקט); ברוך הויכמאן האָט אָנגעשריבן אין פארשידענע צייט־שריפטן, מערסטנס אין „די פּרעסע" אינטע־

רעספּאָנטע זכרונות פון זיין קאָלאָניע סאַן אַנטאָניאָ; ישראל לאַסעוו האָט אָנגעשריבן די געשיכטע פון דער קאָלאָניע כענעראל ראָקאַ אין דער טעריטאָריע ריאָ נעגראָ (געדרוקט אין די אַרגענטינער איוואָ־בלעטער).

פּובליציסטן פון דער קאָלאָניע זיינען אויך יצחק קאַפּלאַן — רעדאַקטאָר פון קאָלאָניסט „קאָאָפּעראַטאָר”, (אָרגאַן פון דער קאָלאָניסטישער אָרגאַניזאַציע „פֿראַטערנידאַד”; מאַרקאָס וואַרטמאַן, מיגעל קיפּען, יוסף אַקסענצאָוו, דר. אַדאָלפאָ רובינשטיין, ד. מערענער (פון די ענטרע־ריאָסער קאָלאָניעס אַרום דאָמינגעז); דער דערמאָנטער נח קאַצאָוויטש, ברוך רעכאָוויצקי, טוביה און אהרן טרומפּער פון מאָזעסוויל (סאַנטאַ פע); משה וולאַדימירסקי (אַ פּויער) פון סאַן סאַלוואַדאָר (ע. ריאָס) די ברידער יצחק און מאיר בורסוק, צוערשט פון בערנאַסקאָני, אין דער פּאַמפּאַ און דערנאָך פון סאַיענז פּעניאַ אין טשאַקאָ. נ. קריטשמאַר, צוערשט פון בערנאַסקאָני, דערנאָך אין טשאַקאָ, און אַלס אָנפירער פון אַ וועכנטלעכער אַגראַר־זייט אין „די פּרעסע”. ז. בראַדיטשאַנסקי און פּיקסל פון דער קאָלאָניע לאַפּין, מענדל זוסמאַן פון דער קאָלאָניע דאָרא, ברוך הויכמאַן פון די ענטרע־ריאָסער קאָלאָניעס סאַן אַנטאָניאָ און אובאַכאַי.

די מערסטע פון די דערמאָנטע זיינען געקומען צום אויסדרוק אין „די פּרעסע”. בכלל האָט „די פּרעסע” ברייט געעפנט אירע שפּאַלטן פאַר יעדן וואָס האָט געזוכט קומען צום אויסדרוק איבער די פראַגן פון דער קאָלאָניע.

---

מיט דער גרינדונג פון „די פּרעסע”, יאַנואַר 1918, באַקומען אַ מעגלעכקייט צו דרוקן זיך אַ ריי אָנפאַנגער און אַזעלכע, וואָס פּרוּוון זייערע כחות אין דער אידישער ליטעראַטור. צווישן זיי דערמאָנען מיר יוסף ליבערמאַן — פּראָפעסאָר פון אַגראָנאָמיע און ספּעציאַליסט אין היישעריק־פאָרשונג, — האָט געשריבן דערציילונגען פון דער קאָלאָניע ריוועראַ; מאַרקוס פאַרישעווסקי, וועלכער האָט זיך אוועקגעלאָזט מיט אַ רייזע איבער די דרום־אַמעריקאַנישע רעפּובליקן ביז פּאַנאַמאַ און האָט אין „דער פּרעסע” געדרוקט זיינע עקזאָטישע דערפאַרונגען וועלכע ער האָט שפּעטער געזאַמלט אין זיין בוך „צווישן ווילדע און ציוויליִ־

זירטע״; יוסף לערמאַן—א דערציילער פון דער אימיגראַנטישער סביבה; בנימין סאַגאַלאָווסקי, א סענטימענטאַלער דערציילער און איבערזעצער; בן ציון שלייפער, וועלכער האָט געפּרואווט זיינע כחות אַלס דערציילער פון דער ענטרע־ריאָסער קאָלאָניע; מאַלינאָוו פון מאָנטעווידעאָ, וואָס האָט געשילדערט קווענטעניקעס; פּרץ פינקעלשטיין, וואָס האָט געשריבן דערציילונגען פון אַרבעטער־לעבן; פּ. דונאיעווסקי, וועלכער האָט געשריבן בילדערישע קאָרעספּאָנדענץ פון מענדאָסאַ און דערנאָך געדרוקט רייזע איינדרוקן פון זיינעם א לענגערן באַזוך אין פּאַריז.

אין איין צייט מיט „די פּרעסע״, הויבט אָן דערשיינען די פּועלי ציוניסטישע „נייע צייט״, רעדאַקטירט פון דעם שרייבער פון די שורות און דאָרט אַרבעטן מיט מ. פּאָלאַק, יוסף מענדעלסאָן, ישראל העלפּמאַן, ב. שעכטער און אברהם וועקסמאַן. מערסטנס פּאַרטיי-פּובליציסטיק.

# אַרגענטיניש

אין 1919 דערשיינט ביי „דער אידישער צייטונג״ דער זאַמלבוך „אויף די ברעגן פון פּלאַטאַ״, וואו עס קומען צום אויסדרוק די מיט־אַרבעטער אירע: י. מענדעלסאָן, נח וויטאַל, ישראל העלפּמאַן, לעאָן מאַס, ש. גלאַזערמאַן, אברהם מאָשקאָוויטש, משה פּינטשעווסקי און אבאַ קליגער, פריער שוין דערמאָנטע און מיט צוויי יאָר שפּעטער, מאַכן די זעלבע שרייבער א פּרוּוו ארויסצוגעבן א חודש־זשורנאַל אונטערן נאָמען „אַרגענטינא״.

די איניציאַטאָרן פון דעם זאַמלבוך, ווי פון דעם חודש־זשורנאַל, האָבן זיך געשטעלט א באַשטימטן ציל, אחוץ דעם באַגער צו געבן זייער ליטעראַרישע אַרבעטן א מער דויערנדיקן ווערט, ווי זיי האָבן אין דער טאָג־צייטונג; זיי האָבן געוואָלט אונטערשטרייכן דאָס ספּעציפיש אַרגענטינישע, וואָס איז פאַראַן אין דער שאַפונג פון די אידישע שרייבער, וואָס לעבן און שרייבן אין אַרגענטינע. וועגן דעם שרייבט יוסף מענדעלסאָן אין זיין איינלייטונג צום זאַמלבוך, וואָס ער באַטיטלט מיט

דעם נאָמען „אונדזער סביבה און אונדזער געשטאַלט”: „דער שריפטשטעלער מוז זיך דאָך ערגעץ וואו געפינען ווען ער שרייבט זיין ווערק — ער וועט דאָך אין די רוימען נישט שאַפן — נאָר אין א וועלכן נישט איז לאנד. און יעדער לאנד, מעג עס יונג זיין, מעג עס ווי אומקולטורעל זיין, האָט דאָך אירע אייגענע מנהגים, אירע אייגענע זיטן, איר מיליע און דאָס אלעס, ווילנדיק נישט ווילנדיק מוז געפינען אן אָפשפיגלונג אין זיין שאפונג, קען ער אפילו שאפן זאכן, וואָס האָבן דירעקט אָדער מיט זיין נאציאָנאלער אָדער לאנדעס קולטור קיין שייכות נישט, אויב נאָר דער שרייבער ד ו פ ט ע ט מ י ט ן אָ ט ע ם פ ו ן א י י ן ל אַ נ ד, אויב ער איז אין דעם ג ע ב ו י ר ן אָדער א יי נ ג ע ז ע ס ן. (אונטערגעשטראָכן פונעם מחבר). און ווייטער: „דער שריפטשטעלער מוז זיין, ווי מען זאָגט אין העברעאיש, א מחובר לקרקע און נישט קיין תלוש, נישט קיין אָפגעריסענער פון איין לאנד און א פארפלאנצטער אין א צווייטן. דער שרייבער מוז האָבן איין באָדן, מוז האָבן זיין באָדן אונטער די פיס, פון וואנען יניקה צו שעפן...”

איך ברענג דאָ דעם לענגערן ציטאט פון דער איינלייטונג צום זאמלבוך, אויף צו ווייזן ווי אזוי שוין דעמאָלט אין 1919, איז דער געדאנק, אז די ארגענטינער אידישע ליטעראטור מוז זיין אן ארגענטינישע — ווי דאָס פלעגט אויף טריט און שריט באטאָנט ווערן פון מיר, ווי פון מיינע חברים העלפמאַן און וויטאל — געווען אלגעמיין אָנגענומען און עס האָט אים פארטיידיקט אזא ציוניסטישער פובליציסט ווי יוסף מענדלסאָן. און דער אמת איז, אז די שרייבער פון יענעם זאמלבוך זיינען וואָס ווייטער געוואָרן אלץ מער און מער ארגענטיניש, נישט בלויז באהויכט פון ארגענטינע, נאָר ממש איינגעוואָרצלט, באזונדערס העלפמאַן און וויטאל. אָבער, דער שרייבער פון דער איינלייטונג, האָט זיך געמוזט איבערצייגן, אז פאראן זיינען נאָך אנדערע כחות ווי דאָס לאנד, אין וועלכן מען וואוינט, וואָס באשטימען דעם וועג פון א שרייבער אין דער ליטעראטור.

מיט צוויי יאָר שפעטער, האָט דער זעלבער יוסף מענדלסאָן, אין זיין הקדמה (א נישט אונטערגעשריבענע) צום ערשטן נומער פונעם חודש־זשורנאל „ארגענטינא”, געמוזט אוועקשטעלן זייט ביי זייט מיט דעם לאנד, אויך פאלעסטינע, כאָטשע אין דער ארגענטינער אידישער לי-

טעראַטור איז אויסגעשלאָסן יעדע שאַפונג פון פאַלעסטינישן קאָלאָ־
ריט. עמיצנס א האַנט, די האַנט פון זיין פאַרטיי דער ציוניסטישער,
האָט אויף אים געדריקט און ער האָט שוין דאָרט געשריבן, אַז „פאַלעס־
טינא און אַרגענטינא, ביידע זיינען די לאָזונגען, וואָס קלינגען איצט
ווידער אַם הילכיקסטן אין דער אידישער וועלט, ביידע זיינען איצט די
לייכט-טורעמס פאַר דער אידישער וואַנדערונג און די האָפענונג אויף
א בעסער אידיש לעבן". און וואָס שייך אַרגענטינע, געפינט ער פאַר
נויטיק צו פּאַרטייטשן: „אַרגענטינא — מיינען מיר הויפּטזעכלעך די
אידישע אַרגענטינא, דאָס אידישע, וואָס האָט זיך אין משך פון די
יאָרן דאָ געשאַפן. אַרגענטינא — מיינען מיר דאָס היגע אידישע לעבן,
וואָס וועבט זיך דאָ, וואָס שאַפט זיך דאָ, וואָס איז א יונגע צווייג
פון דעם ברייטן און שטאַרקן אידישן שטאַם".

אויך נאָך אָט דער באַוואָרעניש אין דעם אַריינפיר־וואָרט, האָט
דער זשורנאַל קיין באָדן נישט געפונען פאַר זיין עקזיסטענץ, נישט
אין דער סביבה, וואו די שרייבער האָבן זיך פאַרשטעקט — אין דער
ציוניסטישער — און אוודאי נישט אין דער סביבה פון אידישן קול־
טור־לעבן, וואָס כאַפּט אַרום די אידישע אַרבעטערשאַפט און די נאָענט
שטייענדיקע צו איר פאָלקס מענטשן, און פון דעם זשורנאַל זיינען מער
ווי צוויי נומערן נישט דערשינען. די אוידיטאָריע און די פּעריפעריע,
וואָס דער זשורנאַל האָט פאַר זיך געהאַט — די אוידיטאָריע און פּע־
ריפעריע פון „דער אידישער צייטונג" איז אַלץ מער און מער אַרונ־
טערגעפאַלן אונטער דער ציוניסטישער ווירקונג, און געהאַלטן די אויגן
בלויז צו פּאַלעסטינע און עס האָט איר אַבסאָלוט נישט געקימערט דאָס
אידישע שאַפן אין אַרגענטינע. די גרויסע מערהייט אידישע יוגנט פון
דער שטאָט און פון די קאָלאָניעס האָבן אין די אידישע שולן, וואָס
זיינען אויך געשטאַנען אונטער ציוניסטישער ווירקונג, נישט באַקומען
די אידישע דערציאונג, וואָס זאָל זיי נאָענט מאַכן די אידישע ליטעראַ־
טור און איר אַרגענטינישן המשך אָדער אַרגענטינישן צווייג און די
שרייבער האָבן זיך דערזען אין א מאָדנער לאַגע. דער אויפריכטיקס־
טער צווישן זיי אַלע, ישראל העלפמאַן, אַליין א פּועלי ציוניסט, איז
דעמאָלט אַרויסגעקומען אין דעם וואָכנבלאַט פון די רעכטע פּועלי־
ציון „די נייע צייט", מיט א שאַרפן אָנגריף אויף דער פאַרדאַרבנדי־

קער ווירקונג פון דער ציוניסטישער דערציאונג, וואָס פירט צו אסי־מילאַציע די אידישע יוגנט, דערמיט וואָס זי פרעמדט זי אָפּ פון אידיש; שאַפן, וואָס פאר זיי איז וויכטיקער צו האָבן שפּאַניש־ריידנדיקע שקל־צאָלער איידער אידיש ריידנדיקע אידן. און „די נייע צייט" האָט דע־מאָלט באקומען אין „דער אידישער צייטונג" אזא פאָרוואורף פאר דער „חוצפּה", צו לאָזן אין א ציוניסטישן אָרגאַן, אָנפאלן אויף דעם ציוניזם, אז די שרייבער זיינען געוואָרן שטילער פון וואסער און ני־דעריקער פון גראָז. מער האָט מען שוין אין „דער אידישער צייטונג" און אויך אין „דער נייער צייט" נישט געהערט קיין איין וואָרט פארטיידיקונג פאר אידיש און אידישער קולטור. דאָס האָט געפירט דערצו, אז ישראל העלפמאן זאָל סוף כל סוף, אין 1926, פארלאָזן „די אידישע צייטונג". ער איז באלד טאקע אויפגענומען געוואָרן פאר א מיטארבעטער אין „די פרעסע", וואו ער האָט צוריקגעפונען זיין סבי־בה פון אידישן שאפן און זיין אוידיטאָריע, דעם אידישן ארבעטער און פאָלקס מענטשן.

דאָ האָט העלפמאן זיך אָנגעטראָפן מיט א צווייטן כח, וואָס איז געגאנגען קעגן זיין ארגענטיניש־אידישער איינשטעלונג, ווי קעגן דער איינשטעלונג פון זיינע חברים; געווען זיינען עס שרייבער, וואָס האָבן זייער שרייבערישע קאריערע אָנגעהויבן אין דער אלטער היים און האָבן דאָ געשריבן אויף טעמעס פון זייער שטעטל, פון זייערע דערפארונגען אין דער אידישער היים פון פוילן, פון אירע פארשוינען און קאָנפליק־טן, גלייך מיר וואָלטן געלעבט אין ארגענטינע דאָס פויליש-אידישע לעבן. געפירט האָט זיך ארום דעם ענין אין „די פרעסע" א שארפע פּאָלעמיק, אין וועלכער עס האָט זיך באטייליקט אחוץ דעם שרייבער פון די שורות, אויך ישראל העלפמאן און אנדערע. נאָר דאָס איז א ווייטערדיקער ענין.

ווי געזאָגט, זיינען מער ווי צוויי נומערן פון דעם זשורנאל „אר־גענטינא" נישט דערשינען. ער איז אָבער געווען א נייער אָנהויב פון ליטעראַרישע זשורנאלן, וואָס האָבן ארום זיך גרופּירט באשטימטע גרופּעס שרייבער.

# „פאר גרויס און קליין"

אינעם אילוסטרירטן וואָכנזשורנאַל „פ א ר ג ר ו י ס א ו ן ק ל יי ן", וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אָנהויב 1922, ביי „דער פרעסע" און איז געווען ווי דער נאָמען באַווייזט, געווידמעט פאר א ברייטן קרייז לייענער, דערין אויך פאר קינדער, איז אָפּגעגעבן געוואָרן אן אָנגעזעען אָרט דער ליטע־טור און דער ליטעראַטור־קריטיק. ארום אים האָבן זיך גרופּירט די שרייבער ארבעטער און פּאָרגעשריטענע אינטעליגענץ, און דאָרט אויך האָט זיך שוין געלאָזט פילן די ווירקונג פון די דעמאָלט נייע שטרע־מונגען אין דער אידישער ליטעראַטור, אָנגעווייעטע פון דער ווארשע־ווער „כאַליאַסטרע" מיט אירע דריי קעפּ: פּרץ מארקיש, אורי צבי גרינ־בערג און מלך ראַוויטש, ווי פון דעם „פּראָלעטקולט", וואָס זיינע באַ־גייערישע דערפּאָלגן האָבן זיך דערטראָגן אהער דורך די קאָרעספּאָנ־דענצן פון מ. אָלגין, וואָס „די פרעסע" האָט איבערגעדרוקט. די זעלבע ווירקונג האָט זיך אריבערגעטראָגן אויך אינעם אָרגאַן פון די לינקע פּועלי ציון, „דאָס ארבעטער־וואָרט", וואו דער שרייבער פון די שורות האָט געשריבן ליטעראַטור־קריטיק.

אין „פאר גרויס און קליין" האָט יוסף אקסענצאָוו אָנגעהויבן דרוקן זיינע איבערזעצונגען פון כאַווער דע וויאַנא, פּ. א. ארסואַגא, ערנעסטאָ מאָראַלעס, ראַפאַעל באַרעט, ג. פלאָרעס און אנדערע ארגענ־טינע דערציילער, וואָס האָבן מיט זיך פּאָרגעשטעלט דעם סאָציאַליס־טישן דור ארגענטינער שרייבער, אויפגעקומענע מיט דעם אריינדרינ־גען פונעם סאָציאַליזם און אנארכיזם און דער אנטשטייאונג פון דער ארבעטער באַוועגונג אין ארגענטינע. טייל פון זיי האָט ער שפּעטער ארויסגעגעבן אין בוך־פאָרם און זיי פאַרנעמען אן אָרט אין דער אר־גענטינער אידישער ליטעראַטור צוזאַמען מיט די ווערק פון האָראַסיאָ קיראָגאַ, בעניטאָ לינטש, מאַנועל גאַלוועז, ריקאַרדאָ גויראַלדעז, ווי דאָס הויפּט־ווערק פון סאַרמיענטאָ: „פאַקונדאָ", וואָס זיינען איבער־געזעצט פון דעם שרייבער פון די שורות און פון אנדערע און געדרוקט אין די טעגלעכע צייטונגען.

געווען איז „פאר גרויס און קליין" אויך די ערשטע אויסגאבע פאר קינדער־ליטעראטור. דאָרט האָבן זיך איבערגעדרוקט די לידלעך און מעשהלעך פון די ווילנער און פון די סאָוועטישע אידישע קינדער־זשורנאלן, די דערציילונגען פון יאנוש־קאָרטשאַק, די באשרייבונגען פון העלענא כאצקעלעס, אליעזר שינדלער א"א. נ. פרוכטער האָט אײַ־בערגעזעצט פאר די קינדער די גוזמאות פון באראָן פאָן מינכהויזן און געשריבן א קיצור פון „דאָן קיכאָט" און פסח סאגאלאָוו, דעמאָלט א לערער אין דער קאָלאָניע ריוועראָ, האָט אין „פאר גרויס און קליין" אָנגעהויבן שרייבן זיינע קינדער־דערציילונגען פון דער קאָלאָניסטי־שער סביבה.

# לייב מלאך

אין יענער צייט — 1922 — קומט קיין ארגענטינע לייב מלאך און ער דרוקט אין „פאר גרויס און קליין" זיינע סענטימענטאַל־פאָלקס־טימלעכע, כמעט פאָלקלאָרישע באלאדן און פאָעמען, וואָס זיינען ווי פון א קינד געשריבן און זיינען עכטער נישט געקינצלטער לייען־שטאָף פאר קינדער. איך האָב דעם איינדרוק, ווען איך טראכט פון אָט די באַ־לאַדן, אז לייב מלאך האָט מיט זיי אויסגעפילט א ליידיקן שטח, אי־בער וועלכן די אידישע ליטעראטור איז געהאט אריבערגעשפרונגען, אָנהויבנדיק באלד מיט סאטירע, אלעגאריע און סימוואָליסטיק.

עס איז דעמאָלט די צייט פון פארשטארקטער שול־טעטיקייט ביי דער אידישער ארבעטער־געזעלשאפטלעכקייט. דער וועלטלעכער אידי־שן שול־וועזן אין ארגענטינע, ביז דעמאָלט א ראכיטישער, כמעט אין די וויקעלעך, אן אויפגעקומענער אונטערן איינפלוס פון די רייכמאן־מעדעם־שולן אין ווארשע, האָט מיט דער נייער איינוואנדערונג, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, צובאקומען נייע טוער, נייע לערער און אויך נייע שרייבער, וואָס האָבן זיך גענומען צו דער קינדער־ליטעראַ־טור. נאָר וועגן זיי וועל איך שפעטער ריידן.

לייב מלאך איז א קינד נישט נאָר אין זיינע ערשטע סענטימענ־

טאַלע באַלאַדן. ער איז עס אויך אין זיין ווייטערדיקן אַלץ רייפערן און רייפערן שאַפן, וואָס איז גאַנץ אינטענסיוו געווען אין משך פון די פיר אָדער פינף יאָר, וואָס ער האָט דאָ פאַרבראַכט. געבראַכט האָט ער קיין אַרגענטינע אחוץ דעם שלל באַלאַדן, אויך זיין בוך „אָפּפאַל". דיאַלאָגן אין פערזן, ווי ער רופט עס אָן און ווייזט די אונטערוועלט פון א גרויסער פוילישער שטאָט, איבערהויפּט פרויען פון די שאַנד־הייז־לעך אין א נאַיווער כמעט קינדערשער שיין און דעם מחבר זעט מען אומגיין צווישן זיי ווי א יעזוס־געשטאַלט, וואָס טראָגט פאַר זיי טרייסט און זוכט פאַר זיי דערלייזונג.

זיין מיטאַרבעט אין „די פּרעסע" האָט זיך אָנגעהויבן באַלד ווי ער איז געקומען, מיט סאָנעטן צו ראָסינאַ, צו א מיידל פון „אָפּפאַל", וואָס איז אין דער בראַזיליענישער הויפּטשטאָט מגולגל געוואָרן אין א געליבטער פון א בראַזיליענישן האַלב שוואַרצן זשענטלמען און דער מחבר פאָלגט איר נאָך ווי יעזוס אין דער געשטאַלט פון א פּאַזש, און זינגט אויס איר קראַנקע ראָמאַנטיק אונטער די גאָלד־שטראַליקע שויבן פון איר פּאַלאַץ.

אויף אָט דער קאַנווע האָט ער שפּעטער געשריבן זיין דראַמע „איבערגוס", אין וועלכער עס גייען דורך די ראַנגלענישן פון רייזל — ראָסינאַ אַרויסצוהויבן זיך פון דער אונטערוועלט־סביבה, וועלכע איז אין ריאָ דע זשאַנעיראָ א רייכער אויסגעפּוצטער גלגול פון דער וואַר־שעווער; ווי זי ווערט, פון איין זייט, צוריקגעשלעפּט פון דער אונ־טערוועלט־געזעלשאַפט און פון דער אַנדער זייט אָפּגעשטויסן פון דער באַלעבאַטיש אָנשטענדיקער געזעלשאַפט און איר מאָראַל.

דאָס איז די דראַמע, וואָס האָט דאָ אזא סקאַנדאַל אַרויסגערופן ווען אן עמפּרעסאַר פון אידיש טעאַטער האָט זי אָפּגעוואָרפן מיט דעם אויסרייד, אז זי וועט אים שאַטן צו דער פּרנסה און איז דערנאָך אויפ־געפירט געוואָרן פון א ליבהאָבער־טרופּע.

דעם זעלבן כאַראַקטער טראָגן זיינע רעפּאָרטאַזשן פון דער בור־ענאָס איירעסער האַפן־געגנט, אויך געדרוקט אין „די פּרעסע", אָבער געשריבן זיינען זיי מיט א פּעסטערער האַנט, ווייל געזען שוין נישט מיט סענטימענטאַלע קינדישע אויגן, נאָר מיט אויגן פון א קינסטלער, וואָס זיין פּאַליטרע איז באַרייכערט געוואָרן מיט נייע פאַרבן.

זיין בראזיליענישער ראָמאן „דאָן דאָמינגאָס קרייצוועג" איז דער
וועג פון רייזלס א ברודער, וואָלט איך געזאָגט. אים, דעם מאנסביל
פון דער אידישער אָרעמקייט אין פוילן, איז יאָ געלונגען זיך „איבער־
צוגיסן" אין בראזיל. ער האָט זיך דאָרט ארויפגעארבעט און געוואָרן
א בעל דעה אין דער אידישער ווי אין דער נישט אידישער געזעלשאפט.
דער דאָזיקער ראָמאן איז געשריבן מיט פארנעם און זיינע העלדן, די
מענער, ווי די פרויען, זיינען פולבלוטיקע און רעאלע. ער איז שוין דאָ
אינגאנצן אוים סענטימענטאלער דערלייזער פון די געפאלענע און בלויז
קינסטלער.

באזונדער מערקט זיך זיין קינסטלערישע רייפקייט אין זיינע רע־
פּאָרטאזשן וואָס ער האָט געשריבן נאָכדעם ווי ער האָט פארלאָזט אר־
גענטינע אין 1926, פון פאלעסטינע, פון שפאניע און האָלאנד, ווי אין
זיין אויטאָביאָגראפישער דערציילונג „אלטערס קינדער יאָרן". אין זיי־
נע דראמען, אויך אין די וואָס ער האָט געשריבן אין דעם שפּעטער־
דיקן פעריאָד, שווימט שוין ווידער ארויף זיין סענטימענטאליזם. גע-
שטאָרבן איז ער 1936 אין פאריז. ל. מלאך גופא האָט זיך געהאלטן
פאר אן ארגענטינער אידישן שרייבער, און האָט זיך פאר אזעלכן אויך
אויסגעגעבן. וואו ער איז געקומען, האָט ער, אלס אזעלכער, ברייט באַ־
קאנט געמאכט דעם ישוב און זיינע שרייבער. און מיט רעכט. דאָ האָט
ער זיך אויסגערייפט און דאָ האָט ער באקומען א פריי אומבאגרעניצט
פעלד פאר זיין שאפן און דער עיקר די געהעריקע אויפמערקזאמקייט,
וואָס שרייבער נויטיקן זיך אין איר. אָט די אויפמערקזאמקייט האָט א
היבשן חלק אין ל. מלאכס פּראָדוקטיווקייט.

אין ארגענטינע, ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען, איז מלאך אויך
רייף געוואָרן סטיליסטיש און אידייאיש. מלאכס שפּראך, איבערהויפּט
אין דער פּראָזע, איז מיט דער גאנצער פארכאפנדיקער זאפטיקייט און
ווייכקייט, ווייבלעכקייט, וואָלט איך געזאָגט, פון איר אָפּשטאם —
דער פּויליש־אידישער געדיכטעניש — געווען א מין ווילדערניש, אין
וועלכער עס איז שווער געווען דורכצוהאקן א וועג דעם רעדאקטאָר
זיינעם, דעם שרייבער פון די שורות, וואָס האָט זיך דערצויגן אויף
דער גראמאטיקאלישער פּראָזע פון דער קלאסישער אידישער בעלעט־
ריסטיק און פּובליציסטיק. איך פלעג אָפט רעזיגנירן ביי דעם מינדסטן

פּרואוו זיין פּראָזע אוסצופלאָנטערן, אויסצוויעטן, אויס מורא איך זאָל גישט צוזאמען מיט דעם שפּראַכלעכן ווילדגראָז אויסיעטן אָט די כאַראקטעריסטישע לאָקנדיקע ווייבלעכקייט פון זיין פּוילישן אידיש. און ווען מען פאַרגלייכט מיט זיינע ערשטע פּראָזע־פּרואוון אין ארגענטינע, די רייזע איינדרוקן, וואָס ער האָט געשריבן אין „די פּרעסע״, פון דער שיף מיט וועלכער ער איז פונדאַנען אָפּגעפאָרן קיין נאָרד אמעריקע אין 1926, מוז מען באוואונדערן די מענערישקייט, וואָס קלינגט אין זיי. דאָס אייגענע איז מיט זיין אידייאישער אויסרייפונג. דער סענטימענטאַלער קליינשטעטלדיקער יונגערמאַן — ווען אפילו פאַרטייאיש אָן אָנגעהעריקער צו דער לינקער מארקסיסטישער פּועלי ציון פארטיי — שרייבט שוין אָט די איינדרוקן זיינע, מיט א ברייטן סאָציאַל-פּאָליטישן בליק און זעט דורך אָט דעם בליק די פאַרשידנפאַרביקסטע פאַרשויינען, אויף וועלכע ער שטויסט זיך אָן.

# אהרן פּייערמאַן

אין „פּאַר גרויס און קליין״ און אין די זונטיק-נומערן פון „די פּרעסע״ פון יענער צייט — 1922 — האָבן זיך גענומען באווייזן האַלבדערציילערישע נאָכטראַכטעגישן אָדער נאָכטראַכטערישע דערציילונגען — פּשוטער גערעדט — אימפּרעסיעס אזעלכע, ביז גאָר שארפע, מיט א שטענדיקן העלד וואָס טראָגט דעם נאָמען דאָן קלימענטע ביינקמאַן. אונטערגעשריבן פון אהרן פייערמאַן.

דער דאָזיקער העלד, מיט דעם ספּעציפישן נישט אידישן ערשטן נאָמען פון א קרעאָל און דעם אידישן פאמיליען-נאָמען, וואָס דייט אָן אויף „גרינקייט״, האָט פאַראינטריגירט שוין דערמיט אליין. דאָן קלימענטע ביינקמאַן איז א „קלאַפּער״, א הויזירער איבער די גאַסן פון דער פאַרשטאָט באַראקאַס, א בחור און א גרינער, וואָס איז דאָך נישט מער ווי א מענטש, פול מיט בענקשאַפט, מיט אומרו, מיט נישט אויסגעלאָדענער ליידנשאפט, און מיט א פליענדיקן קאָפּ.

דער נאָמען דאָן קלימענטע איז ביי אים, אז איר ווילט, א פּרנסה־זאַך, נאָר אין דער אמתן איז ער א האלב פון זיין צעריסענעם איך, וואָס פליט אום צווישן איין פּאָליוס און דעם צווייטן, צווישן זיין פּאָדאָליער גייסטיקן יחוס און זיין ארגענטינער הפקרדיקער עקזיסטענץ, וואָס פארבינדט אים קערפּערלעך מיט וועמען עס איז, מיט א „גרינער ליטוואַטשקע", וואָס וויל קומען צו לייט אָדער מיט דער קרעאָלקע כור־אנא, וואָס וואשט אים דאָס וועש און איז אָנגעשטאָפּט מיט מענער פונקט ווי מיט יאָרן, און האָט שוין פון אים א ממזרל מיט א אידיש נעזל...

דאָן קלימענטע ביינקמאַן ווערט נאָכדעם פארוואָרפן צווישן די קאָרדאָבער בערג און אויך דאָרט פליט ער אום צווישן זיין פּאָדאָליער חזניש־דיינישן יחוס און זיין ארגענטינישן עלנט און אומרו, וואָס זוכט וואו צוצוטוליען זיך און פאלט אריין צו א שווארצער, ווייל ער פארליידט נישט די באלעבאטיש נודנע שטיבער.

פון דאָרט אויך האָט ער געבראכט זיין לעצט דערשינענעם ראָמאַן „איז געקומען א איד אין וואלד", וואו דער העלד איז א איד פון דעם זעלבן פּאָדאָליער יחוס, נאָר א גאנצער אויפטוער, נישט קיין „קלאַפּער", נאָר א ציוויליזאַטאָר און אינדוסטריאליזאַטאָר פון דעם ארגענטינישן וואלד, און געווינט מיט זיין העלדישקייט און געוואגט־קייט די ליבע, שוין נישט פון א שווארצער כואנא, נאָר פון דעם רייכן וואלד־באַזיצערס קאַפּריזנער הייס־בלוטיקער טאָכטער. אין דעם ראָ־מאַן קומט צום אויסדרוק די נאַצישע ווירקונג אויף דעם ארגענטינישן פּשוטן פאָלק און אויף דער ארגענטינישער הויכער געזעלשאַפט.

ווייניק שרייבער האָבן זיך ביי אונדז פארנומען אויף דעם וועג פון ארגענטיניש־אידישן ראָמאַן און דאָס בוך איז דעריבער אויפגע־נומען געוואָרן זייער גערן. ארויסגעגעבן האָט דאָס א קאָמיטעט. אין אהרן פּייערמאַן שטעקט נאָך צופיל יענער אומרואיקער פליענדיקער קאָפּ פון דאָן קלימענטע ביינקמאַן, דער צעריסענער צווישן זיין פּאָ־דאָלער יחוס און ארגענטינישן הפקרדיקן עלנט, דער געזעלשאַפטלעך־אומדיסציפּלינירטער „קלאַפּער", דער שרייבער פון די קורצע אימ־פּרעסיעס, אז ער זאָל געווען אויסטראָגן דעם ראָמאַן פון דעם אידן צ-דער פון די אידן, וואָס האָבן אזוי פיל בייגעטראָגן צו דער ציוויליזאַ־

זירונג און אינדוסטריאַליזירונג פונעם אַרגענטינישן לאַנד. אהרן פּיי־ערמאַן האָט זיך דערטראַכט צום איניען אַרגענטיניש־אידישער סינ־טעז; ער זוכט אים אָבער אויף אַ פאַלשן וועג, אויף דעם וועג פון דער קערפּערלעכער התקרבות, אין וועלכער עס איז אַריינגעפאַלן זיין העלד דאָן קלימענטע ביינקמאַן, באַלד ווי ער איז אַהער געקומען, אין זיינע גרינע יאָרן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

## נתן פּרוכטער

ווען מען רעדט וועגן די פּרואוון צו שרייבן אַן אַרגענטיניש־אי־דישן ראָמאַן, מוז מען דערמאָנען נתן פּרוכטער, רעדאַקטאָר פון דעם וואָכנבלאַט די „געזעלשאַפט", געגרינדעט דורך דעם ענטרע־ריאָסער לערער יעקב שטיינבערג אין 1917. נ. פּרוכטער האָט איבערגענומען דעם וואָכנבלאַט און אים פאַרוואַנדלט אין אַ פאַמיליען־זשורנאַל פון וועלכן עס זיינען דערשינען עטלעכע און זעכציק נומערן. דאָרט האָט נ. פּרוכטער געדרוקט אין המשכים אַ ראָמאַן אונטערן טיטל „אין דער פרעמד", וואָס איז אייגנטלעך געווען דער ערשטער פּרואוו פון אַ אי־דיש־אַרגענטינישן ראָמאַן. שפּעטער איז נ. פּרוכטער געוואָרן אינע־וויניקסטער מיטאַרבעטער פון „דער פרעסע" און „פאַר גרויס און קליין", וואו ער האָט איבערהויפּט זיך אָפּגעגעבן מיט די אָפּטיילונ־גען פון היים און שול. לעצטנס האָט ער אַרויסגעגעבן אַ טעקסטבוך פון אַרגענטינישער געשיכטע אין אידיש.

## מענדל פּשעפּיורקע

פון דער נאָך־מלחמהדיקער פּוילן, מיט איר שאַרפן ווענד אויף לינקס, איבערהויפּט צווישן דער פלאַמיקער אידישער יוגנט, אונטערן איינפלוס פון דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש אויף דער מזרח־דיקער גרעניץ און פון דעם באָלשעוויסטישן מאַרש אויף פּוילן, האָט

די באנייטע וואנדערונג גענומען צושלאָגן צו די ארגענטינישע ברעגעס, מחנות פון איר טעמפעראמענטפולער ברויזנדיקער אידישער ארבעטער־שאפט און צוזאמען מיט איר — פארטרעטער פון אלע אידישע ארבע־טער־פארטייען, וואָס זיינען טעטיק געווען אין פוילן, וועלכע האָבן תיכף ומיד גענומען באפעסטיקן די פאראנענע אידישע קולטור־אינס־טיטוציעס און גרינדן נייע.

צווישן זיי איז געווען אויך מענדל פשעפיורקע, א סופרישער זון און לינקער פועלי ציוניסט, שוין אן אָנגעשטעקטער מיט די ליקווידא־טאָרישע שטימונגען פון דעם פועלי ציון־פירער שאול אמסטערדאם אין פוילן און טייל לינקע פועלי ציון אינעם ראטנפארבאנד. ער איז באלד אויפגענומען געוואָרן אין דער אָנפירונג מיט דער פארטיי אין ארגענ־טינע און גענומען פירן אין איר ליקווידאטאָרישע ארבעט, צוזאמען מיט טייל עלטערע חברים.

באזונדערס, אָבער, האָט ער ארויסגעוויזן א שטאַרקן אינטערעס אין דער שול־ארבעט, ביי די באָרוכאָור־שולן, ביים געגרינדעטן שול־ראט פון די וועלטלעכע שולן און ביי דער קולטור־ארבעט בכלל: גרינ־דונג פון נייע ביבליאָטעקן, דראמאטישע קרייזן, אָוונט־שולן, איינאָר־דענונג פון רעפעראטן, קעסטל־אָוונטן און משפטים איבער ליטעראַרי־שע פארשוינען און געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס. אין אָט דער אינטענסיווער קולטור־ארבעט האָט מ. פשעפיורקע גענומען דעם טיכטיק־סטן און אלזייטיקסטן אנטייל. ער איז געוואָרן א לערער, אן אָרגאַני־זאטאָר, א רעדנער און אויך א פובליציסט.

פארמאָגט האָט מענדל פשעפיורקע א צינדנדיקן טעמפעראמענט און זיין געשריבן ווי זיין גערעדט וואָרט איז געווען אזוי שניידיק ווי פאטעטיש. אידישע ארבעטער פלעגן זיין נאָמען ארויסריידן מיט ליב־שאפט און פארערונג און באלעבאטישע אידן פלעגן זיין נאָמען דער־מאָנען מיט א געוויסער שרעק, ווי א סימבאָל פון דער אידישער רעוואָ־לוציאָנערער באוועגונג אין ארגענטינע. געוואָרן איז ער תיכף מיטאר־בעטער אין דער יונגער „די פרעסע" און דאָרט געשריבן זיינע רעוואָ־לוציאָנער־שניידיקע און פאטעטישע ארטיקלען אויף די פארשידנסטע פראגן. פון צייט צו צייט, האָט ער אויך געשריבן שארפע סאטירישע בילדלעך, מיניאטורן, פון דער אידישער און נישט אידישער פאָליטי־

שער און סאָציאַלער טעטיקייט אין דער הויפּטשטאָט און שפּעטער אין מענדאָסאַ, וואו ער איז געוואָרן לערער אין דער פּריש־געגרינדעטער וועלטלעכער שול.

דער נאָמען מענדל פּשעפּיורקאָ און זיינע פּסעוודאָנימען: סאַראַ לעווענבוים, א פויגל א״א האָבן אין משך פון צוועלף יאָר באַפּאַרבט די אַרגענטינישע אידישע זשורנאַליסטיק און די אידישע ליטעראַטור מיט דעם רויטן שטריך, וואָס איז אים אייגן געווען. אין די יאָרן 1933 און 1934 האָט ער רעדאַקטירט א חודשלעכע אויסגאַבע פון דעם פּויליש־אידישן פאַרבאַנד, וואו ער איז געווען אָנגעשטעלט, און אין דער זעלבער צייט מיטגעאַרבעט אינעם זשורנאַל „אויף דער וואך" פון דער פּאָלקס אָרגאַניזאַציע קעגן אַנטיסעמיטיזם און פאַשיזם. אין 1934 איז דער טעמפּעראַמענטפולער, שטענדיק פּולבלוטיקער מענדל פּשעפּיורסקע געשטאָרבן פון א שווערער קראַנקייט אינמיטן דער איבערגעגעבענער אַרבעט זיינער קעגן אַנטיסעמיטיזם און פאַשיזם. א גרופּע פריינט האָבן אין 1939 אַרויסגעגעבן א פּשעפּיורקע־בוך, אין וועלכן עס זיינען אַריינגעקומען זיינע געלונגנסטע פּובליציסטישע און בעלעטריסטישע אַרבעטן.

## א. מאַרגאָלין

צו דער פּלעיאַדע אין יענער צייט איינגעוואַנדערטע רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־אינטעליגענץ, געהער אויך אהרן מאַרגאָלין, וואָס האָט באַלד ביי זיין אָנקומען געגומען דרוקן אין „די פּרעסע" רייזע־איינדרוקן אונטערן טיטל: „פון וואַרשע קיין בוענאָס איירעס" און שפּעטער א ריי דערציילונגען, בילדער און פעליעטאָנען, אונטער זיין אייגענעם נאָמען, ווי אונטערן פּסעוודאָנים: אמן. מאַרגאָלין איז פון יענע שרייבער, וואָס האָבן שטענדיק א פאַראויסבאַשטימטן פּראַקטישן ציל, וועלכן זיי ווילן דערגרייכן מיט זייער שרייבן; אזוי פאָרויסבאַשטימט און פּראַקטיש, אז דאָס נעמט ביי זיי אוועק די אויפמערקזאַמקייט צו דער סביבה אָדער פאַרשמעלערט זי און עס פעלט זיי דערי־

בער די אטמאָספער און איר הומאָר. אזא איז ער אין זיינע דערציי־לונגען פון זיין אלטער היים אין ווייסרוסלאנד און אזוי אויך אין די דערציילונגען פון דער ארגענטינישער שטאָט און פון די פּראָווינצן, וואָס ער האָט דורכגערייזט אין דער לענג און אין דער ברייט אלס וואנדערנדיקער פאָטאָגראף אָדער אלס משולח פון פארשידענע געזעל־שאפטלעכע אָרגאַניזאציעס. זיינע דערציילונגען זיינען צעוואָרפן אי־בער „די פרעסע", און אין די זשורנאלן „דרום־אמעריקע", ניי־וועלט", „אין גאנג" און „איקוף". אויך א. מארגאָלין האָט מיטגעארבעט אין דער „פאָלקס אָרגאַניזאציע קעגן אנטיסעמיטיזם און פאשיזם", די גאנצע צייט פון איר עקזיסטענץ, ווי אויך אין דער אָרגאַניזאציע פאר הילף די אידישע איבערוואנדערער אויף ערד אינעם ראטנפארבאנד („פּראָקאָר") און אין זייערע אָרגאַנען: „אף דער וואך", „ניי־ערד", „דער פויער" א"א. אין 1929, איז דערשינען א. מארגאָלינס א בוך דערציילונגען אונטערן נאָמען „צווישן רעדער".

## מענדל זאקס

מענדל זאקס, אויך געקומען אין יענער צייט, איז געווען סטו־דענט פון פילאָזאָפיע אין דער ווארשעווער אוניווערזיטעט און א בקיא אין דער פוילישער ליטעראַטור. זיין הויפּט־אינטערעס האָט ער אוועק־געגעבן סלאָוואַצקין און אדאם מיצקעוויטשן און האָט אין „די פרע־סע" אָפּגעדרוקט א גרינטלעכן שטודיום איבער מיצקעוויטשעס ווערק „דזיאדי" (די זיידעס), ווי אויך אנדערע שטודיומס. באלד ביי זיין אָנ־קומען האָט ער געוואוינט אויף די ביישטאָטישע אינדזלען פון דער „דעלטא", וואו דער טייך פאראנא גיסט זיך אריין אין דעם טייך דע לא פּלאטא און דאָרט זיך פארינטערעסירט מיט זייער פאונא און פלאָ־רא, מיט זייערע חיות און פלאנצן, ווי מיט זייערע באוואוינער און ארט לעבן. א גרעסערע באשרייבונג פון אָט די אינדזלען אין „די פרע־סע", איז געווען דער דעביוט פון מענדל זאקס אין דער אידישער לי־

טעראטור. שפעטער איז ער איבערגעגאנגען צו זשורנאליסטיק, צו טע־אטער־קריטיק און ליטעראטור־קריטיק אין דער „פאָלקסשטימע" און אין „וועג" אונטערן פסעוודאָנים עמזא.

## ש. ראָזשאנסקי

שמואל ראָזשאנסקי, איצטיקער טעאטער־רעצענזענט און קאָלום־שרייבער אין „דער אידישער צייטונג", מיטארבעטער און מיטרעדאק־טאָר פון די „ארגענטינער איוואָ־שריפטן" און שטענדיקער פירנדיקער מיטגלידער פון ארגענטינער איוואָ און איניציאטאָר פון דער צענטרא־לער ביבליאָטעק ביים איוואָ; געוועזענער מיטרעדאקטאָר פון די „סאָ־ציאַליסטישע בלעטער", צוזאמען מיט פ. וואלד, איניציאטאָר פון דער שרייבער גרופע „זעגלען" און רעדאקטאָר פון איר אויסגאבע אונטערן זעלבן נאָמען, האָט אויך דעביוטירט אין 1923 מיט אידישע דערציי־לונגען אין „די פרעסע".

שמואל ראָזשאנסקי זייער אן ארבעטזאמער און א פרוכטבארער, א באהאוונטער און א פינקטלעכער, א דיסציפלינירטער טוער, וואָס געווינט דערמיט אלעמענס רעספעקט. אין דער גרופע „זעגלען", וואָס שמואל ראָזשאנסקי האָט אָרגאניזירט אין 1925 ארום דעם זשורנאל, זיינען געווען אויסער אים אליין: שמואל גלאזערמאן, יעקב אייזנ־שטיין, יעקב שטרייכער און א. מאָשקאָוויטש. פון דעם זשורנאל זיי־נען דערשינען צוויי נומערן.

ש. ראָזשאַנסקים פינקטלעכקייט, ביז פעדאַנטעריי, רופט זיך אָפּ אויף זיין שריפטשטעלערישער אַרבעט. עס געווינען אפשר דערפון זיי־נע קריטישע אָפּהאנדלונגען — און ער האָט אזעלכע אָפּהאנדלונגען געשריבן א היבשע צאָל, איבערהויפּט איבער י. ל. פרץ — אָבער עס ליידן דערפון זיינע דערציילונגען, וואָס פילן זיך ווי באצוואונגען פון אים, ווי קינדער אונטער דער האנט פון א בייזן צודרינגלעכן טאַטן. זיינע געשילדערטע פארשוינען איז אָפּט נישט מקנא צו זיין, צוליב דער מורא זיינער זיי פריי צו לאָזן זיי זאָלן האנדלען ווי זיי אליין פארשטייען.

---

צו יענער צייט האט אויך אנגעהויבן דרוקן דערציילונגען ל. בעל־גאראדסקי, וואס זייער ווערט באשטייט נישט אזוי אין דער סביבה, וואס זיי שילדערן גאנץ קנאפ, ווי אין דעם ספעציפישן ליידנשאפט־לעבן טעמפּ, אין וועלכן זיי זיינען געשריבן און גיבן איבער דעם גע־מיט פון דעם יונגן ארגענטינישן איד, וואס האט נישט קיין אנדער גייסטיק לעבן ווי דעם קאבארעט.

# יעקב באטאשאנסקי

דער ארגענטינער אידישער ליטעראטור קומט צו אין יענעם יאר, 1923, א שפרודלדיקער כוח, א פילזייטיקער טאלאנט און אומרואיקער טעמפעראמענט, וואס ברענגט אין איר אריין א נייע פארב. דאס איז יעקב באטאשאנסקי.

ער באווייזט זיך צוערשט מיט קורצע פעליעטאנען, וואס כאפּן אויף דעם אטעם פונעם טאג, מיט א מין רוחיש־ציגיינערישן הומאר. ער איז שוין דעמאלט נישט קיין נייער אינעם פאך. „די פרעסע" האט שוין געהאט איבערגעדרוקט א ריי פעליעטאנען זיינע אונטערן פסעוו־דאנים יאנקעלע גיבאלעס, פון קעשענעווער „אונדזער צייט", דורך וועלכע זי האט באקאנט די לייענער מיט די בעסאראבער שטימונגען אונטער דער הערשאפט פון די רומענער.

געקומען איז ער צו „די פרעסע" ווי צו אייגענע און דא אויסגע־פאקעוועט, ווי דער פאקנטערענער ביי מענדעלען, דעם גאנצן רומל, וואס ער האט געבראכט מיט זיך פון דער היים, פון אדעס און פון קעשענעוו, פון יאס און גאלאץ, פון בראילא און פון בוקארעשט, פון דער טשער־נאוויצער „פרייהייט", וואו ער האט געדרוקט פעליעטאנען און אר־טיקלען, געשריבן „רעווים" צוזאמען מיט יעקב שטערנבערג פארן בו־קארעשטערט אידישן טעאטער און פארפאסט אן איינאקטיקע קאמע־דיע „הערשעלע אסטראפאליער" און שוין געהאט אנגעהויבן שרייבן זיין דראמע „רעב בער ליעווער".

צוויי יאָר האָט ער דאָ אָפּגעאַרבעט אין „די פּרעסע" און איז אַהיימגעפאָרן, מיט דעם געדאַנק, ביי די חברים פון דער צייטונג, אַלע־פאַלס, אים צוריק צו האָבן מיט זיי אין אַ שטיקל צייט אַרום. פאַר דער צייט האָט ער באַוויזן צו געווינען די סימפּאַטיע און אָנערקענונג פון דעם ברייטן עולם מיט זיינע פעליעטאָנען, רייזע איינדרוקן, דערציי־לונגען, ליטעראַריש־קריטישע עסייען און טעאַטער רעצענזיעס, וואָס ער האָט געשריבן אַלס טעאַטראַל, אַלס מענטש וואָס איז געשטאַנען ביים טעאַטער און קען אים נישט נאָר פון דעם פּאַרטער, נאָר אויך פון הינטער דער בינע.

צוריקגעקומען איז ער אין 1926, און אַ שפּרודלדיקער, ווי שטענ־דיק, האַלט ער ביז היינטיקן טאָג אין ברויז, אַזוי צו זאָגן, דעם לייענער, מיט זיינע שאַרפמעסערדיקע פעליעטאָנען, באַהאַוונטער ליטעראַטור־קריטיק, רייכפאַרביקע רייזע-איינדרוקן און שאַרפזיניקע באַמערקונגען וועגן דערשיינונגען אויף די פאַרשידנסטע געביטן פון אידישן לעבן אין לאַנד ווי איבער דער גאָרער וועלט.

ווי שאַרפזיניק און רייכפאַרביק ער שרייבט, אַזוי אויך רעדט ער און איז איינער פון די בעסטע אידישע רעדנער אין אַרגענטינע. באַ־קאַנט זיינען אַ צים מיט פּסעוודאָנימען זיינע: יאַנקעלע גיבאַלעס, שי־מעלע סאַראָקער, צינגענטאַנג, ד"ר י. בראָמיטש, מאַני רויט און חנה לעווין. אונטער די לעצטע צוויי פּסעוודאָנימען האָט ער מערסטנס גע־שריבן בעלעטריסטיק: לידער און דערציילונגען.

וואָס שייך י. באָטאָשאַנסקים בעלעטריסטיק, מוז מען זאָגן, אַז ווי גרויס עס איז זיין מבינות אויף ליטעראַטור, איז ער אויף זיך גופא קיין מבין נישט. ער מערקט אַליין נישט, ווי ער פאַלט אַריין אין נאַ־קעטן ספּור המעשה און אין רעזאָנירונג. אַמבעסטן געלינגט אים בלויז זע כאַראַקטער־שילדערונג. דערפאַר, אַפּנים, זיינען אים געלונגען זיינע „פּאָרטרעטן פון אידישע שרייבער", וואָס זיינען דערשינען אין 1932 אין וואַרשע און טיילווייז זיינע דריי בענד זכרונות אונטערן טיטל „די לעבנס געשיכטע פון אַ אידישן זשורנאַליסט", וואָס זיינען דערשינען 1942 אין בוענאָס איירעס.

דאָס אייגענע קען מען זאָגן וועגן זיינע טעאַטער־ווערק; ווי גרויס

עס איז זיין טעאטער־מבינות, אזוי ווייניק מבין איז ער אויף דעם גיווא פון זיינע פיעסן און רעווי־קרעאציעס.

יעקב באטאשאנסקיס נאנטקייט צום טעאטער, צו יענע טעאטער־ברעטלעך, וואו ספריט ווערט אפט פארביטן אויף א צווויידייטיק און פיקאנט ווארט און עלעגאנץ אויף פריוואליטעט, האט באווירקט זיין ווייטערדיק שאפן. ער האט זיך דערפון קענטיק אנגעשטעקט און בראַ־ווירט דערמיט אויך אין זיינע פעליעטאנען. אזוי אויך, קענטיק, איז שולדיק באטאשאנסקיס נאנטקייט צו דעם טעאטער דערין וואס ער פארבייט אפט הומאר אויף וויצן און עראטיק אויף בעט־מחשבות.

זיין גרעסטע דערציילערישע דערגרייכונג, לויט מיין שאצונג, איז „משה צאראן", וועלכן ער האט אוועקגעשטעלט ווי א מאנומענטאלע פיגור פון זיין בעסאראבישער היים. אין דער ליטעראטור-קריטיק, ציי־כנט זיך באזונדער אויס זיין ארבעט איבער דעם דיכטער משה לייב האלפערן, געדרוקט 1932 אין א באזונדערער בראשור און זיין לעצטנס אפגעדרוקטע ארבעט איבער יוסף אפאטאשו. ער האט גרינטלעך תופס געוועזן דעם דיכטער פונעם מאדערנעם אפאקאליפסיס און דעם דער־ציילער, וואס פאר זיין אויג גייט נישט פארלוירן דער דינסטער עראַ־טישער ציטער פון די אידישע אדמס און חוהס. די סאציאלע און קול־טור־געשיכטלעכע זייטן פון דער ליטעראטור גייען אים נישט אן. ער האלט דאס פאר סאציאלאגיע און פאליטיק. פארקערט, אין די פאלי־טישע און סאציאלע באוועגונגען זוכט ער פאר אלעמען די עראטישע פונקטן אדער פרוידיאנישע קאמפלעקסן. זע זיין פיעסע „צווישן רע־וואלוציאנערן".

צו יעקב באטאשאנסקי האט זיך נישט צוגעקלעפט קיין שמץ פון דעם געדאנק, אז אין ארגענטינע ווערט די אידישע ליטעראטור בא־ווירקט פון דער ארטיקער פאנאראמע און פון דעם ארטיקן לעבנס ריטם און לעבנס פילאזאפיע, וואס זיינען א פראדוקט פון דער פאנאראמע, ווי דאס איז ביי פארשידענע געלעגנהייטן אונטערגעשטראכן געווארן פון אנדערע אין רעצענזיעס איבער ביכער און זשורנאלן און אין לי־טערארישער פאלעמיק.

דער געדאנק האט זיך צו אים נישט צוגעקלעפט ניט געקוקט דערויף, וואס ער האט באלד ביי זיין אנקומען קיין ארגענטינע, נאך א באזוך

אין א אידישער קאָלאָניע, אָנגעשריבן א דערציילונג פון אידישן קאָלאָ-ניסטישן לעבן און איז ביז נישט לאנג געווען דער איינציקער אידי־שער שרייבער, וואָס האָט געמאכט א רייזע ביז צום וויטסטן שפּיץ פון דער רעפּובליק אין דרום, צום אושוהאיא־אינדזל, וואו עס איז געווען די ארגענטינישע „קאטאָרגע".

ווי באקאנט, האָט ער אפילו ראָמאנען געשריבן פון ארגענטיני־שן לעבן — איינעם פון זיי האָט ער געדרוקט אין ניו־יאָרקער „פאָר-ווערטס", — אחוץ א גאנצער ריי האלבע ראָמאנען, וואָס ער האָט געדרוקט ווי פעליעטאָנען אין „די פּרעסע", און האָבן אים געדאַרפט דינען ווי סוזשעטן פאר פּיעסן פונעם ארגענטינישן לעבן.

ס'איז קיין חידוש נישט. ער האָט געזען נישט דאָס ארגענטינישע לעבן, נאָר די ארגענטינישע עקזאָטיק. ער זוכט אין אלץ דאָס עקזאָ־טישע, אזוי אין דער נאטור ווי אין דער געזעלשאפט, אזוי אויך אי־נעם מענטשן. אָט די נויגונג צו דער עקזאָטיק פירט אפּנים זיין פעדער מערסטנס צו דער פרוי, וועלכע איז פאר אים אויך מער אן עקזאָטישער אָביעקט ווי א וועזן מיט אן אייגן פּסיכיש לעבן, וואָס פארנעמט א באשטימט אָרט אין דעם לעבנסוועג פון דעם מאן, פון דער פאמיליע, פון דער געזעלשאפט. דאָס געוויינלעכע אינעם לעבן, וואָס איז ביים שרייבער ווי דאָס טאָגטעגלעכע ברויט פאר דעם מענטשן, ווי די מו־טער־ערד פאר דעם אקערער און איז פאר דער ליטעראטור, פאר יעדער ליטעראטור, איר באָדן, אפּעלירט נישט צו אים.

פונקט ווי אינעם לעבן זוכט ער די עקזאָטיק, אזוי איז ער אייך פארן לעבן, איבערהויפּט פאר דעם ארגענטינישן אידישן לעבן, אין וועלכן ער לעבט, א שטיק עקזאָטיק. אויך דעריין, פארבייט ער אָפט די באגריפן: ער פארבייט די עקזאָטיק מיט אייגנארטיקער פּערזענ־לעכקייט, מיט קינסטלערישער איבערפארטייאישקייט און מיט אלץ וואָס קען דינען ווי אן אויסרייד פריי צו זיין פון דעם יחידס פליכטן פאר דעם כלל. אן אויסנאם דערפון איז אפשר דאָס אן און פאר זיך עקזאָטישע טעאטער־לעבן, וואָס איז יעקב באָטאשאנסקיס סטיכיע.

מעגלעך, אז דערפאר געלינגט אים נישט צו גרופּירן ארום זיך און ארום אן אייגענעם זשורנאל — ווי ער האָט דאָס געפּרואווט טאָן מיט דעם זשורנאל „אויפגאנג", וועלכן ער האָט רעדאקטירט אין 1927

— די אידישע שרייבער אין ארגענטינע און מיט זיין ליטעראַרישער בקיאות און מבינות דינען דעם ארגענטינער צווייג פון דער אידישער ליטעראַטור, אַלס זייער אָריענטירער און קריטיקער.

# נחמיה צוקער

מיט ליטעראַרישן, איבערהויפּט טעאַטראַלן באַגאַזש, איז אויך געקומען אין יענעם יאָר, 1923, קיין ארגענטינע, דער גאַליציאַנער נחמיה צוקער. א גאַנצע ריי איינאַקטער און פּיעסן זיינע זיינען שוין געווען אויפגעפירט אין קראָקע, צווישן זיי: „די חליצה" אָדער „דער קרבן פון פאַנאַטיזם". און באַלד ווי ער איז געקומען אהער, האָט ער אויך גענומען שרייבן איינאַקטערס און זיי אָפּגעדרוקט אין בראָשורן. שוין דער נאָמען פון דעם איינאַקטער, וואָס איך דערמאָן אויבן, באַ־ווייזט, אז נ. צוקער קען די סביבה אין וועלכער דער איינאַקטער שפּילט זיך אָפּ און קען אויך דאָס טעאַטער, וואָס נערט זיך מיט דעם רעפּער־טואַר; ער האָט אליין ביז נישט לאַנג, ביז די מלחמה האָט אים אריינ־געצויגן אינעם עסטרייכישן מיליטער, געלערנט אין א חסידים-שטיבל און געפאָרן צו זיין טאַטנס רבין, און אינעם טעאַטער, אין דעם גאַלי־ציאַנער טעאַטער, וואָס האָט זיך צעשפּרייט איבער דער גאָרער אידי־שער וועלט, האָט ער אויך געזען דעם אייביקן פערסאָנאַזש זיינעם, דעם חסיד פּליאַסקעדריגע, וואָס פּארוויילט מיט זיינע ווילדע תנועות דעם אפּיקורסישן טעאַטער-עולם. ווי דער סופלער, דער „יודע ספר", דער גראַמאָטנער, צווישן די גאָלדפאַדענישע און גאַליציאַנער טרופּעס, האָט ער זיך אונטערגענומען צוצושטעלן פאַר די אקטיאָרן רעפּערטואַר און, מען קען נישט לייקענען, ער האָט אין זינען געהאַט דערביי אויך דעם צייט־גייסט און נישט בלויז די אקטיאָרן און דעם עולם מיט זייער קולטור־ניוואָ, מיט זייער געשמאַק און פאַרדייאונגס אפּאַראַט, צו וועל־כן ער האָט זיך גאַנץ לייכט צוגעפּאַסט. וואָס וואָס, נאָר עברי קען ער, ער באַזיצט א זאַפטיקן גאַליציאַנער אידיש, נישט אזוי דעם למדנישן

ווי דעם חסידישן, וואָס שטייט נישט גאָר העכער פון דעם פשוטן פאָלקסטימלעכן אידישן לשון. ער האָט אזוי ארום אָנגעשריבן אויף דער טעמע סאקאָ און וואנצעטי, א טראגעדיע אונטערן טיטל „אין נאָמען פון גערעכטיקייט" און געצאָלט צינז אויך דעם קאָלאָניסטישן ישוב אין ארגענטינע מיט אן איינאקטער „אויפן קאמפ". מיט דעם דערשיי־נען פון „ארגענטינער טאָג" און זיין המשך „די מאָרגנצייטונג", ווערט ער איינער פון זייער הויפט־מיטארבעטער און דרוקט דאָרט דערציי־לונגען און זכרונות פון גאליציאנער חסידישן לעבן, שוין נישט מיט דעם אפיקורסישן צוגאנג פון זיין „קרבן פון פאנאטיזם", נאָר מיט דעם סענטימענטאלן צוגאנג פון א גאליציאנער לאנדסמאן אין אמע־ריקע, וואָס בענקט נאָכן טאטנס זמירות און נאָך דער מאמעס לעכט בענטשן. נחמיה צוקער איז זינט א לענגערער צייט סעקרעטאר פון דעם אידישן אקטיאָרן פאריין און האָט אָנגעשריבן די לעבנס געשיכ־טע פון דער אקטריסע זינא ראפּעל, אויף זיין סענטימענטאלן שטייגער, נישט אויסנוצנדיק די געלעגנהייט צו שילדערן די סביבה פון אידישן טעאטער אין צארישן רוסלאנד און אין ארגענטינע, וואו די אקטריסע האָט אקטואירט. זיינע פסעוודאָנימען זיינען: סאכארינקוס און קאַ־ראמעלאָ. אז איר ווילט, זיינען זיי זייער כאראקטעריסטיש פאר דעם שרייבערס ליטעראַרישן פּאַרנעם און שוואונג.

---

אין איין שורה מיט נחמיה צוקער, גייען פארביי א פלעיאדע חברים זיינע, בעסאראבער, פאָדאָליער, וואָלינער, נאָך דער מלחמה אָנגעקומענע, וואָס פעליעטאָנעווען אין די צייטונגען און אין פארשידע־נע הומאָריסטישע אויסגאבעס, אויף א לאנדסמאנשאפטלעכן אופן מיט דעם מענה לשון פון שלום עליכמס פעסל דער מומע סאָסלס, וועגן אלטן שטעטל און וועגן די בוענאָס איירעסער אידישע אינסטיטוטציעס, אין וועלכע זיי זעען די אלטע אידישע קהלעניש, און ווארפן אין דעם אריין זייער גאנצן שרייבערישן וועזן אָדער זיי „באשרייבן" מיט איר שפּראך די פאראַרגענטינישטע קליינשטעטלדיקע אידענע, איר נחת און אירע זאָרגן. דאָס זיינען פ. ניעמאָי, וועלוול טשערנאָוועצקי, וואָלף שוויי־צער, טיילווייז אויך מנשה קאָנסטאנטינאָווסקי.

# די קאָנסטאַנטינאָווסקיס

מנשה קאָנסטאנטינאָווסקי, פון דעסט וועגן, בעט זיך אויסטיילן פון אלע אנדערע. זיינע פעליעטאָנען זיינען, אזוי צו זאָגן, פילאָלאָגי־שע. ער מאנעווורירט — און גאנץ קונציק — מיט וואָרט שפּילערייען פון זיין פילשפראכיקן אוצר: אידיש, העברעאיש און תרגום־לשון; רוסיש־כאָכליש־פויליש און דייטש; פראנצויז, ענגליש און שוין אויך שפּאניש, און לאָזט דורך זיי דורך דאָס אידישע קהלעניש. אויסער די פעליעטאָנען, איז ער באמת א פילאָלאָג. ער האָט געדרוקט אין דעם פילאָלאָגישן חודש־זשורנאל פון ווילנער „איווא" אונטער דער רעדאַק־ציע פון נח פּריילוצקי, פילאָלאָגישע באמערקונגען און דאָ האָט ער רעדאַקטירט דעם אידיש־שפּאנישן און העברעאיש־שפּאנישן ווערטער־בוך פון יהודה־לייב ווינאָקור. ער איז דער פּרייוויליקער בעל מגיה, דער גרייזן־יעגער, „עד מקום שידו מגעת", פון אונדזער בחפזוניקער ליטעראטור. דערצו האָט ער אויך געשריבן וועגן עלעמענטארער לאָ־גיק געדרוקט אין א באזונדער בראָשור. ווי ער גיט אָן אין זיין ביאָ־גראפיע אין דער אנטאָלאָגיע פון דער אידישער ליטעראטור אין אר־גענטינע, האָט ער אויך געשריבן פּאָעזיע אין פויליש. אין אידיש זיי־נען מיר דערוויילאויסגעהיט פון זיין פילאָלאָגישער און לאָגישער פּאָ־עזיע.

דערפאר זיינען מיר נישט אויסגעהיט פון דער פּאָעזיע, מיט וועל־כער עס איז אונדז מזכה זיין ברודער משה קאָנסטאנטינאָווסקי, א אידיש־העברעאישער לערער און יודע נגן, וואָס פארפאסט שוין אין איין וועג אויך די מוזיק צו זיינע לידער, פאר גרויסע און פאר קליינע. מערסטנס אויף געלעגנהייטס טעמעס — אידישע ימים טובים און ציוניסטישע פעסטלעכקייטן. — ער האָט אויך ליב איבערצוזעצן לי־דער פון העברעאיש און פון רוסיש, מיט דער לאָגישער און פילאָלאָ־גישער מאָס פון זיין ברודער מנשה. גראָד האָט ער אָנגעשריבן א פּאָר דערציילונגען, וואָס אָן דעם ברודערס פילאָלאָגישע סטיל־רעצעפּטן, וואָלטן זיי געווען גוטע ליטעראטור. אזא, למשל, איז טאקע די דער־ציילונג זיינע „צוויי וועלטן", וואָס איז אריינגעקומען אין דער „אנטאָ־לאָגיע פון דער אידישער ליטעראטור אין ארגענטינע", וואָס דערציילט

וועגן דעם אידן, וואָס זיצט דעם גאַנצן טאָג ביים קעסטל „סיגאַרי־זשאָס", וואָס גיט די חיונה אין שטוב אַריין און איז רק פאַרטאָן אין־נעם ספר, און קינדער וואַקסן ביי אים אויס שונאים, אויסלאַכער פון אים און פון זיין אידישקייט...

# ח. וואָלף

ח. וואָלף, פּסעוודאָנים פון ישראל פרידמאַן, איז געקומען צו אונדז פונעם „טייפון", פון דער גרופּע לאָמזשער ישיבה־בחורים — צווישן זיי ש. זאַראָמב — וואָס האָבן ווי אָט דער טייפון, ווי דער שטורעם אויפן כינעזישן ים, וואָס דרייט זיך אַרום זיך ווי א דריידל און דריידלט זיך אַרויף פון ים אויף דער יבשה, אַריינגעשניטן זיך ווי „אַלבאַטראָסן" אין דער וואַרשעווער „כאַליאַסטרע" ראַוויטש־מאַר־קיש־אורי צבי גרינבערג.

געקומען איז ער קיין אַרגענטינע פון דער ראַדונער ישיבה, אין 1924, מיט דעם גאַנצן אימפּעט פון זיין פּאָעטישער עקספּרעסיע און האָט זי דאָ אויסגעלאָדן, צוערשט אין זיינע לידער און דערציילונגען, פּולע מיט היים־ווייט און צום סוף אין זיין ביכל לידער „די בעטלער", מחנות בעטלער, וואָס זיי גיט ער די ראָל פון וועלט־דערלייזער.

דאָס ביכל איז אויפגענומען געוואָרן מיט שטוינען, איבערהויפּט פון דעם רעוואָלוציאָנערן עולם. בפרט, אז דאָס ביכל האָט ער מייחס געווען צום טויט פון לענינען. וואָס קומט דאָ פּאָר? אָדער מיר פאַר־שטייען אים נישט אָדער ער פאַרשטייט אונדז נישט. אזוי איז עס טאַקע געווען.

ח. וואָלף איז דעמאָלט אָפּגעפאָרן קיין מאָנטעווידעאָ אלס רע־דאַקטאָר פון אן אָרטיקן וואָכנבלאַט — „אונדזער לעבן" — אַרויס־געגעבן פון י. מאַלינאָוו און נ. סמעכאָוו, און האָט דאָרט פאַרווענדט זיין פּאָעטישע און דורכזיכטיק קלאָרע שפּראַך אויף שרייבן נאָטיצן איבער מאָנטעווידעער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס האָט זיך דעמאָלט גענומען צעוואַקסן מיט דעם אָנקומען פון דער נייער אימיג־ראַציע.

אין 1928 איז ער צוריקגעקומען קיין בוענאָס איירעס א זעצער און איז געוואָרן אין „די פּרעסע" א לינאָטיפּיסט. א לינאָטיפּיסט און א שווייגער. געזעסן איז ער און געשוויגן, און ווי זאָגט חנינא בן תר־דיון אינעם פּרק: אויך אויפן שווייגער רוט די שכינה ווען ער איז עוסק אין לערנען. ער איז געזעסן און געשוויגן ביז ער איז נתגלה געוואָרן אַלס עטישער סאָציאַליסט.

אין א שיינעם טאָג, אין 1932, האָט ער אָפּגעפּרעסט עטלעכע קאַפּיטלען פון א היבשן ספר אונטערן נאָמען „עטישער סאָציאַליזם", וואָס ער האָט אליין אויסגעזעצט און זיי צעשיקט צו די באקאנטע אי־דישע פּערזענלעכקייטן פונעם עטישן סאָציאַליזם — די ברידער אהרן און יצחק נח שטיינבערג — און צום עטיש־עסטעטישן קריטיקער ש. ניגער און באַלד איז זיין נאָמען באקאנט געוואָרן אין דער אידישער וועלט אַלס עלוי אָדער גאָר אַלס גאון אין דער דאָזיקער מאטעריע.

און באמת, זיי האָבן זיך דערפרייט מיט דעם ווערק פון דעם אנט־פּלעקטן נעלם, וואָס האָט זיי מגלה געווען דאָס וואָס פאר זיי, אַלטע עטישע סאָציאַליסטן, איז ביז דעמאָלט געווען פארהוילן. אין זייערע זאמלביכער „פרייע שריפטן", האָבן זיי ביז דעמאָלט, אין נאָמען פון סאָציאַליזם, פון דער אידייע, וואָס איז געבויט אויף די באגריפן פון דער מענטשלעכער עטיק און פון דעם דראנג צו אן עטיש לעבן, בלויז קריטיקירט דעם וועג פון די „איינגעשלאָפענע סאָציאַל־דעמאָקראַטן" און נאָכמער, פון די „איבערגעאיילטע באָלשעוויקעס", וואָס „בלאָזן ארויס אָדער צעטרעטן מיט די פיס יעדע עטישע עמאָציע פון דעם קאמף וואָס זיי פירן פאר דער עטישער געזעלשאפט"...

צוליב דעם טאקע, האָבן די עטישע סאָציאַליסטן זיך געמוזט פאר־נעמען מיט דעם אנאַליז פון דער היינטיקער געזעלשאפט, פון איר עקאָנאָמישן הינטערגרונד, פון אירע שיכטן און די באציאונגען צווישן זיי, ממש, ווי דאָס טוען די מארקסיסטן. קיין דעפיניציע וועגן זייער אייגענעם וועזן און וועגן זייער אייגענעם דרך האָבן זיי נישט געהאט. טייל האָבן געזוכט זייער וועזן אין דער רעליגיע, טייל אין דעם ראציאָ־נאליזם, אין דער פילאָזאָפיע פון שפינאָזע... עס האָבן זיך צוגעקלעפּט צו זיי אַלע די וואָס זיינען נישט צופרידן מיט דעם קאמף פון די פּאר־טייען, וואָס פירן אָן מיט די גרויסע מאסן פּראָלעטאריער און זייער

ציל איז איבערצונעמען אין זייערע הענט די רעגירונג מיט די לענדער; די אלע, וואָס וואָלטן געוואָלט עס זאָל הערשן דער יושר אויף דער וועלט, דער יושר פון סאָציאַליזם, און האָבן דאָך מורא אז די דיס־ציפּלין, וואָס דער קאמף פאר דעם יושר פאָדערט פון די קעמפער און די דיסציפּלין פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט גופא זאָל נישט פּענטען זייער געדאנק, וואָס איז געוואוינט ארומצופליען איבער די וועלטן און אין די רוימען פון דעם מענטשלעכן דענקען פון אלע צייטן...

און אָט קומט ח. וואָלף, א מענטש, וואָס זיצט ערגיץ ביי א ליי־נאָטיש אין א בוענאָס איירעסער צייטונג און גיט זיי א דעפיניציע וועגן עטישן סאָציאַליזם און דערמיט אויך א לייזונג צו אָט דער טראגעדיע פון דעם געדאנק, וואָס פילט זיך געפּענטעט, ווי נאָר ער קומט אין באַ־רירונג מיט די מאסן און ווערט אריינגעצויגן אין זייער קאמף פאר סאָ־ציאַליזם: קריכט נישט צו דעם קאמף, צו די פּראָלעטאַריער, זייער קאמף איז סיי ווי א דורכגעפאלענער, דער קאפּיטאל איז שטאַרקער פאר זייער קאמף; זוכט דעם מענטש, וואָרום אלץ געפינט זיך אינעם מענטשן: די עטיק,די עסטעטיק און דער גייסט, וואָס דאָס מיינט דער געדאנק. דאָס איז די מענטש־נאטור, וואָס זי איז דער עיקר. דאָס איז זיין אָנהויב פון קדמונים און דאָס איז אויך זיין סוף, זיין ציל... אָט ממש ווי עס פאָרענדיקט דער קלוגסטער פון אלע מענטשן אויף דער ערד זיין קוהלת: כי זה כל האדם. קלוגע מענטשן, אויב איר ווילט לייזן אייערע ספקות און טראגעדיעס, אייערע געזעלשאַפטלעכע פּראָ-בלעמען, זעצט אייך אוועק, זייט גוט און פרום און — טראכט, וואָרום אלץ דאָס איבעריקע איז גאָרנישט נישט ווערט...

ביז איצט, האָט ח. וואָלף א חוץ דעם „עטישן סאָציאַליזם", אָפּ־געדרוקט די „ביאָלאָגישע אויפאסונג פון מענטש און געזעלשאַפט", וואָס איז אן אויסגעבעסערטע אויפלאגע פון דעם פריערדיקן ספר; „די איבערגאנגס געזעלשאַפט"; א ביאָגראַפיע פון דעם „חפץ חיים", דער באוואוסטער צדיק און ראש פון דער ראדונער ישיבה, וואו ח. וואָלף האָט געלערנט; „מענטש און גאָט" און אין מאנוסקריפּט האָט ער נאָך: „ווען די געטער זיינען געבוירן געוואָרן" און „כאראקטער און אָנשויאונג".

# יעקב פלאַפּאַן

מיט אימפּעט איז אויך געקומען אינעם זעלבן יאָר — 1924 — יעקב פלאַפּאַן. אָבער שוין גאָר מיט אַן אַנדער אימפּעט, נישט פון דער ישיבה, וואו מען האָט געפלאַמט מיט פּאָעטישער עקספּרעסיע, נאָר פון דער סאַמע שרפה, פון דעם שטורעם גופא, וואָס האָט איבערגע־קערט אייראָפּע אָרען־קאָרען, נאָך יאָרן פון מלחמה און פּאָגראָמען, בירגער־קריג און רעוואָלוציעס, וואָס האָט צענישטיקט גרויסע ארמיי־ען, חרוב געמאַכט לענדער און צעברויזט זייערע באוואוינער, איבער־געוואָרפן זיי פון איין אָרט אויפן צווייטן און פון זייערע פּאָליטישע געדערים ארויסגעבראכט רעפּובליקן, ווי זאמד און ווי שטערן, פון נעכטיקע אימפּעריעס, פון דער צארישער און דער קייזערישער, פון נעכטיקע פּראָווינצן, די פּוילישע, די ליטווישע, די בעמישע און מע־רישע, די באלקאנישע...

פון אָט דער שרפה און פון דעם שטורעם איז צו אונדז געקומען יעקב פלאַפּאַן, אַן איבערגעוואָרפענער פון דער פּוילישער רעפּובליק אין דער ליטווישער, פון פּוילן קיין ליטע, פּונקט פּארקערט ווי עס פלעגט אמאָל זיין, אליין א ברויזנדיקער, א פּולבלוטיקער, א געשטרעקטער, מיט אַן אויסדריקלעך פּנים, וואָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אָנצוגיין פאר אַן אקטיאָר, פאר א קאווקאזער קונאַק, פאר א בראַדיאַ־גע, און געבראכט האָט ער פון דאָרט א שפּראך, אויך א אימפּעטיקע..
— נישט א מויל האָט זיך ביי אים צוגעמאכט, נאָר „א פּיסק" האָט זיך ביי אים געגעבן „א פארהאַק"... און א גאַס האָט ביי אים „גע־בלאָזן מיט אירע שווארצע נאָזלעכער און ס'געשטאַנק פון בלאָטע האָט זיך געקנוילט אין רעדער, איבער די דעכער פון דער שטאָט"... און אלץ מיט א „ריטש", מיט א „צעפּאל" און „צעפּראל". און דערציילט האָט ער פון הפקר און הפקרות, פון זונות און מאַטראָסן אין די האַפן־גאַסן פון די צעהפקרטע אייראָפּעאישע שטעט, וואו שכורע יונגען האַקן אויס די ציין און לאָזן ארויס די קישקעס ווען זיי צעקריגן זיך...

גיך איז ער אריבער אויף ארגענטינער שטייגער און האָט אויפ־געכאַפּט די רייכע גאַמע פארשוינען פון דער קאָסמאָפּאָליטישער שטאָט.

מיט דעם זעלבן אימפּעט, ווי ער וואָלט געוואָרפן מיט די פויסטן עמי־
צן אין פּנים אריין, האָט ער מיט א פּאָר מעכטיקע פּענזלען ארויפגע־
וואָרפן אויפן פּאַפּיר די אילוזיע פון דעם גאַסן־קערער אכמעט, וואָס
שפּילט „קיניעלאָס" און פאַרשכורט זיך אינעם אלמאַסען ביים שוואר־
צן „דאָן ראמאָן", וואָס טראָגט א גאַליעגישן נאָמען און איז גאָר אַן
אראבער; ווי דער אלטער טערק שדכנט זיך צו דער וועשנע דער שפּאַ־
ניאָלקע, וואָס וואוינט קעגנאיבער אים, אינעם „רויטן שמאָלן מויער
מיט זיינע דרייסיק צימערלעך"; דעם שטיוול־פּוצערל, דעם „איטאַליע־
נישן ממזר", וואָס דוצט דעם אלטן טערק און איז מיט אים גוט־ברו־
דער... די בעטלערקע אין דער נאכט, די קראָם־מיידלעך מיט די גע־
פּודערטע נעזלעך, און א שמיד זעט ער, מיט א פירעקעכדיקער מאָרדע
פּאַראַוים, וואָס „האקט ווי א שארפער דלאָט דעם ווינט אין האריץ
אריין" און „זיינע גרויע שטאָלענע אפּלען זיינען ווי רעוואָלווער־קוילן
געפלויגן אויף פּאַראַוים"...

אוּן אזוי אויך זיינען זיינע לידער:

„אונדזערע בעזעמער קנאקן מיט די ציינער און מאָנען מיט די
„רויטע צעשויבערטע בערד.
„— יאָטן,
„נו,
„דעם גרויסן בלוטיקן קער
„די געלע לירישע בלאָטע פון אונדזער גאַס".

און ער זינגט, ניין, ער שאַלט:

„ס'איז הארבסט.
„אונדזערע נאפט־גרעבער אין קאָמאָדאָרא ריוואַדאוויא,
„אונדזערע מעטאל־ארבעטער,
„אונדזער פלייש־ארבעטער אין די קעלערן פון די פריגאָריפיקאָס.
"אלע אונדזערע קעבנעס פון ארגענטינישן וואוילטאָג,
„גרייטן און שארפן די גלידער פאר ערשט מאיקע טעג".

אָנגעהויבן האָט ער דרוקן זיך נאָך אין קאָוונע, אין ק. זיינגמאַנס
זשורנאַל „וויספּע" און אין „די אידישע וועלט" נאָך אין 1922. דאָ האָט
ער אָנגעהויבן אין „פאר גרויס און קליין", דערנאָך אין „די פּרעסע",
אין „דער פען", ווען דער דאָזיקער וואָכנבלאַט פון א שניידער־געשעפט,

איז אריבער אונטער דער רעדאקציע פון ל. מלאך און איז געוואָרן דער אָרגאַן פון דעם אידישן שרייבער־פאריין; דערנאָך אין „דרום אמע-ריקע", „אויפגאנג" און אנדערע. אין קאָוונע איז דערשינען זיינע א זאמלונג דערציילונגען „אין לאגער" און אין בוענאָס איירעס א זאמ־לונג אונטערן נאָמען „טרעפ".

געשטאָרבן איז ער פלוצים, פון הויכן בלוט־דרוק, בעת ער האָט זיך געפונען אין אַלטא גראַסיאַ, אין די קאָרדאָבער בערג. דאָרט ליגט ער אונטער איינער א נישט באצלמטער מצבה אויף דעם קריסטלעכן בית עולם. זיין געדעכעניש איז אָבער פארבליבן צווישן אידן, צווישן די אידן, וואָס ער האָט זיך איינגעקריצט אין זייער זכרון מיט זיין מעכטי־קער פעדער, וואָס האָט געוואָרפן גרויסע פענדזלען פארב אויף זיינע לייוונטער און געהאקט ווי מיט א שארפער דלאָט דער וועלט אין הארצן אריין...

## ש. פ ר י י ל א ך

אויך ש. פריילאך (פסעוודאָנים פון ליטמאן, געלטמאן), איז גע־ווען אין מיטן יענער בהלה, וואָס האָט איבערגעקערט אייראָפּע. ער אליין איז געווען א זעלנער אין דער פוילישער ארמיי, האָט אָנטיילגע־נומען אין פילסודסקים מארש אויף קיעוו און איז צוריקגעגאנגען „אבל וחפוי ראש", צוריק אין זיין מעזריטש, וואָס אין פּאָדליאַסיע. נאָר פונקט איז ער דער היפוך פון דעם ברוגזנדיקן פלאפאן. ער איז א הו־מאָריסט. און הומאָר ווייסט נישט פון קיין אימפעט. ער שמייכלט שטיל, דערציילט שטיל א מעשה און שטילערהייט זאָגט ער אויך ער אריין. שטילערהייט האָט ער געלערנט אין די ישיבות, שטילערהייט איז ער געווען א פארטיי מיטגליד ביי די פועלי ציון און געשריבן איבער פאר־טיי־פראגן און שול-פּראָבלעמען, שטילערהייט האָט ער מיטגעארבעט אין די הומאָריסטישע זשורנאלן פון ניו־יאָרק און שטילערהייט איז ער געוואָרן מיטארבעטער און מיטגליד פון „די פרעסע". זיין ערשטע מיט-

ארבעט אין „די פרעסע״ און אין „פאר גרויס און קליין״, האָט ער אונטערגעשריבן א. שטילער.

ש. פריילאַך איז געווען גאָר נישט קיין פריילעכער, אָפט אפילו א טרויעריקער און צווישן זיינע פסעוודאָנימען איז אויך פאראן „דער טרויעריקער״, און געווען איז ער פון אלע יאָרן א חליש, גאָרנישט קיין גבר, נאָר אינעווייניק אין אים איז געליגן אזא פרייד און אזא גבורה, וואָס האָט זיך אין אים דערוועקט ביי די צוויי מאָמענטן: ווען ער איז געווען מיט קינדער און ווען ער האָט געהאט פאר די אויגן זיינעם א באליבטן פארשוין, איינעם פון די, וואָס דורך זיין רעאגירן אויף זאכן, האָט ער אויפגענומען די שטימונגען און דעם אידייען־גאנג פון דעם דורכשניטלעכן אידן, פון דער אידישער גאס, פון „קאזשע קאָריענטעס״, ווי עס הייסט ביי אים זיינער א בוך הומאָרעסקעס.

אָט די פרייד און גבורה זיינען דאָס געמיט זיינס, וואָס איז גובר געווען אלע זיינע חולשותן און אלע זיינע טויזנטער זאָרגן. האָט ער זיך אוועקגעזעצט שרייבן, האָט ער פארגעסן אין זיין שארפן מאָגן־ווייטיק, פון וועלכן ער האָט לאנגע יאָרן געליטן און אין זיינע איבער־מאָסיקע פליכטן, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, פריוואטע און קהל־שע. ווער וויים, צי האָט ער נישט ביי אזעלכע אומשטענדן אויפגע־שריבן זיינע קינדער־מעשהלעך, וואָס זיינען הוילע הומאָר. א ליב זוינטל, וואָס גלעט די בעקלעך ביי קינדער און מאכט זשמורען די אויגן ביי אלטע לייט, שפאצירט אום ווי אן אלץ זעענדיקער חכם צווי־שן די גוזמאות און שפיצלעך, וואָס דער פעטער שמחה דערציילט דעם קליינוואַרג. „א ליכטיקע וועלט״ האָט ער אָנגערופן איינס פון זיינע בי־כער קינדער מעשהס. דאָס איז ער דאָך, דער הומאָר, וואָס אזוי פיל שרייבער יאָגן זיך נאָך אים און קענען אים נישט כאפן און ער איז פול די וועלט, די ליכטיקע; אזוי פיל שרייבער זוכן אים, דעם הומאָר, און ער האָט זיך גאָר פארקליבן ערגעץ צו א קליין שוואך מענטשל, וואָס ליידט מאָגן־קרעמפן, פארקליבן זיך צו אים אינעווייניק און היילט אים מיט דעם באלזאם פון זיין גוטסקייט און פון זיין קינדערשער פרייד.

אָט דאָס טראכט זיך ווען מען לייענט פריילעכס קינדער־מעשהס און קינדער־סצענקעס. מיר זיינען אים דעמאָלט מוחל זיינע „רעווים״ וואָס ער האָט געשריבן אליין און בשותפות מיט יעקב באָטאשאנסקי, זיינע

„היסטאָרישע פיעסן", וואָס האָבן געמאכט פון די גרויסע אידישע פערזענלעכקייטן, פון דעם רמב"ם און דעם בעל־שם־טוב קאריקאטו־רן, ווייל ער איז צוגעגאנגען צו זיי מיט דער מאָס פון זיינע קינדער מעשהס אָדער גאָר מיט דער מאָס פון זיין „פישל טעאטראלני". און ווען מיר דערמאָנען זיין נאָך פרישן טויט, פילן מיר, אז מיט אים האָט זיך אָפּגעטאָן פון דעם ארגענטינער צווייג פון דער אידישער ליטערא־טור איינע א ליבטיקע און ליבע שיין, די שיין פון דעם קינדערשן הו־מאָר, פון דעם קינדערשן שמייכל.

# משה דוד גיסער

ווען איר זאָלט זיך ריכטן לויט יעקב פלאפאנס עקספּרעסיאָניס־טישער דעפיניציע פון א שמיד, א מעטאל־ארבעטער: „א פירעקעכ־דיקע מאָרדע פאָראוס, וואָס האקט ווי א שארפער דלאָט דעם ווינט אין הארץ אריין", וואָלט איר זיך קוים פאָרגעשטעלט, אז אָט דאָס מענטשל מיט דעם צעקארבטן רונדן פנימל, וואָס איז אזוי צעשטראלט ווען נאָר ער באגעגנט אייך און אזוי פארדאגהט ווען נאָר ער איז מיט זיך אליין, א פארטראכטער און זעט קיינעם נישט, איז א מעטאל־ארבעטער, א מעשנגיסער, און אז זיין נאָמען — משה דוד גיסער הייסט ער — נעמט זיך דערפון וואָס ער איז א מעשנגיסער בן מעשנגיסער פון עטלעכע דורות. און דער אמת איז טאַקע, אז מער ווי מעשנגיסער, איז ער א צארטער לירישער פּאָעט, און דערצו נאָך א נאַיווער פּאָעט; נאַיוו, ווי זיין טאטע דער מעשנגיסער, וואָס האָט געטאָן זיין ארבעט בשלמות, אָן פרעטענזיעס צו גאָט און צו לייט, ווי ער שילדערט אים אין זיינער א פּאָעמע.

אין זיין ערשטן בוך לידער, וואָס ער האָט ארויסגעלאָזט אין בו־ענאָס איירעס, „ביי די פייערן", האָט ער א ליד, „ביים טיגל", וואו ער זאָגט:

„אויף מיינע הויט און ביינער ווער וואָלט עס גלויבן;

אויף מיר, וואָס כ'האָב געשווימט דאָס הייסע מעש פון טיגלען,
ווען ס'האָט אין פייער זיך דאָס שפּיאָלטער בלויז געבלעזלט
און אַלץ האָט זיס געדרייט זיך אין פעדער־גרינע שטויבן;
איך וואָס האָב געאָטעמט רויך מיט פולע לונגען
און פלעג מיט שווערע צוואַנגען די גרעסטע טיגלען הויבן,
זאָל לידער זינגען און מיינע מעשים לויבן..."

און אַז איר קוקט אויף משה דוד גיסער, ווילט זיך גראָד זאָגן פאַר־קערט: ווער וואָלט עס גלויבן, אַז אָט דער זיסער משה דוד גיסער, האָט די טיגלען געהויבן!

און משה דוד גיסער האָט פון זיינע קינדער יאָרן אָן קיין האָניק נישט געלעקט, האָט שווער געאַרבעט און געהונגערט און געלערנט זיך לייענען און שרייבן נישט ביי א לערער, נאָר פון שטיקלעך צייטונגס פּאַפּיר און גאַסן־שילדן און אַז ער איז אַלט געוואָרן א יאָר זיבעצן, האָט מען אים אוועקגעשיקט אַרבעטן אין קעלן־קאַלק (דייטשער ריין-געביט) אין די הומבאָלד־פאַבריקן, פאַר אַן אייזן־טאָקער. אַזאַ איינער איז מיט אַן אמת באַשטימט פאַרשלונגען צו ווערן אין דעם אַנאָנימאַט פון דער „מאַסע", פון דעם „פּראָלעטאַריאַט", פון דעם קלאַס, וואָס שאַפט ביז דערמידונג, ברויזט אויף ביז דערשעפּונג און וואַגט און דערוועגט זיך זיין אַרבעט פריי צו מאַכן.

וואָס זשע איז מיט משה דודן געשען? ער איז טאַקע אין דעם אַנאָנימאַט פאַרשלונגען געוואָרן, נאָר אין דער זעלבער צייט האָט ער דעם אַנאָנימאַט פאַרשלונגען אין זיך און ער האָט גענומען אַרויסריידן, אַרויסזינגען פון אים, דער אַנאָנימער אַרבעטס מענטש פו משה דודן; ער זינגט פון אים אַרויס ווען ער איז טרויעריק און פאַרדאַגהט, פאַר־האָרעוועט, פאַרטרונקען אין שענק, נע ונד און אַרבעטלאָז, און אויך ווען ער שפּיגלט זיך אין דעם „געבלעזל פון דעם בלויען שפּיאָלטער, אין אַלץ וואָס דרייט זיך אין פעדער-גרינע שטויבן", און אין זיינע אייגענע מוסקולן, וואָס הויבן די שווערסטע טיגלען, און ווען ער זינגט—

„האָט איינער געזונגען פון טרויער,
„האָט טרויער אויף אַלץ זיך צעגאָסן...
„האָט איינער געזונגען פון פריידן...
„האָט איינער געזונגען פון ווילן..."

און אויך ווען ער דיכטעט: „מיר ווילן ווידער זיך געבערן און געשטאַלטן,

און פלאַם פון טאַט זאָל זיין אין יעדן שאָרף פון וואָרט...״

אַט דאָס איז משה דוד גיסער: איינער אין דער וועלטס גרויסער ארבעטערשאַפט. און זי זינגט ארויס פון אים אין יעדן געמיט צושטאַנד אירן. ער איז אויך א איד, אַן אַלוועלטלעכער איד. נישט קיין טעאָרעטישער, נאָר אַן איינגעוואָקסענער, אַן אָרגאַנישער איד איז ער, צווישן אידישן כלל, צווישן די אידן וואָס לעבן אידיש, ריידן אידיש און דענקען אידיש אומעטום וואו זיי געפינען זיך.

דריי ביכלעך לידער זיינע ליגן איצט ביי מיר אויפן טיש, ווען איך שרייב די שורות: „ביי די פייערן״, ארויסגעגעבן אין 1930; „פּאָעמען און באַלאַדן״, ארויסגעגעבן אין 1931 און „לידער און פּאָעמען״, ארויסגעגעבן אין 1933. האָבן די דריי ביכלעך לידער צושריפטן צו מיר, זיין חבר. זאָגט זיך אויפן שער־בלאַט פונעם ערשטן ביכל: „צום דערמאָנען אין טעג וואָס זיינען פול מיט פרייד און טרויער״, אויפן צווייטן: „דעם אידישן ארגענטינער, חבר פיניען״ און אויפן דריטן: „א מתנה פון א קאַנאַריק, וואָס זינגט ערנסט און דרייסט אין אונדזער שווערער צייט אַריין״.

דאָס לעצטע איז געווען א מין ענטפער די וואָס האָבן אים געטאַדלט אלס „אָרימאַנסקן דיכטער״. נאָך א בוך לידער האָט ער ארויסגעגעבן דאָ, צוליב וועלכן ער איז ספּעציעל געקומען אהער, 1946, פון טשילע, וואוהין ער איז אריבער אין יענעם יאָר, 1933, און דאָרט זיך גענומען מפרנס זיין פון דרוקעריי. דאָס בוך האָב איך עמיצן אוועקגעליען, ווייל איך האָב מיך געמוזט טיילן מיט דעם פאַרגעניגן פון משה דודס טשילענער לידער. איצט פעלט עס מיר.

משה דוד גיסער האָט אויך ארויסגעגעבן א ביכל לידער פאַר קינדער. אין 1929 זיינען דערשינען זיינע „פלעמלעך און פייערלעך״. דער דימינוטיוו פון פלאַמען און פייערן אָדער פון פלאַם־פייער. ער האָט ליב דאָס קליינוואַרג און איז זיי מחנך אין דער ארבעט און אין דעם קאַמף פון דער ארבעטערשאַפט.

געפּרואווט האָט ער אין 1928 ארויסגעבן א חודש־זשורנאַל פאַר ליטעראַטור, קונסט, קריטיק און קולטור־פראַגן. דעם זשורנאַל „ניי־

לאנד". ער האָט גראָד באוויזן צו גרופּירן ארום דעם זשורנאל א היב־שע גרופּע שרייבער, אָבער מער ווי אף צוויי נומערן האָט אים נישט געקלעקט קיין פינאנציעלער אָטעם. אין טשילע האָט ער רעדאקטירט, צוזאמען מיט נח וויטאל א מאָנאטשריפט, אין אלבום־פאָרם, אונטערן נאָמען „זיד־אמעריקע" און אונטער אייגענער רעדאקציע דעם זשור־נאל „פּאסיפיק".

משה דודס געזאנג איז פארבליבן אן ארגענטינישער. דאָ האָט „ר פּאר זיין געזאנג געליטן און האָט אים מיט זיינע לידן איינגעקנאָטן אין דעם ארגענטינישן צווייג פון דער אידישער ליטעראטור.

## ה. בלאָשטיין

הירש בלאָשטיין איז געקומען צו אונדז אין 1925 מיט א סטאזש פון א שרייבער, וואָס האָט נאָך אין 1912 זיך געדרוקט אין א. ליטווינס „לעבן און ווויסנשאפט" און אלס שוין באטייליקטער אין כמעט אלע אידישע אויסגאבעס, ווי ער האָט אָנגעגעבן. געבראכט האָט ער מיט זיך א בענדל לידער „אויפן זונען־טרעפּ", איבערזעצונגען פון יעסע־נינען און א ראָמאן — טאָגבוך אונטערן נאָמען „שפּיגלען", געדרוקט אינעם ליטווישן פארלאג „קולטור".

ווי א זעלכן, ווי א שרייבער מיט סטאזש, האָבן מיר אים אויך אויפגענומען. די צייטונגען האָבן געדרוקט א שמועס מיט אים וועגן זיינע ביז דעמאָלטיקע ארבעטן און וויטערדיקע פּלענער און ער האָט זיך באלד טאקע איינגעאָרדנט ביי אונדז ווי אן אמתער שרייבער, ווי א האָרעפּאשניק פון דער פּען.

אָנגעהויבן האָט ער זיך דרוקן אין דער „אידישער צייטונג" מיט איבערזעצונגען פון רוסישע דיכטער, איבערהויפּט פון יעסענינען און ארויסגעוויזן האָט ער זיך באלד מיט זיין מייסטערשאפט אין פּאָע־טישער טעכניק. געשריבן האָט ער פּליסיק, כאָטשע מיט א קענטיק אויסגעהאָרעוועטן גראם, אָבער אין אויסגעהאלטענע ספּאָנדייען, כאָ־

רייען, דאַקטילן און יאַמבן. און האָט ער אָנגעשריבן אַ דערציילונג, איז זי געווען פּאָלקאָם אויסגעהאַלטן אין דער פאָרעם, און עס האָבן געגר־מען קלעפּן אַרום אים יונגע תּלמידים — שרייבער.

מען מוז אָבער זאָגן דעם אמת, אַז וואָס שייך דעם אינהאַלט, דער טעמע, דער אידייאישער און פּסיכאָלאָגישער פאַרטיפונג, קינסטלע־רישן טעמפּעראַמענט, איז דער מינדסטער פינגער פון טייל תּלמידים זיינע געווען פולער, אָנגעלאָדענער פון זיין גאַנצער האַנט. עס איז אין זיין שרייבן נישט צו דערקענען געווען אפילו אים אליין, דעם שריי־בער פון די „שפּיגלען", וואו ער האָט געבראַכט צום אויסדרוק, גראָד אין אַ היסטערישער פאָרם, די איבערלעבונגען פון אַ יונגן ליטוויש־אידישן אינטעליגענט, וואָס ווערט דורך דער מלחמה, — די ערשטע וועלט-מלחמה — אַרויסגעריסן פון זיין היים און ווי דער גאַנצער „סדר עולם" פון זיין היימשטאָט ווערט איבערגעקערט, פאַרווירט, פאַרוואַנדלט מענטשן אין חיות און אים אליין אין אַ נישטיקייט, אין אַ טראַגישער נישטיקייט.

אהער איז ה. בלאָשטיין געקומען זוכן ברויט פאַר ווייב און קינד און ווי אַ ליטווישער מלמד אויף קנעלונג אין אַ בעסאַראַבישן ישוב, האָט ער געטאָן דעם רצון פונעם באַלעבאָס. אידעאָלאָגיש, האָט ער ביי זיין אָנקומען, זיך רעקאָמענדירט פאַר אַ „ראַציאָנאַליסט" און איז טאַקע געווען לערער אין דער אָוונט־שול, וואָס די „ראַציאָנאַליסטישע געזעלשאַפט" האָט דעמאָלט אָנגעהאַלטן. ער האָט אָבער באַלד דערזען, אַז דער „ראַציאָנאַליזם" האָט אַ קנאַפּן אָפּנעמער צווישן דעם ברייטן עולם; אָנשטאָט דעם אָריענטירט זיך גאָר דער אידיש לייענענדיקער עולם, דער אַרבעטער, אויף די אידייען וואָס די נייע איינוואַנדערונג ברענגט מיט זיך פון דער רעוואָלוציאָניזירטער אייראָפּע, אונטערן איינ־פלוס פון דעם ראַטנפאַרבאַנד, און ער גייט דעמאָלט אַריבער צו „דער פרעסע".

ה. בלאָשטיין גרינדעט דעמאָלט, אָנהויב 1927, צוזאַמען מיט י. באָטאָשאַנסקי און מיט דער פינאַנציעלער הילף פון י. נאָרדווינד, דעם זשורנאַל „דרום־אמעריקע", וועלכער באַקומט שפּעטער, איבערגייענ־דיק אינגאַנצן אונטער דער רעדאַקציע פון י. באָטאָשאַנסקי, דעם נאָ־מען „אויפגאַנג". ה. בלאָשטיין גייט אינגאַנצן איבער צו די לינקע

פארטיי-אויסגאבעס: „רויטער שטערן” און „נייע־וועלט”. ער ווערט לע־רער אין דער ערשטער ארבעטער־שול פון דער אָרגאַניזאציע „ארב־שולאָרג” און אויך איר דיכטער — דער הויף־דיכטער פון זיין מא־יעסטעט דעם פראָלעטקולט — ווי קענגער פלעגן זיך וויצלען. ער האָט אָפּגעדרוקט א ספּעציעל בענדל לידער אין אלבום־פאָרמאט אונטערן נאָמען „ארבשולאָרג”, וואו ער באזינגט די טוער פון דער שול, די טאַ־טעס, וואָס גיבן אוועק זייערע לעצטע סענטן און זייערע פרייע מינוטן דער שול פון זייערע קינדער און האָט פארביסן געפירט דעם קאמף קעגן די אנדערע וועלטלעכע שולן.

ה. בלאָשטיין האָט שנעל אויפגעכאפּט דעם לאָזונג פון ארגענטי־נישקייט אין דער אַרטיקער אידישער ליטעראטור. אין אן ארטיקל אונ־טערן טיטל: „צי איז דאָ א אידישע ליטעראטור אין ארגענטינע?”, פארטיידיקט ער אָט די פאָדערונג. ער מאכט קלאָר די געשטעלטע פראגע מיט צוויי אנדערע פראגעס: „צי איז דאָ אין ארגענטינע אן אייננארטיק אידיש לעבן, און אויב יאָ, — צי האָבן די ארגענטינער אידישע שרייבער זיך אינעם דאָזיקן לעבן איינגעוואָרצלט און עס אויפגענומען אין דער גאנצער ברייט? און ער זאָגט:

„דארף מען דאָך נישט איבערחזרן דעם אלטן אמת, אז ליטערא־טור איז די אָפּשפּיגלונג פון לעבן; און אז א בוך, וואָס ווערט פאר־רעכנט אויפן קאָנטאָ פון דער לאנד־ליטעראטור, אויב זיין גאנצע לאָקאלישקייט באגרעניצט זיך נאָר דערמיט, וואָס עס איז אין דעם געגעבענעם לאנד געדרוקט געוואָרן, הגם עס שפּיגלט נישט אָפּ דאָס ספּעציפישע לעבן פונעם לאנד”.

אויף דער ערשטער פראגע — צי האָבן מיר דאָ אן אייגנארטיק לעבן? — ענטפערט ער: יאָ, און ער רעכנט אויס: די אידישע קאָלאָניס־טן און זייערע פּראָבלעמען, די שטאָטישע „קוענטעניקעס”, די אידי־שע ארבעטער, וואָס ארבעטן מייסטנס אין דער מאנופאקטור־סיס־טעם, די אידישע פרוי, וואָס טיילט זיך אוים מיט איר לעבן פון דער נישט אידישער, די גאנצע אידישע געזעלשאפטלעכקייט מיט איר כא־ראקטער פון דעלעגאטן־פארזאמלונגען, דער קאָנפליקט פון דעם איינ־געוואנדערטן אידן מיט די נייע קלימאטערישע און שטייגערישע באַ־

דינגונגען, דאָס אַלץ, זאָגט ער, וואַרפט זיך אין די אויגן ביז עקזאָ־טישקייט...

וואָס שייך דער צווייטער פראגע, ווי אזוי דאָס איז אָפּגעשפּיגלט אין דער ליטעראטור, ד. ה. צי האָבן די אידישע שרייבער די דאָזיקע אייגנארטיקייט אויפגענומען? — איז ער נישט צופרידן. און ער ווייזט אָן אויף די אידישע שרייבער, וואָס זיינען ארגענטיניש און די וואָס זיינען עס נישט. ער קלאָגט זיך דאָרט, אז עס פעלט דאָ דער קאָנטאקט צווישן שרייבער און לעבן, וואָס זאָל אים „ארויסרייסן פון זיין עלנט, וואָס ער ברענגט מיט זיך פון די אלטע היימען און טראָגט זיך דער־מיט אום ווי מיט א קמיע, ווי מיט א געבענטשטער סתם־בענקעניש, וואָס דאָס שטערט אים צו עפענען די אויגן אויפן ארומיקן לעבן...

ווי אזוי האָט ה. בלאָשטיין גופא איינגענומען דעם רעצעפּט, וועלכן ער האָט פארשריבן די אידישע שרייבער? — מען קען אים נישט חושד זיין אין נישט אָרנטלעכקייט, ער האָט דאָס געטאָן ווי ווייט דאָס איז געלעגן אין זיינע מעגלעכקייטן, אָבער זיינע מעגלעכקייטן זיינען ווייטער פון אויפנעמען די טעמע נישט געגאנגען. פאר די העכ־בער פינף יאָר, וואָס ער האָט דאָ פארבראכט, ביז ער איז אָפּגעפאָרן אינעם ראטנפארבאנד, האָט ער געשריבן אויף אָרטיקע טעמעס, אָבער מיט אזא אויבערפלעכלעכקייט, וואָס גרעניצט מיט שונד, מיט דעם שונד, וואָס ער האָט פירגעוואָרפן אנדערע.

נעמט, למשל, זיינע א דערציילונג, געשריבן לויט דעם רעצעפּט, פון ארגענטינישן אידישן ארבעטער־לעבן, אונטערן טיטל „אין קעגנ־זעצלעכע ריכטונגען״. א אידישער בחור, אן ארבעטער, טרעפט אָן טאָגטעגלעך, צוויי מאָל אין טאָג, גאנץ פרי, ווען ער גייט אין פאב־ריק, און פארנאכט, ווען ער גייט פון פאבריק אהיים, א מיידל, וואָס גייט אין ביורא, און דעם בחור — א הויכער, א ברייטפלייציקער, עט־וואָס אן איינגעבויגענער, מיט שווארצע אויגן און געדיכטע געקרויז־טע האָר — געפעלט דאָס שלאנקע בלאָנדע מיידל מיט די גרויע שטארק לעבעדיקע אויגן. זי שניידט זיך אים איין אין זכרון, ווי ה. בלאָשטיין זאָגט, און ער טראכט וועגן איר, נאָר ער איז א שטילער, א באשיי־דענער און שעמעוודיקער, און באוואונדערט די דרייסטקייט פון די גאסיקע „קאָמפּאדרעס״, וואָס פארטשעפּען מיידלעך אינמיטן גאס...

און אזוי לאַנג האָט ער זי געזען גיין, ביז זי האָט אויפגעהערט און... דעם בחורס צאַרטע הארץ איז צעבלוטיקט, צעבלוטיקט...

אזוי ענדיקט זיך טאקע די דערציילונג און איר טראַכט זיך דער־ביי, אז אין דער דערציילונג איז דער היינטיקער הירש בלאָשטיין גאָר־נישט ווייט אוועק פון דעם אלטן עוזר בלאָשטיין, וואָס האָט אזעלכע ראָמאַנען געשריבן אין די הונדערטער. און דאָך איז זי לויטן רעצעפּט אויסגעהאלטן; זי איז ארגענטיניש־אידיש און פּראָלעטאַריש...

צום בעסטן האָט ה. בלאָשטיין זיך אטעסטירט אין זיין לאַנגער פּאָעמע „בוענאָס איירעס", וואָס איז געשריבן אין קאַפּיטלען אָדער עטאַפּן, וועגן זיין קומען און אויפטוען דאָ אין דער הויפּטשטאָט. גע־שריבן זיינען די קאַפּיטלען אין פּערפעקטע יאַמבישע פערזן און אין דאַקטילן, „דע אַרטע מאַיאָר", ווי מען רופט עס אין שפּאַניש, פון דער גרויסהאַנטיקער קונסט; נאָר אז מען לייענט זיי, חידושט מען זיך אויף דער קליינהאַנטיקער קונסט, וואָס מען קען אַלץ אָנשרייבן אין דעם הויכן פּאָעטישן סטיל:

„אז ענג און פיינטלעך איז געוואָרן מיר מיין היים,
„אז ווייב און קינד געפעלט האָט ברויט און קלייד,
„אז קיינער האָט געדונגען מיינע הענט, —
„האָט איינמאָל אין א שלאָפלאָזיקער נאַכט
„צעזונגען זיך אין מיין געמיט א שיף".

אָדער:

„עס איז זונטיק דאָך היינט, און דערצו נאָך — גאַנץ פריי;
„וואוהין איילסטו מיין מאַן? — ס'איז דאָך פּשוט א זינד.
„בעסער בלייב אין דער היים ,רו זיך אויס פון דיין מי,
„און פאַרברענג מיט דיין ווייב, און פאַרברענג מיט דיין קינד!"

איר הויבט אָן לייענען די יאַמבן פון די ערשטע סטראָפן און איר טראַכט זיך צי נישט א נייער טשיילד האראָלד, האָט זיך עס אין וועג ארויסגעלאָזט אויף דער שיף, באוועגט פון זיין אומרו, פון זיין דראַנג נאָך העלדישקייטן און פעלקער־באַפרייערישע אוואַנטיורעס. נאָר באַלד שלאָגט איר זיך אָן אויף דעם ליטווישן יונגנמאַן, וואָס פאָרט זוכן

פרנסה פאר ווייב און קינד, און איר ווייסט נישט צי זאָלט איר שמיי־כלען דערפון ווי דער יונגערמאַן האָט זיך ארויפגעכאַפּט אויף לאָרד בייראָנס שיף אָדער איר זאָלט רחמנות האָבן אויף אים, וואָס די שיף האָט אים דאָ איבערגעלאָזן און ער איז דאָ געבליבן אַן עלנטער, אַ פארלוירענער...

דאָס אייגענע ווען איר נעמט לייענען די דאַקטילן־קאַוואַלגאַטע ווי אין געטעם „וואַלד־קעניג”: „וואוהין איילסטו מיין מאַן?” — פרעגט דאָס ווייב און... דער מאַן איילט זיך גאָר „קאָוורירן” מיט־גלידם אָפּצאָל פאר דער שול... און עס דאַכט זיך אייך ווי דער ליט־ווישער יונגערמאַן האָט זיך אוועקגעזעצט רייטן אויף אַ שטעקן ווי אַ חדר־אינגל און יאָגט ווי אַ געיאָגטער פון בייזע וואַלד־רוחות, צו די מיטגלידער... „די קאַסע איז שוואַך...”

אזא איז ער געווען, ה. בלאָשטיין. אזוינע גרויסע מיטלען האָט ער באַנוצט אויף אזוינע קליינע זאַכן.

האָט ער זיך אינעם ראַטנפאַרבאַנד געראַטעוועט פון אָט דעם מין זאַכן און פון זיינע טשיילד האַראָלדישע ארויספאָרן און ערל־קעניגי־שע קאַוואַלגאַטעס? מיר הערן דאָ פון אים אזוי ווייניק.

# יוסף ראַבינאָוויטש

יוסף ראַבינאָוויטש איז געקומען קיין ארגענטינע אין 1924 אין דעבוטירט האָט ער אין „די פרעסע” מיט אַן אָפּהאַנדלונג איבער דער אידיש־פוילישער דיכטונג, אין יאָר 1925, נאָך איידער ה. בלאָשטיין איז געקומען קיין בוענאָס איירעס, נאָר געהאַלטן האָט מען אים פאר בלאָשטיינס אַ תלמיד. ער אליין האָט זיך פאר אזעלכן געהאַלטן, אין איז מיטגעגאַנגען מיט אים וואוהין ער איז געגאַנגען, ד. ה. געזוכט זיך צו דרוקן דאָרט וואו בלאָשטיין האָט זיך געדרוקט.

דאָס דערקלערט זיך אפשר דערמיט, וואָס יוסף ראַבינאָוויטש האָט זיך געגוויטיקט אין אַ היימישן רעדאַקטאָר, וואָס זאָל אים אויס־

קאָרעקטירן זיין שרעקלעכע עברי. און פארקערט, דערמיט דערקלערט זיך אויך, וואָס אויסגעצוואָגענע און אויסגעקעמטע פון זיין לערערס רעדאַקציע, זיינען ראבינאָוויטשעס זאכן, זיינע לידער און דערציילונ־גען, געבליבן א היבש ביסל פּאריתומט, אין א היבשער מאָס אן ראַ־בינאָוויטשעס אייגנארט.

באמת איז יוסף ראבינאָוויטש איינער פון די אייגנארטיקסטע און אויך פּראָדוקטיווסטע אידישע שרייבער פון דעם דור, וואָס איז געקו־מען קיין ארגענטינע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. יוסף ראבינאָ־וויטשעס אייגנארט איז דאָס דראַמאַטישע. עס שאדט נישט וואָס זיין ערשטער דראמאטישער פּרואוו אין טעאטער — די דראמע „טאטע און זון" — איז דורכגעפאלן. דראמע איז אלץ וואָס ער שרייבט. דרא־מע זיינען זיינע לידער און זיינע דערציילונגען. זיין שפּראך גופא איז א דראַמאַטישע, פול מיט קאָנפליקט.

ביי יוסף ראבינאָוויטש איז קיין פראגע נישט צי דארף א אידי־שער שרייבער אין ארגענטינע שרייבן פון דעם אָרטיקן לעבן. אים אינטערעסירט פאר אלעמען דער פּארשוין, זיין טיפער פּסיכישער אינגעווייד און אים קימערט נישט צי דאָס איז א פּויער פון דעם ווייס־רוסישן דאָרף, א איד א קצב אָדער אן אָרימער חזן פונעם שטעטל אָדער א בוענאָס איירעסער „סירוכא", א מיסט־קלייבער, צי א איד וואָס ארבעט זיך ארויף פון פלעשער וואשן און ווערט א „באלעבאָס" איבער קינדער מיסט־קלייבער. די סביבה, די אַטמאָספער, די פּאנאָ־ראמע, קומט ארויס ביי אים פון דער האנדלונג און זי איז קינסט־לעריש אמת, ריכטיקער, קינסטלעריש אָרגאַניש.

געשריבן האָט ער אין די ערשטע יאָרן מערסטנס לידער, ליריש־דראמאטישע, אזוי צו זאָגן, כאָטשע די ליריק פלעגט אויסרונען צווי־שן די נישט גלאטקייטן פון זיין שפּראך, וועלכע איז פול מיט דרא־מאטישן אימאזש. אזעלכע זיינען אויך די לידער אינעם ביכל „קאָנ־ווענטיזשאָס", וואָס דער זשורנאל „ניי וועלט" האָט ארויסגעגעבן אין 1928, דעמאָלט ווען ער האָט זיך געפונען אין ה. בלאָשטיינס „פּראָ־לעטאַרישער שרייבער גרופּע", וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון דעם זשורנאל; לידער, וואו ער האָט געזאָלט א צינז דער פּראָלעטאַ־רישקייט און דער פּראָלעטאַרישער אידיי, וועלכע ער האָט נאָך אלע־

מען נישט געקענט איינבייסן, אלס מענטש מיט א דורכויס אינדיווי־דועלן צוגאנג צו מענטשן און זאכן.

אין 1943 האָט יוסף ראַבינאָוויטש אָפּגעדרוקט א באנד דער־ציילונגען זיינע, 30 אין צאָל, אין שפּאנישער איבערזעצונג, אונטערן טיטל „קאַביזבאַכאָס" (דערשלאָגענע מענטשן, אַראָפּגעלאָזטע קעפּ). אין 1944 האָט ער אָפּגעדרוקט א צווייטן באנד פון זיינע דערציילונגען, אין שפּאנישער איבערזעצונג, אונטערן טיטל „טערסערא קלאסע (דריטע קלאַס) און א דריטער באנד אונטערן טיטל „מאלפאַראַדאָס" (פאַר־שעמטע).

אינטערעסאנט איז דערביי אויסצוהערן די מיינונג פון דער אַר־גענטינישער ליטעראַטור־קריטיק איבער אָט די דערציילונגען.

דער קריטיקער פון „לא נאסיאָן" רופט זיי אָן „האַלוצינירטע, וואָס זייער דראַמאַטישע סוגעסטיע באַקומט זיך פון אן אומצווייפלהאַפטיקן אמת". „אַלץ אין זיי שרייט מיט אויטענטישער מענטשלעכער עמאָ־ציע, מיט עכטן לעבנס ווייי". אויף אן אָנמערקונג אין דער הקדמה צום בוך, אז יוסף ראבינאָוויטש איז נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער שרייבער, נאָר אן ארבעטער, וואָס שרייבט אין זיינע פרייע מינוטן, זאָגט דער קריטיקער: „אָבער זיינע שווערע לעבנס באַדינגונגען, אפנים, זיינען א טרייבקראַפט און נישט קיין שטער פאַר זיין נאַטירלעכן טאַלאַנט. די אייפערדיקסטע קינסטלער וואָלטן געמעגט נעמען א ביישפּיל פון דער מענטשלעכער אויפריכטיקייט אין זיינע דערציילונגען און אפילו לער־נען פון דער טעכניק, וואָס דער טיפער זין פון איר ווירקונג ליגט אין דער אָרנטלעכקייט פון אירע רעסורסן". „מיר האָבן פאַר זיך — זאָגט ער — א געבוירענעם דערציילער, וואָס קען אַרויסברענגען אין די ענגע גרענעצן פון דעם זשאנר הייסן נשמה־פלוס. מיר האָבן פאַר זיך א שרייבער. אַלץ אין „קאַביזבאַכאָס" איז עמאָציאָנירנדיקע קראַפט, אַלץ איז גייסטיקער דראַנג. זיינע דערציילונגען טראָגן אויף זיך דעם שטעמפּל פון אן עכטקייט וואָס קומט פון דער טיף און גרייכט אין דער הויך".

און עס איז גאָר קיין וואונדער נישט וואָס דער ליטעראַטור־קרי־טיקער פון „לא נאסיאָן" שרייבט אזוי וועגן יוסף ראבינאָוויטשעס דער־ציילונגען. ער איז צוגעפאַלן צו זיי ווי א דורשטיקער אין דער מדבר

צו א ריזלדיקן קוואל, האַבנדיק מערסטנס פאר זיך דערציילער, וואָס גייען אין אויסגעטראָטענע רוטינערע וועגן און שרייבן לויט פּארטיי־קע ליטעראַרישע רעצעפּטן. אין אזעלכע דערציילונגען קען מען געפּי־נען סענטימענטן און אידייען אָבער ווייניקער ווי אַלץ עכטקייט, נשמה־ברי, דורכגעדרונגענקייט מיט דעם אינטימען לעבן פון די פּארשוינען און פון זייער סביבה, ווי דאָס האָט ער געטראָפן ביי י. ראבינאָוויטשן.

גאונאַ, דער ליטעראטור־קריטיקער פון ראדיאָ „ארכענטינא", גייט צו צו די דערציילונגען פון „קאביזבאכאָס" שוין מער אנאליטיש און טאפּט אָן ראבינאָוויטשעס שרייבערישן וועזן. אין זיין שמועס פון 25סטן פעברואר ד. י. האָט ער זיך אויסגעדריקט וועגן זיי: פון „דעם פערד", וואו דער העלד איז אן אָרימער מענטש, וועלכער באַט זיך אָן צום פארדינגען אלס לאסט־בהמה, כדי צו פארדינען אויף א שטיקל ברויט פאר זיין הונגעריקער פאמיליע, ביז „שותפים", די קליינע טראַ־געדיע פונעם חזן, וואָס שטיקט זיך אין זיינע אייגענע טרערן אויפן ביטערן גורל פון זיין פאָלק, דורך די דרייסיק דערציילונגען אויף די 160 זייטן, ווייזט זיך ארויס י. ראבינאָוויטש מיט זיין גוט דעפיניר־טער פערזענלעכקייט. פאראן קרעפטיקייט און פאראן וואונדערבארע איינגעשאפטן ביי דעם שרייבער. אלס ארבעטער, שרייבט ער אויס אינספיראציע און נישט געצוואונגענערהייט. ראבינאָוויטש, זעט אויס, פילט ווען ער שרייבט. א סך פון זיינע דערציילונגען זיינען זיכער די אָפּשפּיגלונג פון זיינע טאָגטעגלעכע באַאָבאכטונגען אין שטוב, אין גאס, אין ווערקשטאַט. נישט אנאליזירטערהייט, מעגלעך, האָט ער זיי אָנגעוואָרפן אויפן פּאַפּיר און זיין ארבעט באקומט דעמאָלט א ספּע־ציעלן געשמאַק אזא, אזא מאניר וואָס פורעמט זיי אויס און גיט זיי צו טאָך־איינגעשאפטן, די פראזן קומען ארויס ספּאָנטאַן, פול מיט פריש־קייט און דאָס גיט זיי דעם חן פון די זאכן וואָס ווערן ארויסגעזאָגט פּשוט, מיט א טיפן און ריינעם, טיף איינגעוואָרצלטן געפיל, וואָס גיט נישט די מעגלעכקייט און גיט אויך קיין צייט נישט צו טראכטן און אוודאי נישט אויסצולייטערן דעם געדאנק. די דערציילונגען באקומען אזוי ארום דעם נישט לפנימדיקן נאָר בעעצמדיקן ווערט פון די נישט געשליפענע טייערע שטיינער. אין יעדער איינער פון די דערציילונגען

איז פאראן א ווערט, אפט אויסבאהאלטן אונטער א פראזע אדער אונטער א ווארט".

און דא טאפט שוין גאונא אויך אן דעם שרייבערס שפראך־באַזונדערקייט, כאטש ער איז מיט דעם אריגינאל נישט באקאנט. אט ווי ער זאגט דאס, טאפנדיק, נאטירלעך, צווישן די שורות:

„א פראזע אדער א ווארט, וואס זייער טיפערן זין מוז מען ערשט דעשיפרירן, טיילמאל ארויסטרעפן, מחמת דער מחבר באהערשט נישט אונדזער שפראך; פארקערט: מאמענטנווייז באהערשט די שפראך אים. ער איז א רייפער שרייבער, א שרייבער פון בארוף, כאטש ער איז אן ארבעטער און נישט קיין פראפעסיאנעלער שרייבער, ווי עס פארזיכערט דער הקדמה־שרייבער. און באמת, אין ראבינאוויטשעס שרייבן ווייזט זיך ארויס די רייפקייט פון גערעדנקט, דער באזאכטער ווילן פון א מענטשן וואס איז אריינגעטאן אין דער נישט שטענדיק לייכטער ארבעט צו שרייבן אז אנדערע זאלן לייענען. פרוי רעבעקא מאקטאז דע פאלאק האט איבערגעזעצט אין שפאניש די דערציילונגען. ווייסן מיר נישט צי האט זי בכיוון איבערגעלאזט געוויסע קליינע פעלערן אינעם זאצבוי אדער דאס נעמט זיך אויך פון נישט גענוג טיפער באַקאנטשאפט מיט דער שפראך. אזוי אדער אנדערש, דער דאזיקער דעטאל ברענגט נישט קיין שאדן די דערציילונגען פון „קאביזבאכאס", פארקערט, ער איז פון זייער טובה ווענן, ער מאכט זיי פינטארעסקער, אן דעם זיי זאלן פארלירן פון זייערע מעלות".

מיך פרייט עס באזונדער וואס די שפראך־קריטיקער פון ראבינאוויטשעס אריגינעלן אידיש, אנדערע זאגן ביאליסטאקער אידיש, זיינען נישט אינגאנצן אויסגעיעט פון דער איבערזעצונג, אזוי ווייט, אז זיי האבן גערופן די אויפמערקזאמקייט פון אן אויפריכטיקן און גענייטן ליטעראטור־קריטיקער. אגב, איז גאונא אויך איינער פון די ווינציקע רעצענזענטן פון „קאביזבאכאס", וואס האבן נישט באדויערט למאי י. ראבינאוויטש שרייבט נישט זיינע דערציילונגען דירעקט אין שפאניש. ער ווייסט, אפנים — וואס א סך ווייסן נישט — אז אין זייער שפראך ווייטיקט אויס אדער שפילט אויס דער שרייבער דאס לעבן פון זיינע פארשוינען, אזוי ווי זיי, די פארשוינען, ווייטיקן עס אויס און שפילן עס אויס אין זייערע האנדלונגען. און דעם דערציי־

לער, באַזונדערס דעם דראַמאַטישן, אַזאַ ווי עס איז יוסף ראַבינאָוויטש, דאַרף מען לאָזן שרייבן אין דער שפּראַך פון זיינע פאַרשווינען.

בפרט, איז עס וויכטיק פאַר ראַבינאָוויטשן וועלכער פילט זיך מיט זיינע פאַרשווינען אַזוי נאָענט, אַז אָפט פילט זיך נישט די מינדסטע מחיצה צווישן אים און זיי, די מינדסטע סאָציאַלע מחיצה און אויך נישט אינטעלעקטועלע און שפּראַכלעכע. דער שרייבער רעזאָנירט מיט די באַגריפן און טערמינען פון זיינע פאַרשווינען און פּרוּוווט אפילו נישט שטעלן זיך העכער פון זיי, ווי סאָציאַל און אינטעלעקטועל נידעריק זיי זאָלן נישט שטיין, וואָס דאָס אייגנטלעך איז דער סוד פון זיין ווירקן. דאָ איז כדאַי אָנצומערקן דעם טעות וואָס טייל רעצענזענטן פון „קאַביזבאַכאָס" מאַכן ווען זיי וואַרפן פאָר ראַבינאָוויטשן, אַז אים פעלט באַוואוסטזיין, כאָטש ער איז טיף סאָציאַל.

ראַבינאָוויטשן פעלט נישט דער באַוואוסטזיין, נאָר ער אָפּערירט נישט מיט אים, ער שטעלט אים נישט אַרויס ווי אַ שילד און ער דערגרייכט אָפט אַ סך מער אין דער ריכטונג פון שאַפן באַוואוסטזיין איידער די וואָס אָפּערירן מיט אים. אמת איז, אַז דאָס דאַרף נישט זיין קיין רעגל. וויכטיקע ווערק, ראָמאַנען, דראַמען, וואָס נעמען אַרום צייטן און שטחים, קענען אַנדערש נישט געשריבן ווערן ווי נאָר מיט אַ ברייטן אָביעקטיוון באַנעם פון די זאַכן. אַנדערש איז אָבער די דראַמאַטישע דערציילונג, וואָס ראַבינאָוויטש קולטיווירט. דאָ איז וויכטיק די ספּאָנטאַנע האַנדלונג, די סיטואַציע, וואָס וואַרפט אַ שיין אויף דעם געשילדערטן מענטשן און באַלייכט אים פאַר אונדז ווי דער רעפלעקטאָר די סטאַטוע.

אויך פאַלט מען אַריין אין אַ טעות אויב מען מיינט, אַז ראַבינאָוויטש איז אויסן צו וועקן רחמנות מיט זיינע דערציילונגען און דעריבער שילדערט ער קאַליקעס און אָרימעלייט. אַזאַ טענה האָט צו ראַבינאָוויטשן דער רעצענזענט פון „לאַ ראַסאָן", וועלכער באַוואונדערט די טעכניק און די שרייבערישע קראַפט פון דעם מחבר, נאָר וואַרפט אים פאָר פאַרוואָס זיינע דערציילונגען זיינען הוילע טרויער, אָן אַ ביסל פרייד, ווייל דאָס לעבן איז אַ געמיש פון פרייד און טרויער... און „נאָטיסיאָס גראַפיקאָס" טיילט דעריבער אויס פון די דריי-

סיק דערציילונגען אין „קאַביזבאַכאַס" בלויז אכט אָדער ניין, וואָס האָבן נישט צו טאָן מיט קאָליקעס אָדער אָרימעלייט און באַצייכנט זיי אַלס די בעסטע.

## איזי שאַפער

איינער פון ה. בלאָשטיינס געראָטענע תלמידים — שרייבער און געוועזענער מיטגליד פון דער „פּראָלעטאַרישער שרייבער גרופּע" ביים זשורנאַל „נייוועלט", איז איזי שאַפער (אייזיק שליאַפּאָטשניק). געקומען איז ער קיין בוענאָס איירעס אַן אכצניאָריקער, אין 1923, פון דער ליטע, מיט העברעאישער און אַלגעמיינער מיטבילדונג. שרייבן האָט ער אָנגעהויבן אין 1925, מיט דעם אָנקומען פון ה. בלאָשטיין. געמאכט האָט ער פון אָנהויב דעם איינדרוק ווי ער וואָלט געווען א צוזאַמענגעוואקסענער מיט זיין לאַנדסמאַן דעם ליטווישן שרייבער און האָט געדרוקט אייניקע דערציילונגען מיט פאַרשוינען פון דער אַלטער היים, מייסטנס גאָר נאָנטע צו אים. אונטער דער צודרינגלעכקייט פון דער פאָדערונג צו שרייבן אויף אָרטיקע טעמעס און פון אידישן אַר־בעטער-לעבן, האָט ער איינגאַנצן אויפגעהערט שרייבן. ערשט מיט א פּאָר יאָר שפּעטער, נאָכדעם ווי ער האָט געמאכט א רייזע איבער די צפון־אַרגענטינישע פּראָווינצן אַלס אַגענט פון א פאָטאָגראַפן־פירמע און איז געקומען אין באַרירונג מיט דער סביבה פון די צוקער־זאַוואָדן און מיט די אינדיאַנער וואָס אַרבעטן ביים שניט פון צוקער־רער, האָט ער אָנגעשריבן א ריי וואָרטפולע דערציילונגען פון אָט דער סבי־בה, וואָס זיינען א נייס געווען נישט נאָר אין דער אידישער, נאָר אויך אין דער אַלגעמיין ארגענטינער ליטעראַטור.

די צפון־פּראָווינצן זיינען ביז נישט לאַנג געווען די וואָס האָבן צוגעשטעלט דער אַרגענטינישער ליטעראַטור, ווי דער אַרגענטינישער מאָלעריי און מוזיק בלויז אויטאָקטאָנישן קאָלאָריט און אידיליע. פאַ־ראַן איז אין דער אַרגענטינישער ליטעראַטור א היבשע גרופּע שריי־בער, וואָס האָבן מיט זייערע באַשרייבונגען פון דער צפון־טייל פונעם לאַנד, פון איר פּאַנאָראַמע און אירע פאַרשוינען, ווי געטרייסט די

גרויסשטאָטישע ארגענטינער, אז דאָס ארגענטינישע לאנד באשטייט נישט בלויז פון דעם טרויעריקן איינטאָניקן פלאכלאנד, די פאמפא, מיט איר גאוטש, דעם אינדיווידועלן מורד, אויף זיין פערד, מיט זיין טרויעריקן רעטשיטאטיוו באגלייט פון גיטארע־רומפל, מיט זיין לייִדיקן „ראנטשאָ" אָן מעבל און געפעס, מיט זיין שווארץ־ווייסער הלבשה, זיין שווארץ טשאמבערגאָ־קאפעליושל און ווייס טיכל, זיין שווארצער טשיריפא און די ווייסע ארויסגעשטעקטע שפיצן פון זיינע הינטער־הויזן, מיט זיין איינציק מאכל — האלב געבראָטן פלייש; נאָר פאראן זיינען אויך פארביקע בערגער און טאָלן, מיט א באפעלקערונג אין פארביקער אלט אינדיאנישער הלבשה פון אייגן געשפינטער, אייגן געוועבטער און אייגן געפארבטער וואָל; אינדיאנער וואָס קלעטערן אויף די בערג מיט זייערע אייזלען, מיט זייערע ליימענע אָריגינעל געמאָליעוועטע טעפּ, מיט זייערע געקעכצן פון געשטויסענעם מאַיס און מיט זייער געזאנג — א גוטוראלע כאָראלע ילֹלה, באגלייט מיט דעם „קענא". מיט דעם האָרן און פייקל. און אז ניט קיין מורדים זיינען זיי ווי מען האָט זיי א שם געמאכט בעת דער „עקספעדיציע אין דער וויסטע", וואָס האָט זיך אונטערגענומען פריי צו מאכן דאָס לאנד פאר קאָלאָניזאציע, נאָר קריסטלעך־הכנעהדיקע, באָרוועס־נאַקעטע אָרימקייט, וואָס וועקט קריסטלעכע הערצער צו רחמנות...

איזי שאַפער האָט גראָד נישט געשענקט קיין אויפמערקזאמקייט דער פארביקער פאנאָראמע און דער אידיליע פון קריסטלעכער הכנעה פון איין זייט און קריסטלעכער רחמנות פון דער צווייטער; זיין אויג איז דערויף נישט געפאלן. געזען האָט ער גאָר עפּעס אנדערש: די מוראדיקע עקספּלואטאציע פון די אינדיאנער משפחות, א דעגענעראציע דורך אלקאָהאָליזירונג און בוכשטעבלעכער אונטערגאנג פון די לעצטע שבטים דורך הונגער און מגפות, און קוים קענטיקע שפּראָצונגען פון דערוואכטער מענטשלעכער ווירדע, וואָס רעבעלירט. און איזי שאַפער האָט די רעאליטעט ארויסגעבראכט אין זיינע דערציילונגען אויף אַן אופן, וואָס צווינגט צו גלויבן אים. ער האָט דאָס דערגרייכט מיט א לעבעדיקן און נאטירלעכן דיאַלאָג, וואָס איז אין דער זעלביקער צייט פול מיט אקציע. געדרוקט האָט ער די דערציילונגען אין „די פרעסע", „דרום־אמעריקע", „אויפגאנג", נײַ־וועלט" און „אין גאנג".

# מימי פינזאָן

אויך מימי פינזאָן (אדעלא וויינשטיין, איצט שליאפּאָטשניק), איז א שילערן פון ה. בלאָשטיין און א מיטגליד פון דער „פּראָלעטאַרישער שרייבער גרופּע". איר ערשטע זאך, א האלב בעלעטריסטישע גרעסערע נאָטיץ וועגן די פארקויפערנס אין די מאָדע־קראָמען. האָט זי אָפּגעדרוקט 1926 אין „די פּרעסע". די נאָטיץ איז געדרוקט געווען דער עיקר צוליב איר געזעלשאפטלעכן אינטערעס; די טעמע איז געווען אן אקטועלע, א טאָג־טעמע.

דערשיינען איז דעמאָלט א גאסן־ראָמאן אונטערן טיטל: „דאָס מיידל פון דער הארָדס קראָם", וואָס האָט אויפגערודערט די געזעלשאפט ארום אָט דעם שיכט מיידלעך, וואָס דארפן נישט נאָר קענען באהאנדלען די קונדן, נאָר אויך זיין וואוילדערצויגענע, האָבן איידעלע מאנירן, זיין שיין און אָנציענדיק. צווישן אָט די מיידלעך, קינדער פון אָרימע משפּחות, וואָס באקומען דערצו א מיזערנעם געהאלט פאר זייער ארבעט, פארוואַרפן זייערע נעצן אלערליי פרויען־יעגער, פארפירער, וואָס פארוואנדלען זיי אין מעטרעסעס אָדער גאָר אין גאסן־פרויען.

בוענאָס איירעס, וואָס מען באטיטלט אלס די צווייטע פּאריז, האָט פון דעסט וועגן נישט באוויזן ארויסצוברענגען די פראנצויזישע גריזעט, דאָס שפּילעוודיקע מיידל פון דער פּאריזער באָהעמע און פון די „גאלאנטעריינע" הערן. פאר דעם ארגענטינער שיינעם אָרימען מיידל איז דער וועג צווישן איר פרומען הויז און דעם מארק פון פרויען־לייב אפילו נישט אויסגעבעטט מיט דער עלעגאנטער פריוואָליטעט.

דער פּסעוודאָנים מימי פּינזאָן מיט וועלכן דאָס בילדעריש אָנגעשריבענע ארטיקל איז געווען אונטערגעשריבן, האָט אוועקגעפירט דעם געדאנק צו דעם ראָמאן פון אלפרעד מוסעט, וואָס שילדערט די דראמע פון דעם פראנצויזישן שניידער־מיידל אין דער סביבה פון דער מאָנפּארנאס־באָהעמע און דערמיט אויך ארויסגעפירט דעם ענין אויף א ברייטערן אוניווערסאלן וועג און אים געמאכט פאר אן אלגעמיינער פּראָבלעם פון דער בורזשואזער וועלט. דערצו האָט געצויגן אויף זיך

די אויפמערקזאַמקייט די פאַרפאַסערן גופא פונעם אַרטיקל: אַ 16 יעריק מיידל, וואָס איז געקומען אַהער, פון איר אוקראַינישן געבורט־שטעטל, אין פינף־יאָריקן עלטער — כמעט אַן אַרגענטינער געבוירע־נע — און איר אידיש איז גאָרנישט קיין אַרגענטינער, אפילו נישט קיין מיידלשער, ער איז פול מיט פאָלקסטימלעכע אויסדרוקן, פעסט געבויט און ווייזט אויף באַלעזנקייט. און מיר דאָ, אַזוי ציטערנדיק איבער אונדזער שרייבערישן פאַרמעג, מיט אַזוי ווייניק האָפענונג אויף אַן אַרגענטיניש־געבוירענעם אידישן שרייבער־דור, האָבן זיך דער־פרייט איבער איר ווי איבער אַ קוועלנדיק וואַסער אין דער מדבר, ווי דאָס שרייבט זיך.

אַ צווייטע זאַך אירע, אַ סך רייפערע פון דער ערשטער, „די לע־גענדע פון באַראַנקאַ־בעלגראַנאָ" — אַ בלוטיק טראַגישע געשיכטע פון ראָזאַסעס צייטן, אין אַ חרוב הויז, וואָס איז פון דעמאָלט שטיין געבליבן צופוסנס דעם משופע פון דעם שטאָט־פערטל בעלגראַנאָ — האָט, פון דעסט וועגן, נישט געהאַט דאָס מזל פון דער ערשטער און איז אָפּגעלעגן אין רעדאַקציע־קעסטל העכער אַ יאָר צייט ביז זי האָט דערזען די ליכטיקע וועלט. דער רעדאַקטאָר, דער וואָס שרייבט די שורות, האָט איבערגעקלערט צי האַנדלט זיך דאָ נישט אין אַ צוויי־ענדיקן פּלאַגיאַט: צי איז נישט די זאַך גופא אַן איבערזעצונג און צי איז נישט די איבערזעצונג געמאַכט פון אַ מאַנסבילשער שרייבערי־שער האַנט. ערשט נאָך עטלעכע באַזוכן פון דער פאַרפאַסערן אין רע־דאַקציע און איר אויסטענהן זיך מיט איר שלום עליכמדיקן אידיש, אָנווייזנדיק דערביי דעם מאַטעריאַל אויף וועלכן זי האָט זיך גע־שטיצט, איז די לעגענדע געדרוקט געוואָרן אינעם יובל־בוך פון „די פרעסע" צו איר צען־יאָריקער עקזיסטענץ, יאַנואַר 1928.

מימי פינזאָן (ביי דעם פּסעוודאָנים איז אַדעלאַ ווײַנשטיין שוין פאַרבליבן אַלס שרייבערן ווי אַלס קולטור־טוערן) האָט זינט דעמאָלט אַ סך געשריבן אין פאַרשידענע אויסגאַבעס, איבערהויפּט פּראָלעטאַ־רישע. זי טראָגט זיך אום מיט פּלענער פון אַ אידיש־אַרגענטינישן ראָמאַן און האָט שוין אפילו געדרוקט אַ קאַפּיטל פון אים אינעם זשורנאַל „איקוף". פון צייט צו צייט שרייבט זי אַ דערציילונג, אָבער איר באַרוף איז די ליטעראַטור־קריטיק. אויף דעם געביט האָט

זי געשריבן א גאנצע ריי אפהאנדלונגען איבער ארגענטינער דיכטער און עסייאיסטן, זוכנדיק ארויסצוברענגען דאס סאציאלע, וואס ביל־דעט זייער שעפערישן דראנג. זי שרייבט אויך אויף קולטור־טעמעס און לייענט רעפעראטן, אין וועלכע זי צייכנט זיך אויס מיט איר פא־פולערער שפראך.

כאראקטעריסטיש פאר מימי פינזאנס סטיל, איז דער פאקט, וואס פראפעסאר ראבאק, א פסיכיאטער, וואס גיט זיך לעצטנס אפ מיט איד. פילאלאגיע, האט אין א בריוול צום זשורנאל „איקוף" ווענן א קאנקורס פון פרויען דיכטערנס, וואס דער זשורנאל האט געדרוקט זייערע פרעמירטע לידער, אנגעפרעגט צי איז נישט מימי פינזאן א פסעוודאנים פון א שרייבער א מאן. און באמת, איז אין איר שרייבן פאראן א היבשע דאזע מענערישקייט. כאטשע, עס פעלט אויך נישט אין איר שפראך די לירישע ווייכקייט, וואס גיט אין איר אויס די פרוי.

# יאסל גאלדבערג

געטרייער פון אלע בלאשטיינס תלמידים — שרייבער און מיט־גלידער פון דער פראלעטארישער שרייבער־גרופע — איז אים פארבלי־בן יאסל גאלדבערג. אן בלאשטיינס פערפעקטער דערציילערישער פארם, איז ער אבער, ווי זיין רבי צוגעגאנגען שרייבן א דערציילונג אן רעאלע פארשוינען און בלויז מיט דער אידייע. האט ער נאר גע־האט א אידייע, אן אויספיר צו מאכן, האט ער שוין פאר די האר פון קאפ צוגעשלעפט צו איר א פארשוין און אים פארגוואלדיקט אין נא־מען פון דער אידייע. ארויסקומען פלעגט פון דעם א מין מארס־באַ־שעפעניש.

א מוסטער פון יאסל גאלדבערגס דערציילונגען איז זיין דערציי־לונג „די דריטע נאכט", געדרוקט אינעם אויבן דערמאנטן יובל־בוך. איינגעפאלן איז אים א אידייע: ער האט געוואלט אקעגן דעם אידע־אליסטישן חבר פייערשטיין, דעם ארבעטער, וואס גייט צוזאמען מיט

זיין יונגן זון בייגאכט קלעפּן פּלאקאטן, וואָס רופן צו שטיצן די פּראָ־לעטאַרישע פּרעסע, אקעגנשטעלן, ווי א שאָטן, א מענטשן, וואָס האָט פארלוירן אָדער פארטאכלעוועט זיינע אידעאלן, וואָס ער האָט גע־בראכט מיט זיך פון דער אלטער היים, איבערגייענדיק אין אן אנדער קלאַס. און אפשר פארקערט, קעגן דעם צווייטן, דעם מענטשן מיט די פארטאכלעוועטע אידעאלן, אקעגנשטעלן דעם ערשטן, דעם אידעע־אליסטישן ארבעטער, וואָס גייט צוזאמען מיט זיין זון בייגאכט קלעפּן פּלאקאטן פאר דער פּראָלעטארישער פּרעסע. וואָס זשע טוט דער שרייבער? ער מאכט זיך א מענטשן, וואָס ווארפט זיך אויפן געלעגער און קען נישט איינשלאָפן, א געפליקטער און געפּייניקטער פון זיין אייגן פּוסט לעבן און דעם פרעמדן לעבן פון זיין פאמיליע און אין דער מיאוסער שלאָפלאָזער נאכט לויפט פאר אים דורך, אין שטיק־לעך געדאנקען, זיין פארגאנגענהייט: געווען איז ער זעקס יאָר אין סיביר, איז אנטלאָפן מיט דער הילף פון חברים, וואָס האָבן געגלויבט, אז „בעסערע קערנער וואקסן אומעטום" און דאָ איז ער פון אָנהויב טאקע געגאנגען א שטיקל צייט צווישן פּראָלעטאריער, צווישן זייערע פאריינען, נאָר געוואָרן איז ער א „קוענטעניק", שפּעטער א פאברי־קאנט, א גאנצער „סעניאָר גורוויץ", און פילט זיך נישט גוט, פאר־לוירן, אן אויסגעלײדיקטער פון יעדן אידעאל. אין אזא נאכט לויפט ער ארויס אין גאס, זוכן לופט... ער דארף א נייע לופט.. און ער טרעפט זיין אלטן חבר פייערשטיין, קלעפּן די פּלאקאטן צוזאמען מיט זיין זון.

— איר, סעניאָר גורוויץ? — וואונדערט זיך פייערשטיין.

און דאָ פארענדיקט זיך די דערציילונג.

די טעמע, די אידייע, איז פאר א גאנצן ראָמאן, נאָר יאָסל גאָלד־בערג האָט פון איר אפילו קיין דערציילונג נישט געמאכט. נישט מען זעט ביי אים גורוויצן, נישט מען זעט ביי אים פייערשטיינען און אויך זעט מען נישט די נאכט ארום זיי. קיין בראָקן לופט, ווי זיי וואָלטן געווען אָטעמלאָזע מענטשן. גורוויצן טראָגט ער דורך פארביי אונדז ווי אין א זאק און פייערשטיינען דערמאָנט ער בלויז, ווי א מין מוסר השכל.

**אין ליד איז שוין יאָסל גאָלדבערג אן אנדערער. דאָ דארף ער**

נישט זוכן קיין פאַרשווינען פאַר זיין אידייע און דאַרף זיי נישט צו־שלעפּן צו איר פאַר די האָר פון קאָפּ. דאָ, אין זיין לירישן ליד, איז ער אליין דער אָביעקט און זיך אליין קען ער אויסגעצייכנט.

מיר נעמען פאַר א ביישפּיל א ציקל לידער זיינע אונטערן אלגע־מיינעם טיטל: „אונדזער טאָג”. ס'איז זיינער א טאָג, דער טאָג פון אן ארבעטער א סטאָליער: דאָס איילנדיקע אויפשטיין און לויפן גאַנץ פרי צו דער ארבעט, אָנגעהאָנגען אויפן טראַמוויי... דאָס נאָכמיטיק־דיקע אוועקפאַלן מיד אויפן ווארשטאַט, אונטערן ווארשטאַט, ווי געפאַלענע הרוגים. . דאָס אוועקלייגן די ארבעט איינגעהאָרבעטע, ווי א סטאַדע בהמות אין א הייסן זומער-טאָג, ווען זיי דערהערן דעם פאַסטוכס פייפל... דאָס אהיימשפּאַנען מידע, ווי מידע פערד... און די נאַכט — עלטער, טויט...

דאָ איז ער אינגאַנצן אין קאָנטראַסט צו דער אידייע פון דער פרייד פון ארבעט, וואָס אנדערע חברים זיינע האָבן באַזונגען. אָבער, יאָסל גאָלדבערג פאַרגעסט דאָך נישט, אז ער איז א קעמפער, אן אי־דעאַליסט און אין א ליד זיינעם „פאַרנאַכטן”, טרייסט ער זיך:

„דער ברעג פון טאָג פאַרגייט ווי א וואַנדערערס טריט
„און שאָטנדלעך צעוואַקסן זיך אויף פענצטער.
„ווער סע טראָגט אין האַרצן ליכט,
„דער גייט זיין וועג אפילו דורך געשפּענסטער”.

מיט דעם הויך-לירישן ליד, איז יאָסל גאָלדבערג, אגב, מיט א סך קעפּ העכער געוואַקסן פון זיין לערער.

און אָט איז נאָך איין מוסטער פון יאָסל גאָלדבערגס לירישע פערזן. מיר נעמען זיי ארויס, געקירצטע, פון זיין ליד „א טאַטע”:

„איז געגאַנגען א טאַטע דורך גאַסן..
„מיט בלייאיקע טריט...
„די לאַסט אזוי ליב, די לאַסט אזוי שווער:
„פינף קעפּעלעך בלאָנדע וואַרטן ביים טיר...

מיט אָט די לידער אליין האָט יאָסל גאָלדבערג זיך איינגעקויפט אין דער ארגענטינישער אידישער ליטעראַטור, ווי איינער פון אירע לירישע און טאַקע פּראָלעטאַרישע דיכטער.

יאָסל גאָלדבערג איז חוץ דעם אַלעמען א לערער, א שול־טוער, האָט געשריבן איבער שול־פראַגן און האָט רעדאַקטירט שול־אויסגאַבעס. לעצטנס טוט ער זשורנאַליסטישע ארבעט.

# בערל גרינבערג

סוף 1926 האָט אין „די פּרעסע" זיך באַוויזן א קורצע דערציילונג פון בערל גרינבערג: „איך און מיין פעטער" און באַלד דערנאָך א צווייטע: „איך און מיין בילד". די טעמעס נישט וויכטיקע. ווייסעך דאָרט, אַז איבערוווערטלען זיך צווישן דעם פּלימעניק, בערעלע גרינבערג, דעם קוים צוואַנציק יעריקן בחורל, וואָס איז ערשט א יאָר דריי אין לאַנד און האָט שוין איבערגעטאָן פאַרשידענע מלאכות אין בוענאָס איירעס און דערנאָך געווען אין קאָרדאָבא, צווישן די בערג, טאַקע ביי אָט דעם פעטער, דעם „קוענטעניק", מיט וועלכן ער ווערטלט זיך איבער ביים שאַך־שפּילן און מיט א פּאָר שטריכן, באַווייזט ער אים אויף דורך און דורך. דאָס אייגענע אינעם צווייטן קורצן זאַכעלע: מחשבות אַזעלכע, וואָס קומען אים אין געדאַנק, אויך ווי א מין איבערוווערטלען זיך מיט זיך אליין, שטייענדיק פאַר זיין פאָטאָגראַפישן בילד, וואָס דער פאָטאָגראַף האָט גראָד ארויסגעשטעלט אין זיין וויטרינע, און ער פּרואווט מיט די מחשבות זיך אליין דערקענען.. די טעמעס, ווי איר זעט, נישט וויכטיקע, אָבער — דער סטיל!.. לייכט און שפּילעוודיק און... א וועלט אַן אָפּענע.

געבראַכט האָט ער די דערציילונגען אין רעדאַקציע ווי א מין קוריאָז: זעט, חבר פיניע, וואָס איך האָב דאָ אָנגעטענטלט... מען ראָט מיר איך זאָל זיי אייך ווייזן... און אַז דער רעדאַקטאָר האָט זיי איבערגעלייענט, טאַקע אויפן שטעל, וואָרום פאַרנומען האָבן ביידע דערציילונגען נישט מער ווי א פינף אָדער זעקס בייגעלעך פּאַפּיר, געשריבן אויף ביידע זייטן, האָט ער אָנגעקוקט דאָס בחורל און אים א פרעג געטאָן צי האָט ער געלייענט בערגעלסאָנען, האַמסונען..

— ניין, ער האָט נישט געלייענט נאָך..

און פאר זיך טראַכט ער: פאַראַן ביי אידן א פּאָר שרייבער, וואָס מאַכן נאָך בערגעלסאָנען, זיין קלוגן אופן פון ארויסברענגען די אַט־מאָספער, די לופט מיט וועלכער די פאַרשווינען אָטעמען, און עס גע־לינגט זיי די זאַך נאָר אויף העלפט; זיי געלינגט נאָכצומאַכן בערגעל־סאָנס אופן, אָבער נישט ארויסבאַקומען די אַטמאָספער, ווערט שוין דער אופן ממילא נישט קלוג, נאָר טאַקע נאַריש... און צו בערעלען — ער האָט אים געקענט פונעם „קאַפע כאַפּאַנעז", וואו ער פלעגט קידער־ווידערדיק דיסקוטירן און בראַווירן מיט א פערזענלעכער מיי־נונג — רופט ער זיך אָן:

— דו וועסט זיין פון יענע שרייבער, וואָס זייער וואָרט פאַר־שליסט נישט די וועלט אין זייער קליין חדרל, נאָר זייער וואָרט צעעפנט די פאַרשלאָסענע חדרים און נעמט פון זיי אוועק די ווענט. דער עיקר, דו שאַפסט אַטמאָספער, גאַנץ ברייטע און ווייטע, ארום דיין פּאַרשוין, כאָטשע דו האָסט נישט געלייענט און כאָטשע דו מאַכסט נישט נאָך נישט בערגעלסאָנען און נישט האַמסונען...

א מאָדנע זאַך, דער רעדאַקטאָר, דער חבר פּיניע, וואָס האָט קיי־נעם פון די שרייבער, א חוץ ישראל העלפמאַן און נח וויטאַל — די יונגע חברים זיינע און פון זיין פּאַרטיי־משפחה — נישט געדרוקט, האָט באַלד פון אָנהויב גענומען דרוקן בערעלען. און נישט פאַר זיין יונגשאַפט — אין ארגענטינע האָבן מיר איבערגענומען די מידה צו אירצן אפילו קינדער — און בערעלע האָט זיך צעשמייכלט און אין זיין שטענדיק קלוגן פאַרשייטן שמייכל, האָט זיך דעמאָלט באַוויזן, אחוץ זיין איינגעבוירענער חכמה, נאָך עפּעס, א שעמעוודיקע פאַר־ליבטקייט, די יוגנטלעכע ליבע צו זיין שרייבן.

ביז היינטיקן טאָג ווייס איך נישט צי בערעלע גרינבערג האָט מיך געפאָלגט און געלייענט בערגעלסאָנען, וואָרום ווען ער לייענט, וואָלט ער זיך דערוואוסט, אז א חוץ אַטמאָספער, האָט נאָך בערגעל־סאָן אידייען, די גרויסע אידישע אידייע, וואָס קייטלט זיך אין דער אידישער ליטעראַטור זינט מענדעלען און שלום עליכמען, וואָס ער האָט זי ביי זיי געיאַרשנט און ער טראָגט זי דורך די סאָציאַלע אומ־וואַנדלונגען, וואָס דאָס אידישע פאָלק מאַכט דורך זינט ער, בערגעל־סאָן, האָט זיך גענומען צו דער פען ביז היינטיקן טאָג, אויפן וועג פון

דעם אידישן נאַציאָנאַלן קיום, און אז זיינע פּאַרשוינען זעט ער אין דער שיין פון אָט דער אידישער סאָציאַלער אידייע, וואָס איז איינגע־פלאָכטן אין דער אוניווערסאַלער אידייע פונעם סאָציאַליזם און פון זיינע דערגרייכונגען.

בערעלע גרינבערג כאַפּט אויף פּאַרשוינען און ברענגט ארויס זייער אַטמאָספער אָן א סיסטעם און אָן א נאַציאָנאַלער אידייע, און דאָס איז דער פאַרדריסלעכער מינוס אין זיין טאַלאַנטפולן ליטעראַרי־שן שאַפן. פון דעסט וועגן, איז בערעלע נישט פריי פון זיינער א צענ־טראַלער אידייע, אַן אידייע, וואָס דריקט זיך ביי אים אויס אין א גוואַלדיקער ליבשאַפט, א פאַרליבטקייט, בעסער געזאָגט, צו די קאַ־ליעקעס, צו די אָרימסטע פון די אָרימע, צו די פאַרשטויסענע פון דער געזעלשאַפט און צו די באַרויבטע פון גליק און אין דער זעלבער צייט אין א מוראַדיקער שנאה צו די גליקלעכע, ניין, צו די זעלבסטצופרי־דענע, צו די ארויפגעארבעטע, וואָס זיינען טעמפּ צום אנדערנס ליידן. פאַר די ערשטע זוכט ער טרייסט און געפינט זי אויס ביי זיי גופא, ווי א שמייכל ביי א פאַרוויינטן קינד. אָן די צווייטע איז ער זיך נוקם. ער איז זיך נוקם אָן זיי דערמיט, וואָס ער שטעלט זיי ארויס אזוי קאָ־מיש נישטיק, אז דער לייענער נעמט קוקן אויף זיי ווי אויף די פעטע ווערים, וואָס זיינען אָנגעפרעסן מיט דעם זאַפט פון דער ערד.

אָט דאָ, ביי דער ליבע צו די אומגליקלעכע און שנאה צו די גליקלעכע, בלייבט שטיין בערעלע גרינבערגס אידייע. ער זעט נישט ווייטער, ער זעט נישט — אויף צו פאַרענדיקן דאָס בילד — ווי די פעטע ווערים ווערן פאַרוואַנדלט אין באַמיסטיקונג פאַר דער ערד, פון וועלכער זיי ציען די זאַפט. ער זעט אויך נישט — ער וואָס זיינע דערציילונגען זיינען אזוי פול מיט זון און לופט, מיט דער רחבות פון גאָטס וועלט — אז זיינע אומגליקלעכע פּאַרשוינען קענען אמאָל ארויסקומען פון די ענגע קעלער־שטיבער, אין וועלכע די זון קומט אריין בלויז דורך דעם אויבערשטן פענצטערל, דורך וועלכן מען זעט בלויז די פיס פון די פאַרבייגייער און מען שטעלט זיך בלויז פאָר ווי זיי זעען אויס (זע זיין דערציילונג „דער שטרויענער ריז") אָדער פון דער בלעכענער ראַנטשאָ אין דער האַפן־גאַס, וואו בלויז א ריאַדנע־וועגל טיילט אָפּ דעם צימער פון דער פּראָסטיטוטקע לאורא פון דער

האָרעפּאשנער וועשנעם הויזגעזינט און מישט זיי אויס אין זייער פאַרמשפּעט לעבן, ווי אין זיין דערציילונג „כואניטא״.

אין בערעלע גרינבערגס דערציילונגען, זיינען אָט די צוויי עלע־מענטן, — די אומגליקלעכע און זיין ליבשאפט צו זיי און די זעלבסט־צופרידענע און זיין נקמה אָן זיי — די ליכט און שאָטן, וואָס ברענגען ארויס זיינע פארשוינען און די סביבה זייערע, מיט דער בולטקייט פון א רעמבראנד־בילד און מיט דער קראפט פון א פארצייטיקן מוכיח. אזוי טיף פילט מען אָט דאָס לעצטע, ביז עפּילעפּטיק, און מען וואונ־דערט זיך דערביי, ווי איז דאָס מעגלעך אזוי פיל ביטערניש און ביי־סיקייט, אזוי פיל נקמה, ביי אָט דעם יונגן מענטשן מיט דעם קלוגן שמייכל אויפן פּנים.

בערעלע גרינבערג דרוקט זיך מערסטנס אין „די פּרעסע״ — וואו ער ארבעט אלס לינאָטיפּיסט — כאָטשע אין די לעצטע יאָרן גאנץ זעלטן. דאָס נעמט זיך, ווי איך מיין, טאקע דערפון וואָס ער האָט נישט קיין פּאָזיטיווע סאָציאלע אָדער נאציאָנאלע אידייע — וואָס דאָס איז אלציינס — וואָס זאָל אים קאָנצענטרירן און סיסטעמאטיזירן און זיינע טעמעס זיינען דעריבער צופעליקע, אויפגעכאפּטע פון דאָ און דאָרט. עס מוז אים עפּעס אזוינס א ברי טאָן אין יענע ספּעציפישע ערטער פון זיין הומאניסטישער נשמה, אז ער זאָל זיך נעמען צו דער פּען.

דערשינען זיינען שוין פון אים ביז איצט אין בוך־פאָרם דריי בענדער דערציילונגען. איינער פון זיי מיט אן הקדמה פון מלך ראַ־וויטש, וואו דער מחבר פון דעם שרייבער־לעקסיקאָן, באצייכנט אים אלס איינעם פון די טאלאנטפולסטע שרייבער אין אונדזער יונגער אר־גענטיניש־אידישער ליטעראטור און באהעפט זיין נאָמען מיט בער־געלסאָנס: גרינבערגעלסאָן.

# מ. ז. גאָלדשטיין

אין איין צייט מיט בערל גרינבערג, האָט גענומען ברענגען דער־ציילונגען אין „די פּרעסע" זיינער אַ חבר, מ. ז. גאָלדשטיין. ער איז אַ לאָדזשער, אַ שטריקער בן שטריקער, סענטימענטאַל אַרבעטאָריש דערציילונגען און סענטימענטאַל אַרבעטאָריש זיינען אויך זיינע דערציי־לונגען און קורצע בילדלעך פון אַרבעטער־לעבן, וואָס ער רופט אָן „מיניאַטורן": אין פאַבריק, אין גאַס, אין דער היים, אין שפּיטאָל. זיינע זאַכן זיינען גאַנץ אין דער פאָרם און אין אינהאַלט, זיי ווערן געדרוקט, אָבער אָן דעם ענטוזיאַזם פונעם רעדאַקטאָר, וואָס האַלט אַז די דאָזיקע סענטימענטאַליטעט איז אויסער דער צייט און פּאַסט אויך נישט פאַר אַן אַרבעטער.

קיין מיטגליד אין דער „פּראָלעטאַרישער שרייבער גרופּע", וואָס ווערט אָנגעפירט פון הירש בלאָשטיין און גרופּירט זיך אַרום דעם זשורנאַל „ניי־וועלט", איז ער נישט. ער איז נישט קיין פּאַרטיי־מענטש, ער איז נאָר אַ געטרייער מיטגליד פון זיין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, דעם שטריקער־פאַריין. קורץ, ער איז זיך אַ שטילער מענטש, אַ באַוואוסטזיניקער אָרגאַניזירטער אַרבעטער, וואָס האָט זיינע פליכ־טן; אַז מען וועט אים דאַרפן צו אַן אַקציע, צו אַן „אַנטשיידענעם מאָ־מענט", איז ער דאָ, איז ער גרייט. אין רעדאַקציע קומט ער אַריין אַ שטילער, אַ סטאַטעטשנער, עס פעלט אים נאָר דאָס סאַמעטענע קעל־נערל אויפן אויבערציער, ער זאָל קענען אָנגיין פאַר אַ באַלעבאַטישן חתן־בחור.

אין אַ שיינעם טאָג, אין 1933, ווערט מען געוואָר אַז ער פאָרט אָפּ קיין סאָוועט־רוסלאַנד. ער האָט דאָרט אַ שוואָגער, וואָס נעמט אים אַריבער. אַזוי שטיל ווי ער האָט געאַרבעט און געשריבן, אַזוי שטיל איז ער אַוועקגעפאָרן. פון בריוו, וואָס קומען אָן צו זיינער אַ שוועס־טער, ווערט מען געוואָר, אַז ער געפינט זיך אין ביראָבידזשאַן און אַז פון ביראָ־בידזשאַן האָט מען אים געשיקט קיין מאָסקווע אין אַ פּאַר־טיי־שול, זיך אויסצובילדן פאַר אַ טוער אין דער אידישער אויטאָ־נאָמער געגנט.

און גאָר פּלוצים ווערט מען געוואָר, אז אין מאָסקווער מלוכהשן פארלאג איז דערשינען זיינס א בוך דערציילונגען „אידן אפן אמור" און אין דער זעלבער צייט א רעצענזיע מיט אן אויסערגעוויינלעכער לויב וועגן דעם בוך, פון אזא זייט אויף וועלכער מען האָט זיך גאָר־נישט געריכט. עס האָט דאָס בוך געלויבט נישט קיין אנדערער ווי ש. ניגער; דער ליטעראטור־מפונק, אין ניו־יאָרקער „טאָג". פון א פּאָר דערציילונגען איבערגעדרוקטע פון דעם בוך, איז צו זען געווען. אז דער מענטש איז געוואָרן גאָר אן אנדערער. ער איז טאקע דער זעלבער שטילער שרייבער, אָבער ווי דאָס שטילע וואסער, וואָס גראָבט טיף. געוואָרפן האָט זיך באזונדערס אין די אויגן א דערציילונג זיינע „גאָלד", וואָס גיט דאכט זיך דעם שליסל צו אָט דער מעטאמאָרפאזע פון דעם שטילן מ. ז. גאָלדשטיין.

דער העלד פון יענער דערציילונג איז נישט דער סטאטישער אר־בעטער בן ארבעטער, מיט זיין סטאטישער פּסיכיק; ער איז א ג ע־וו אָ ר ע נ ע ר; ער איז איצט אן ארבעטער אין א גאָלד־מינע פון דער אידישער ערב־רעפּובליק און אין אים לעבט נאָך דער רעשט פון זיין אלטער באציאונג צו גאָלד, וואָס ער האָט געבראכט מיט זיך פון דעם אוקראינישן שטעטל, וואו ער איז געווען א קרעמער, א תבואה־מעקלער אָדער אין דעם ערך. ער האָט געפונען ביי דער ארבעט א שטיק גאָלד, א פּארטיק שטיק גאָלד, אָן א צומיש פון זאמד און אנדערע מעטאלן, וואָס מען דארף ערשט שמעלצן און רייניקן, און ער ברענגט עס אהיים און באהאלט עס אונטערן בעט און עס הויבט זיך פאר אים אָן א מאטערניש, א שלאָפלאָזיקייט, א מורא, א גערانגל צווישן דעם רעשט פון אלטן גאָלד־חלום און זיין נייער לאגע אלס ארבעטער פון דער מלוכה, וואו אלץ איז אלעמענס; א געראנגל צווישן אָט דעם חלום און זיין משפחה, וואָס האָט זיך שוין איינגעוואקסן אין דעם נייעם שטייגער; זיין ווייב, וועלכער ער פארטרויט זיך, ראָט אים אָפּ דערפון: וואָס וועט זאָגן זיין יונגער זון?... ער וועט זיך שאפן א שונא אין זיין אייגענער שטוב... זאָל ער בעסער אָפּטראָגן דאָס גאָלד און מאָרגן וועט ארוים אין דער אָרטיקער צייטונג א לויב דעם ארבעטער שמואל גאָלדמאַן, וואָס האָט געפונען א שטיק גאָלד פון אזא און אזא וואָג...

נישט וויכטיק איז דער סוף פון דער דערציילונג, וואָס באַווייזט ווי אזוי די ארבעט אין די סאָוועטישע באדינגונגען ארבעט איבער דעם מענטשן און האמערט אויס פון אים דעם נייעם אידן. וויכטיק איז דאָ פאר אונדז צו באַווייזן ווי אזוי אין דעם לאנד פון אייביקן ווערן ווערט אויך פון א סענטימענטאלן שרייבער איבער סטאַטישע אָרימע פארשווינען, א שרייבער פון פסיכישן גערענגל, פון מענטשלעכן איבערבוי, ווי רופט מען עס אינעם ראטנפארבאנד: א נשמה־אינזשעניער.

די לעצטע ידיעה וועגן מ. ז. גאָלדשטיין איז צו אונדז געקומען פון מאָסקווע, אז ער איז געפאלן אין יאר 1943 אין א שלאכט ביי טאגאנראָג, אלס אָפיציר פון דער רויטער ארמיי, אינעם קאמף קעגן דעם שונא פון דער מענטשהייט, פון דעם אידישן פאָלק און פון אָט דעם פאָטערלאנד, וואָס באַווייזט אָט די וואונדער.

## שלמה סוסקאָוויטש

שלמה סוסקאָוויטש, אויך א קינד פון דער רעוואָלוציע־צייט אין דער ליטע, א קרבן אירער, האָט מיט זיך געבראַכט קיין ארגענטינע זיינעם א הומאָר.

ווער האָט דאָס געזאָגט, אז די ליטוואַקעס האָבן נישט קיין הומאָר? דאָס האָבן אוודאי אויסגעטראַכט די אוקריינער, וואָס באַרימען זיך מיט שלום עליכמען, ווי מיט א „נאציאָנאלן אייגנטום” און ווילן האָבן, אז נאָר זייערע שטעטלעך האָבן געקענט ארויסגעבן אָט די אָרימע און פריילעכע אידן, וואָס קענען אויסקומען אָן א דריידל אויף שבת, נאָר נישט אָן א גלייכווערטל; אָן א פסוק אָן איבערגענוצעווען, און אָן א גויאישער תורה, להבדיל, וואָס צעעפענען טיר און טויער אין גאַנס וועלט, און אז זיי האָבן דעריבער דעם מאָנאָפּאָל אויף הומאָר.

עס לייקענען דאָס אָפּ דער ליטוואַק יוסף טונקל און דער פוילי־

שער ב. שעפּנער, כאָטשע נישט אָן אַ „להבדיל״; מחמת דעם ערשטן פעלט לחלוטין וועלכע עס איז ערד אונטער די פיס, וואָס ביי שלום עליכמען אונטער די פיס שפּרייט זי זיך ווי אַ ליילעך און ציט זיך איבער דעם גאַנצן שטח פון אידישן לעבן און ביים צווייטן, וועלכער האָט גראָד ערד אונטער די פיס, דאָס פּויליש־אידישע שטעטל, איז דער הומאָר באַשרענקט מיט זיין פּאַרטיי־אינטערעס.

ביי אונדז אין אַרגענטינע לייקנט דאָס אָפּ שלמה סוסקאָוויטש. ער האָט גראָד נישט גענומען ביי שלום עליכמען זיין שפּראַך, וואָס איז שווין אָן און פאַר זיך אַ הומאָריסטישע, און אַ סך מאַכן מיט איר גאַנץ היבשן הומאָריסטישן דערפאָלג; נישט זיינע גלייכווערטלעך, נישט זיינע פסוקים און תורהס, האָט ער גענומען נאָר זיין קוק; ער האָט דערזען די קליינע מענטשעלעך מיט זייערע קליינע השגות, ביי זיך אין דעם ווינקל פון בוענאָס איירעס, וואו ער האָט געוואוינט און ער האָט זיי אַרויסגעבראַכט אין הומאָרעסקעס.

געדרוקט האָט ער זיי אין דער הומאָריסטישער זייט פון „דער פּרעסע״, וואָס טראָגט דעם שלום עליכמדיקן נאָמען „אַמכאַ״ און אירע שרייבער באַנוצן אויך שלום עליכמדיקע פּסעוודאָנימען: שימעלע סאָראַקער, פּעפּערל וכדומה. שלמה סוסקאָוויטש האָט קיין פּסעוודאָנים נישט באַנוצט.

פאַרוואָס? איך האָב אים קיינמאָל נישט געפרעגט וועגן דעם, נאָר פאַרשטאַנען האָב איך, אַז ער האַלט דעם הומאָר פאַר גענוג ערנסט, אַז מען זאָל זיך דאַרפן מיט אים אויסבאַהאַלטן ווי מיט עפּעס אַ שטיפעריי, וואָס פּאַסט נישט פאַר ערנסטע מענטשן.

עס האָט לאַנג נישט גענומען און שלמה סוסקאָוויטש איז אַרויסגעקומען אין „דער פּרעסע״ מיט אַ פילאָזאָפישן עסיי איבער הומאָר. עמיצער, אַ פנים, האָט צו אים אַ רעד געטאָן מיט ביטול איבער אָט דער מענטשלעכער אייגנשאַפט צו זען די וועלט און אירע באַשעפענישן מיט שמייכלדיקע אויגן, וואָס זעען, ווי ער מיינט, מער ווי די טויט־ערנסטע, און ער האָט זיך אָנגענומען די קריוודע פונעם הומאָר.

אין דעם עסיי, האָט ער נישט נאָר גערעדט פילאָזאָפיש וועגן הומאָר, נאָר ער האָט דערהויבן דעם הומאָר צו דער הויך פון דער

פילאָזאָפיע. פון דעמאָלט אָן איז מיט שלמה סוסקאָוויטשן געשען אזא מין זאך: ער האָט אויפגעהערט שרייבן הומאָרעסקעס און זיך גענומען שרייבן פילאָזאָפישע עסייען. אים ציען צו מעטאפיזישע טעמעס: די מענטשלעכע עמאָציעס, די עטיק. און אָט וואָס ס'איז וויכטיק דערביי אָנצוואווייזן: ער ווייזט דערביי ארויס נישט בלויז באהאוונטקייט, אנאַליטישע פעאיקייטן און שכל הישר, נאָר אויך א גרויסע מאָס הור־מאָר, איבערהויפט אין דער פּאָלעמיק. ער באַזיצט דעם הומאָר פון דער לאָגיק.

שלמה סוסקאָוויטש האָט אַלע אייגנשאַפטן אויף צו ווערן דער קריטיקער פון דער אידישער ליטעראַטור אין ארגענטינע און איך בין זיכער, אַז ער וועט דאָס מיט דער צייט ווערן. נישט נאָר קען ער אַלץ, וואָס דאָ איז געשריבן געוואָרן, נאָר ער איז אויך באַשאָנקען מיט דעם נויטיקן אויסדויער יעדן פון די אידישע שרייבער אין ארגענטינע צו אַנאַליזירן און אויך ווארפן אויף אים די געהעריקע שיין.

נישט אומזיסט האָט די רעדאַקציע פון דער אַנטאָלאָגיע, וואָס דער קאָמיטעט צו פייערן 25 יאָר „די פּרעסע" האָט ארויסגעגעבן, אים איבערגעגעבן די אַרבעט צו קאָלעקציאָנירן און סעלעקציאָנירן די מאַטעריאַלן און דאָס איז אים אויך געלונגען, ווייל ער האָט דאָס געטאָן מיט קענטעניש און מיט גרויס ערנסט.

## אביגדור שפּריצער

אביגדור שפּריצער וואָלט איך אָנגערופן דער חומשדיקער שריי־בער. געשריבן האָט ער דראַמען און לידער, איבערהויפּט קינדער־לי־דער, און אויך קורצע דערציילונגען. די דראַמען — „איוב" און „רות" — האָט ער געבראַכט מיט זיך אָפּגעדרוקטע פון דער היים, פון מזרח־גאַליציע. זיינע קינדער־לידער און דערציילונגען האָט ער געדרוקט צוערשט אין „דער אידישער צייטונג" און דערנאָך אין „דער פּרעסע".

זיינע דערציילונגען, וועל איך מיר דערלויבן אָוועקצושטעלן אוי־סער זיין שרייבעריש באַגאַזש און אויסער זיין שרייבעריש באַרוף,

כּאָטשע געשריבן האָט ער זייער אַ סך דערציילונגען: אַ וואָך איבער אַ וואָך אַ דערציילונג אין די זונטיק-נומערן פון „דער פּרעסע", אין משך פון איניקע יאָר. איך טו דאָס נישט אַזוי ווייל זיי שטערן מיר צו דער הויפּט-כאַראַקטעריסטיק זיינער ווי אַ שרייבער, נאָר ווייל זיי זיינען נישט מער ווי טעמפּעראַמענטלאָזע נאָכמאַכונגען פון דעם טעמ־פּעראַמענטפולן י. אָפּאַטאָשוס קורצע דערציילונגען. אַז מען זאָגט טעמפּעראַמענטלאָז, מיינט עס אויך טאַלאַנטלאָז, וואָרום וואָס אַזוינס איז דער טאַלאַנט, אַז נישט איינעמס טעמפּעראַמענט, אַפילו ווען ער איז נישט גאָר אייגנאַרטיק און שאַפט נאָך אַ מוסטער.

פאַראַן איז ביי אָפּאַטאָשון אַזאַ מין עפּישער טאָן, אונטער וועלכן עס ברויזט די ליידנשאַפט פון דעם בשר ודם; זיין אייגענע ליידנשאַפט ווי פון זיינע פּאַרשוינען, אַלציינס צי זיי זיינען גוט־אידישע און לומ־דישע זין און טעכטער אָדער אַמעריקאַנער באָיעס, אַלט און יונג. און אביגדור שפּריצער האָט אויך אַן עפּישן טאָן, אַ חומשדיקן, ווי איך האָב אים פריער באַצייכנט; האָט ער בלויז באַדאַרפט צו אָט דעם טאָן זיינעם צומישן אַביסעלע עראָטיק, וואָס דאָס קען מען צוטראַכטן און טעכניק איז אויך אַזאַ גאָב, מיט וועלכער מען ווערט נישט געבוירן. פּאַרשוינען ווידער, און סיטואַציעס, זיינען שוין פון די קלענסטע דאגות, און... אָט אַזוי ווערן דערציילונגלעך הונדערטער געמאַכט...
דאָרט אָבער וואו אביגדור שפּריצער איז בלויז חומשדיק עפּיש, איז ער ביי זיך אין דער היים, אין זיין סטיכיע. באַזונדער איז ער עס אין די טעמעס פון חומש און תנ"ך, צו וועלכע ער האָט אַ באַזונדערע נוי־גונג. ווען עס וואָלט נישט געקומען פאַר אים שלום אַש, וועלכער האָט, אַזוי צו זאָגן, אַקטואַליזירט די חומש־מעשיות פאַר דעם קוטנער חדר־אינגל און ווען עס וואָלט נישט נאָך אים איציק מאַנגער די חומש־מעשיות שטיפעריש אָנגעקליידט אין די געשטאַלטן פון דעם יאַסער שניידער-אינגל, וואָלט דער חומש אין אביגדור שפּריצערס חדר־שפּראַך זיך שטאַרק אָנגעזען, ווי אַ פרואוו צו פאַררייביקן אין דער אידישער ליטעראַטור דעם חדר־אידיש און די חדר־פאַנטאַזיע. נישט גוט איז בלויז ווען שפּריצער וויל מיט זיין חדר־אידיש אַרויסברענגען צו־קונפט-וויזיעס, פאַר וועלכע ער האָט נישט קיין קאָנקרעטע געשטאַלטן.

און קיין קאָנקרעטע פאַרבן, און ער פירט אונדז מיט זיך אין איי-ביקן נעפּל. א. שפּריצערס דראַמען שטעקן אויך אינעם חדר, שוין אינעם העברען, און זיינען געשריבן פון אַ תּלמיד, וואָס האָט שוין געלייענט „פאַוסט", האָט שוין געזען טעאַטער און קומט שוין אפילו הינטער די קוליסן. אין זיינע דראַמען, האָט שפּריצער אַרויסגעוויזן סצענישע פאַנטאַזיע און עס איז אַ וואונדער וואָס מען האָט זיי ביז איצט נישט אויפגעפירט.

ווען מען רעדט פון שפּריצערן, מוז מען אונטערשטרייכן זיינע גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער אידישער קינדער-ליטעראַטור אין אַר־גענטינע. ער איז איינער פון די שרייבער, וואָס האָבן אַלס טאַטעס און לערער, געצייל̈ט מיט ליבשאַפט די טריט פון זייערע קינדער און יעדע תּנועה זייערע איבערגעגעבן אין קינדער־פערזן צום וואויל פון דער אידישער קינדערשאַפט אין אַרגענטינע און צום וואויל פון די אידישע שולן און קינדער־גאָרטנס.

# א. א. פישער

א. א. פישער איז אויך אַ מזרח-גאַליציאַנער, אַ טשאָרטקאָווער, האָט געלערנט אין אַ חדר, אָבער שוין אויך אין אַ עברית בעברית-שול, געענדיקט אַ פּוילישע גימנאַזיע און אין דער ווינער הויכשול דעם פאַקולטעט פון הידראַוולישער טעכניק און באַקומען דעם טיטל אינ־זשעניער. איז אַ רעכטער פּועלי־ציון און אין דער היים, אין גאַליציע און ווין, שרייבט און דרוקט זיך אין העברעיש, אין דייטש און אין אידיש. געקומען קיין אַרגענטינע אין 1926, איז ער באַלד אַוועק אויף אַ שטעלע אין די דרום-פּראָווינצן פונעם לאַנד און פלעגט פון דאָרט צושיקן אין „דער אידישער צייטונג" דערציילונגען, סקיצן און לידער. די נייע סביבה, די ווייטע און די פרעמדע, האָט א. פישערן פאַראינ-טערעסירט און ער האָט גענומען באַשרייבן דאָס לאַנד און די מענטשן

אירע. מער די מענטשן ווי דאָס לאנד, און מער דאָס מענטשלעכע אין זיי ווי די מענטשן.

ווען מען נעמט לייענען א. פישערס דערציילונגען פון יענעם ווייניק באוואוסטן טייל פונעם לאנד און אויך ווייניק באשריבענעם אין דער ארגענטינער ליטעראטור בכלל און אוודאי שוין אין דער אידישער, הויבט אָן פארדריסן; איר דערוואַרט עפּעס א קאָליר א דאַרטיקן, פון יענער קאַלטער, אומהיימלעכער גרויער געגנט, פון איר וואַלד און פון איר פלאַכלאַנד, פון אירע טייכן און אָזיערעס, פון דעם קאַלטן ווינט, וואָס כוואַליעט זיי הארבסטיק און פארבט רויט, מאַוימדיק רויט אירע ווייטקייטן אין די פאַרנאַכטן... פון דעסטוועגן לייענט איר זיך איין אין זיי; עס ציט אייך אין זיי אריין דער מנוחהדיקער טאָן פון דעם שרייבער, בעת וועלכן איר זענט אים מוחל די פּאָר נאַיווע פּרוּוון אריינצוברענגען אין זיי אביסל לאָקאַלע פארב מיט די באקאנטע ארגעניזמען ווי „פּועבלאָ", „עסטאַנסיאַ" און „באָליטשע" און איר שמייכלט אביסל פון דער אינזשעניערישער פּינקטלעכקייט מיט וועלכער ער וויל געבן דעם אויסערלעכן אויסזען פון די פּאַרשוינען און פון דער נאַטור־סביבה און עס געלינגט אים פונקט דאָס פאַרקערטע, און אייך הויבט אָן פאַראינטערעסירן גאָר עפּעס אנדערש, וואָס דעם שרייבער געלינגט עס ביז א הויכע מדרגה; עס געלינגט אים איבערצוגעבן געזונטע און רואיקע מענטשלעכע עמאָציע און ער באווייזט אָנצושטעקן מיט איר דעם לייענער. נישטאָ די מינדסטע אויפרעגונג ביי זיינע פּאַרשוינען, קיין סימן פון היסטעריקע אין די קולמינאַנטסטע מאָמענטן זייערע: אין ליבע און פאַראַט, אין טויט און אין אייפערזוכט.

איר פּאַרטראַכט זיך דערביי, צי געניסן נישט די פּאַרשוינען פון דעם אַרגענטינישן קאַלטן און טרויעריקן דרום פון דער ווינער געמיטלעכקייט, וואָס דער מחבר האָט מיט זיך געבראַכט צו פירן פון דער היים. און מער אין דער היים איז טאַקע דער מחבר אין זיינע דערציילונגען פון דער ווינער סביבה, וואָס ער האָט דאָ אָפּגעדרוקט אין א באַנד אונטערן טיטל „אין וועג". אין כתב־יד געפינט זיך ביי א. פישער א היסטאָרישע דראַמע פון דער כמעלניטשענע, אונטערן

טיטל „נעמיראָווער קדושים”, וואָס איז דאָ אויפגעפירט געוואָרן אין 1932. מיר איז זי נישט באַקאַנט. אינעם רעפּערטואַר פון היגן אידישן טעאַטער איז זי נישט אַריינגענומען געוואָרן, וואָס דאָס איז, אגב, קיין באַווייז נישט, אַז זי איז ליטעראַריש אָדער אַפילו סצעניש מינדערוועריק.

# פינחס ביזבערג

וועגן פּנחס ביזבערג האָב איך דעם איינדרוק ווי ער וואָלט געקומען צו אונדז אַ פּאַרטיקער אַרגענטינער און אויך אַ פּאַרטיקער אַרגענטינער שרייבער. ער האָט זיך געגרייט דערצו. צוליב דעם האָט ער פאַרלאָזט דאָס סוחרישע און פאַבריקאַנטישע הויז פון זיינע עלטערן אין זגערזש און זיך אַוועקגעלאָזט קיין דייטשלאַנד, ווי אויף אַ מין „הכשרה”, לערנען אַגראָנאָמיע און זיך מחנך זיין אין שרייבעריי, מיט דעם ציל זיך צו באַזעצן אין אַן ענטרע ריאָסער קאָלאָניע, איינאָרדענען אַ פאַרם און ווערן איר שרייבער און אפשר גאָר איר ראָמאַניסט, דער וואָס וועט אָנשרייבן דעם גרויסן ראָמאַן פון דער באַראָן הירשקאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע.

די פאַרם האָט אים פון זיך אָראָפּגעוואָרפן ווי עס וואַרפט אַראָפּ פון זיך די טשאַקרע אַ סך פּראַקטישערע קאָלאָניסטן ווי ער. אויך די לערעריי, מיט וועלכער ער האָט זיך גענומען באַשעפטיקן, האָט אים אַוועקגעוואָרפן. געבליבן איז ער ביי דער שרייבעריי, אפשר דערפאַר וואָס די שרייבעריי איז אין אים אַזוי פאַרליבט, פונקט ווי ער אין איר און זיי וועלן זיך שויןביידע נישט אַוועקוואַרפן.

פּינחס ביזבערג האָט ביז איצט אָנגעשריבן אַ היבשע צאָל דערציילונגען פון דער ענטרע ריאָסער קאָלאָניע, וואָס ער האָט געדרוקט אין „דער אידישער צייטונג”, אין „דער פּרעסע”. אויך אין „דער צוקונפט” פון ניו־יאָרק האָט ער אָפּגעדרוקט אַ דערציילונג. קיין ראָמאַן

האָט ער זיך נישט געפּרואווט שרייבן, אָבער אין זיינע דערציילונגען פילט זיך דער פאַרמעסט פון אַ ראָמאַן־שרייבער.

דער אָנהויב פון אַ דערציילונג ביי אים איז אַן אריינפיר אין צייט און רוים, אַ מין היסטאָרישער און געאָגראַפישער אָדער געאָלאָגישער הינטערגרונד פאַר איר. דערפאַר אפשר מאַכט דער מיטלסטער טייל אירער, די סאָציאַלע סביבה, די מיליע, אין וועלכער זי וויקלט זיך אויס, דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט די טעמע זיינע צעביטן אויף קליינגעלט. דערביי האָט ער אויך אַ טבע צו לאַנג צו פאַרהאַלטן זיך מיט זיין דערציילן, אויף איין אָרט. אַ גליק וואָס ער האַלט דערביי אַן אויך דעם קאָלאָריט פון דער סביבה און מען מאַכט דורך דעם וועג בשלום, ביז מען קומט צום איינדרוקספולן סוף.

דאָס זיינען אָבער אַלץ טעכנישע פעלערן, וואָס אַ שרייבער איז זיי מיט דער צייט גובר. דער עיקר, פינחס ביזבערג איז אַ שרייבער מיט פאַרמעסט. ער האָט אַן אויג פאַר מיליע און קען זי שילדערן און פאַרשווינען נעמט ער גראָד אינטערעסאַנטע און אויך וויכטיקע. אַלע פאַלס ווערן זיי ביי אים וויכטיק. עס ווערט ביי אים וויכטיק, למשל, אפילו אַזאַ פאַרשוין ווי דער שלמה יאָקל, דער אַלטער אידישער שניידערל, וואָס שטאַרבט אַן איינזאַמער, אַ פאַרהונגערטער אין דעם ענטרע־ריאַסער דייטשן דאָרף פון „הייליקן אַנעלע" צווישן אַט דער אידיליע פרעסן, פון זינד און מחילה. ער ווערט וויכטיק אפילו ווען מען זעט פון אים נישט מער ווי אַ שפּיץ גרוי בערדעלע זיינס שוין אַלס מת שוין אָפּגערעדט פון אַזאַ פאַרשוין ווי דער „קראַנקער דאָקטער", וואָס איז אַ פאַרטיקער העלד פאַר דעם ראָמאַן, וואָס פינחס ביזבערג מוז און קען אָנשרייבן; אָדער דער קאָלאָניסט שייע לעדערמאַן פון „שניטצייט", וואָס זיין סוף איז דער טראַגישער סוף פון אַ דראַמע אָדער טאַקע פון אַט דעם ראָמאַן, דער ראָמאַן פון דער אידישער קאָלאָניע, וואָס פינחס ביזבערג איז געקומען אהער ווערן איר שרייבער.

# משה גראַניטשטיין

משה גראַניטשטיין איז אַ שרייבער — אַ פּראָבלעם. ווי נאָר ער האָט גענומען דרוקן זיינע לידער און דערציילונגען אין דער פּרעסע, אין 1928, האָט ער אַרויסגערופן אַרום זיי אַ פּאָלעמיק. נישט אַזוי איבער זיינע לידער, ווי איבער זיינע דערציילונגען.

לידער, ווי רעליגיע, זיינען די פּריוואַטע זאַך פון די דיכטער, האָט מען נאָך דעמאָלט ביי אונדז געהאַלטן: זינג דיר אויס אין די פּערזן אַלץ וואָס דיר דריקט אויפן האַרצן, דיין טרויער און דיין פרייד, דיין גלויבן און דיין אומגלויבן, דיין ליבע און דיין האַס, דיין עקסטאַז און ענטוזיאַזם און, פאַרקערט, דיין פלעגמאַטישן ביטול צו וואָס נאָר דו ווילסט, מעגסט אפילו אָפּחוזקן און אָפּלעצעווען, אַבי שיין, אַבי מיט פּאָעטישן חן. הייִנט — אין אַזעלכע אחריותדיקע צייטן לעבן מיר — מוזן אויך לידער דורכגיין די צענזור פון דעם רעדאַקטאָר, וואָס וויל נישט דערלאָזן, למשל, אַז זיין צייטונג זאָל מיט טרויער אָפּהענטיק מאַכן די געגנוג טרויעריקע וועלט, דעמאָלט ווען אַזוי פיל זשוליקעס פאַרמעסטן זיך אויף איר, אָדער אָפּחוזקן פון דער תמימות, מיט וועלכער מענטשן טרעטן צו ווידערבויען די חרובע וועלט און זיי פאַרגיפטן מיט דעם סם פון אומגלויבן. דערציילונגען, פאַרקערט, האָבן שוין דעמאָלט געטראָגן אויף זיך אחריות; מלחמה און רעוואָלוציע האָבן שוין געהאַט אָפּגעשוועגקט פון דער ליטעראַטור די עשר מכות, מיט וועלכע זי איז געפּרוּווט געוועז אין דעם קאַרגן צענדליק יאָר צווישן דער רעוואָלוציע פון 1905 און דער מלחמה פון 1914 אין דער צאַרישער אימפּעריע, פון וואַנען מיר האָבן געשטאַמט און פון וואַנען מיר האָבן געצויגן אונדזער גייסטיקע יניקה. צוזאַמען מיט דער גאַטזוכעניש, עראָטישע רייצונגען און סאַטאַניזם און די אַלע אַנדערע דעקאַדענטישע אויספּלוסן פון דער ליטעראַרישער באַהעמע, האָבן מיר דאָ געזוכט משלח צו זיין אין דער געשיכטע די בענקעניש און דאָס צאַצקען זיך מיט דעם שטעטל, וואָס מיר האָבן פאַרלאָזט, און מיר האָבן פּראָקלאַמירט דעם לאָזונג: „איצט און דאָ". אָט איצט און דאָ וואו

מיר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, אידן פון אומעטום, פון אַלע שטעט־לעך פון דער גאַרער וועלט, בויען מיר אונדזער לעבן, אונדזער גע־זעלשאַפט, אונדזער קולטור...

און אַט קומט אַ יונגערמאַן, אַ שרייבער, מיט אַ שרייבערישער פאַרגאַנגענהייט פון אַזעלכע צוועלף יאָר, מיט סמיכה פון זיין לאַנדס־מאַן יונה ראָזענפעלד און ענלעכע און. ווי אויף צו להכעיס, שרייבט ער נאָר פון זיין שטעטל, פון שמידאָוויץ, אשר בוואָלין. מיר זיינען אַזוי זשעדנע שרייבער און מיר דרוקן, אָבער אונדז הויבט עס פונעם אָרט און מיר פאַרפירן אַ פּאָלעמיק.

די פּאָלעמיק האָט זיך געפירט אין „דער פּרעסע”, אין דער ספּע־ציעלער וועכנטלעכער זייט פאַר ליטעראַטור, וואָס די צייטונג האָט דעמאָלט איינגעפירט, אויף עפנטלעכע דיסקוסיעס, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט די שרייבער, ביי די קאַפע־טישלעך און וואו נאָר שרייבער זיינען זיך צוזאַמענגעקומען.

און נישט נאָר דרוקט ער זיינע לידער און דערציילונגען אין „דער פּרעסע”, נאָר ער זאַמלט זיי און גיט אַרויס איין בוך נאָכן צווייטן. ער אַרבעט בא פוטער, ער ווערט אַ לערער, און פון זיין מאָגערן לע־רער־געהאַלט, וואָס ווערט אים נישט שטענדיק אויסגעצאָלט, שפּאָרט ער געלט און גיט אַרויס זיינע ביכער, וועלכע ברענגען אים נישט אַריין אפילו אויף דעם פּאָסט־געלט, וואָס אים קאָסט דאָס פונאַנדערשיקן זיי איבער די אידישע רעדאַקציעס פון פוילן און אַמעריקע. בעת איך שרייב די שורות, האַלט ער שוין ביי זיין 21סטן בוך און איך בין נישט ערב, אַז ווען די שורות וועלן זיין אָפּגעדרוקט, וועט ער שוין האַלטן ביי אַ ווייטערדיקן. און יעדער בוך זיינער, איז אַ פּראָבלעם. נישט אַ פּראָבלעם וועלכע ער באַהאַנדלט אונטער אַ באַשטימטער פי־לאָזאָפישער שיין זיינער, נאָר אַ פּראָבלעם — גראַניטשטיין: וואָס איז ער אַזוינס?

עס איז גאָר קיין ספק נישט, אַז משה גראַניטשטיין איז אַ טאַ־לאַנט, אַ בעלעטריסטישער טאַלאַנט. אין זיינע דערציילונגען, אין זיינע ראָמאַנען און אפילו אין זיינע עסייען, טרעפט מען בלעטלעך און קאַפּיטלען גאַנצע וואָס פאַרכאַפּן מיט זייער בילדערישקייט, מיט

זייער פסיכאָלאָגישער פאַרטיפונג, מיט זיינעם אַן אייגנאַרטיקן לי־ריזם אַפּילו. אינמיטן דערינען אָבער, ווי ער וואָלט זיך אַליין צו להכעיס געטאָן, גיט ער אַ בריקע מיט אַ משונהדיקן געדאַנק, וואָס איז אים איינגעפאַלן, און אַלץ וואָס מיר האָבן פריער געלייענט ווערט כלא היה, ווי ער וואָלט דעם לייענער אַ צונג אַרויסגעשטעלט אָדער גאָר זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן הינטן... און דער לייענער בלייבט צעמישט: וואָס האָט ער דערמיט געוואָלט? וואָס האָט ער דערמיט געמיינט, אָט דער „משודאַק”?

עס וואָלט צו פיל פּלאַץ פאַרנומען, נישט אין דער מאָס פון די פאַר זייטלעך, וואָס איך טייל דאָ אוים פאַר יעדן שרייבער, אָנצו־ווייזן דעם „בריקע” אין יעדער זאַך זיינער. איך וויל דאָ בלויז דער־מאָנען דעם אמתן פאַרדרוס, וואָס איך האָב געהאַט לייענענדיק זיין ראָמאַן „באַלוואַנאָווקע”, וואָס פירט אַרויס דאָס לעבן פון אַ אידיש שטעטל אין אַרגענטינע. שוין דער נאָמען וואָס ער האָט דעם אידישן שטעטל געגעבן איז אַ נישט פאַרדינטער. עס האָבן דאָס נישט פאַר־דינט די אָרנטלעכע אידן האָרעפּאַשניקעס, וועלכע ער פירט דאָרט אַרוים און אויך נישט די פאַר אויפגעקלערטע באמת אינטערעסאַנטע אידן, סיי ציוניסטן און סיי אַנטיציוניסטן, און נישט די קינדער פון דער אידישער שול, מיט זייער ליבע צו דעם לערער, וועלכער פילט אַן דאָס שטעטל מיט זיין אידעאַליזם, און אוודאי האָבן זיי נישט פאַרדינט דעם חוזק, פון דעם זעלבן לערער, וואָס ווערט פלוצים פאַר־וואַנדלט אין אַ ליץ און מאַכט צו נישט דעם גאַנצן אויפטו זיינעם אין שטעטל, אַפּשאַפנדיק אין דעם די „גרעבליע”, וואָס איז ביי אים סיי אַ רעאַלע באַצייכענונג פאַר אַ שטעטלשן זומפּ און סיי אַ סימוואָל פון אַפּגעשטאַנענקייט.

אָט דער דרך פון דעם באַלוואַנעווקער לערער, איז עס דער רויטער פאָדעם אין משה גראַניטשטיינס שאַפן, אין זיינע עסייען מער נאָך ווי אין זיינע דערציילונגען און ראָמאַנען. זיי זיינען אַ פּראָדוקט פון אַ שאַרפן מוח, וואָס כאַפּט אויף פילאָזאָפישע שיטות, ווי אַ מין אינטעלעקטועלן ספּאָרט און נישט ווי אַן אָרגאַנישע נויטווענדיקייט

אין אַ סיסטעם אָדער וועלט-אָנשויאונג צי אפילו בלויז ווי אַ מעטאָד פון דענקען.

אין זיין צוואַנציקסטן בוך, אַ לעצט דערשינענער, וועלכן ער רופט אָן „ליבאַוויטש און די וועלט", גיט ער אַ געווויסן שליסל צו אָט דער רעטעניש, וואָס ער שטעלט מיט זיך פאָר. ער האָט געלערנט אין דער ליבאַוויטשער ישיבה — גיט ער אָן — און איז פאַרבליבן אַ „ליבאַוויטשער". און „ליבאַוויטש" איז ביי אים „אייביקער קאַמף מיט דעם חומר, קעגן שפלות און דעקאַדענץ". אין דער אמתן, איז ער די שאַרפסטע נעגאַציע פון „ליבאַוויטש", פון חסידות „חב"ד", וועלכע איז געלייטערטע אמונה, אמונה וואָס פליסט אַרויס פון די דריי ספּי־רות: חכמה, בינה דעת, די התדבקות אלוקית וואָס קומט פון דער הסתכלות, און ער, גראַניטשטיין, איז הוילע כפירה. דעם שליסל צו זיך גיט ער מיט אָט דעם עפּיזאָד, וואָס ער דערציילט דאָרטן: אין אַ שמחת תורה צו הקפות, ווען קינד און קייט האָט געטאַנצט מיט דער תורה און דער רבי אַליין האָט געטאַנצט מיט זיינע לעצטע כוחות, האָט אַ בחור, אין עקסטאַז, אים אַ כאַפּ געטאָן טאַנצן, אַ פאַרבקה׳־טער, מיט פאַרמאַכטע אויגן. נאָר דאָס האָט געדויערט איין רגע קוים, — דערציילט גראַניטשטיין. — גלייך ער וואָלט דערשפּירט עטוואָס שרעקלעכעס, איז ער שנעל געקומען צו זיך, מיך אָנגעקוקט און, מיט אַן אומבאַהערשלעכן עקל, אַוועקגעשטויסן...

## ש. גראַניעוויטש

שמחה גראַניעוויטש, דער לערער גראַניעוויטש, איז געווען גראַ־ניטשטיינס אַן אינטימער חבר, מען פלעגט זיי כמעט שטענדיק זען צוזאַמען און אויך זייערע נעמען פלעגט מען דערמאָנען צוזאַמען, און אפשר דערפאַר טאַקע איז אין זייער חברשאַפט גופא געלעגן אַ מין שנאה, וואָס האָט זיך גענומען פון דער מורא מען זאָל זיי נישט פאַר־בייטן איינער אויפן צווייטן, כאָטשע זייער דרך איז געווען אַ ביז

גאָר פאַרשידענער. זייער חברשאַפט האָט זיך גענומען דערפון וואָס גראַניטשטיין האָט אין גראַניעוויטשן געפונען אַ גוטן צוהערער פון זיינע ליטעראַרישע פּלענער, פון זיינע טעמעס, וואָס ער פּלעגט אויס־וויקלען אין קאַפע-הויז פאַר היימישע פאַרן אָנשרייבן און באַקומען דערפון הסכמה און קוראַזש, און גראַניעוויטש האָט אין גראַניטשטיי־נען געפונען דערפאַר אַ מענטשן, פאַר וועלכן מען קען זיך אַראָפּ־ריידן פון האַרצן. און גראַניעוויטש האָט דאָס שטאַרק נויטיק געהאַט.

גראַניעוויטשעס שרייבן איז אייגנטלעך געווען אַ מין אַראָפּריידן זיך פון האַרצן. געווען איז ער אין גרונד אַן אידעאַליסט, וואָס הערט נישט אויף אַנטוישן זיך. געהאַט האָט ער אַ ליבע, האָט זי אים פאַר־ראַטן, איז ער אַנטוישט אין דער ליבע און זוכט ליבע; פאָרט ער אין ווייטע לענדער, וואוהין עס ציט אים זיין טרוים און ער קומט און אַנטוישט זיך; קומט ער אויף אַ פּאָסטן פאַר אַ לערער ערגעץ אין אַ שטעטל און ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט דעם אוועקגייענדיקן לערער, מיט אַ טאַטן און מיט דער שול, און ער באַקומט שוין חרטה וואָס ער איז געקומען. זיינע דערציילונגען, „אין רויטלעכע פאַר־נאַכטן", אָדער ווי ער האָט זיי אָנגערופן: נאָוועלן און סקיצן, אַרויס־געגעבן פון אַ חברים-קאָמיטעט אין 1929, מאַכן דעם איינדרוק ווי אַלערליי וואַריאַציעס פון אַ לערערס באַשולדיקונגען קעגן די שול־פאַרוואַלטונגען, קעגן די אַזוי גערופענע „קאָמיסיאָנען" פון די תלמוד תורהס, וואָס באַשטייען מערסטנס פון אַרויפגעאַרבעטע אידן פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס האָבן געזוכט דעם כבוד און כאָטשע דער גאַנצער לימוד איז זיי אָנגעגאַנגען ווי גאָרנישט, האָבן זיי ליב צו זאָגן דעות דעם לערער און נאָך פאַר די תלמידים אין די אויגן.

אַ טרייסט געפינט ער אין די שילער זיינע, זיין אידעאַליסטיש אויג רוט אָפּ אויף זיי און דורך זיי אויף דער שיינער ליטערער וועלט, וואָס איז פאַראַן ערגעץ ווייט פון דאַנען, פון דער גרויסער שטאָט, צו וועלכער ער איז אַזוי טראַגיש צוגעקניפּט מיט איר קולטור, מיט אירע קאַפּעען און ר ע ד אַ ק צ י ע ס, מיט זיין שוואַכקייט צו זען זיך געדרוקט און... נקמה צו נעמען מיט זיינע סקיצן פון די באַלעבאַטים, די „קאָמיסיאָנען" און מיט אַ ראָמאַן אויך נקמה נעמען פאַר זיין פאַראַ־

טענער ליבע. דער לערער שפּירא גרייט אַ קינדער־יום־טוב און קינדער לערנען אויס אַ לידל, וואָס צעגייט זיך איבערן חלל פונעם שול־צימער ווי אַ שטילע גאָטספּאַרכטיקע תפלה:

„נעמען זיך די פעלדער שפּרייטן,
פּריש-צעאַקערטע אין בייטן,
און אַ רעגן פּערל ריין,
טריף־טראָפּ, טריף־טראָפּ,
הויבט אָן גיין.״

און אין שפּיראָן וואַקסט די פרייד און ער איז גרייט אַלץ און אַלעמען איבערצובעטן.

אַ טראַגיש לעבן איז עס דאָס לעבן פון אַן אַנטוישטן אידעאַ־ליסט, וואָס זוכט אַלץ אויפריכטונג פאַר זיך און געפינט נישט. אַוועק איז ער פון אָסטראָוו מאַזאָוויעצק, פון דעם האַלב-ליטווישן שטעטל אין פּוילן, געווען אין אורוגוויי, געקומען קיין אַרגענטינע, פון דאַנען אַוועק קיין פּאַלעסטינע, צוריקגעקומען קיין בראַזיל, געווען אַ לערער אין סאַן פּאַולאָ און ווידער געפאָרן קיין ארץ ישראל, וואו ער איז אומגעקומען אונטער די רעדער פון אַ צוג אין תל אביב. ווער ווייס אויב ער האָט נישט אַזוי אַ סוף געמאַכט צו זיין לעבן וואָס איז פול געווען מיט אַנטוישונגען, זאָגן זיינע חברים אין בוענאָס איירעס.

## גאָלדע קרימער

גאָלדע קרימער, אָדער ווי זי רופט זיך איצט, אויף איר מיידלשן נאָמען, גאָלדע גוטמאַן, איז געקומען אַהער אין 1923 אַ פּשוט יונג בעסאַראַביש ווייבל, פון יעדינעץ. יעדינעץ ליגט לעבן ליפּקאַן, דאָס שטעטל פון די בעסאַראַבישע ליטעראַטן, יהודה שטיינבערג, יעקב פיכמאַן און דאַכט מיר אַז אויך פון אליעזער שטיינבאַרג; אָבער, אין דער היים האָט גאָלדע גוטמאַן פון זיי אָפּילו נישט געהערט. ביי איר

טאטן, דעם בעקער, א געוועזענער בעקער־יונג, מיט א פרימיטיוון גע־פיל פאר סאָציאַלן יושר און פערזענלעכער ווירדע, פאר טיפער פריינט־שאַפט און גערעכטיקייט ביזן ביין, וואו מען האָט שוין געזונגען צווישן די לידער פון אן אומגליקלעכער ליבע און פון א יתומה, אויך א ליד וועגן א שלעכטן מייסטער און א זאַבאַסטאָווקע, האָט זי זיך קוים אויסגעלערנט שרייבן א אידיש בריוול און א רוסישן אדרעס. נאָר אָט קומט זי קיין בוענאָס איירעס, ווערט א לייענערן אין א ביבליאָטעק, לייענט וואָס נאָר דאָרט איז פאראן: פון די אידישע שרייבער און פון די איבערגעזעצטע, און איר פאלט איין, אז זי וואָלט אויך געקענט שרייבן. איבערהויפּט ווילט זיך איר שרייבן וועגן איר שטעטל, וואָס זי קען עס אויף דורך און דורך, דעם אינעווייניק און דעם ארום, די שטיבער און די פארשוינען, די וויכטיקסטע געשעענישן, די פאמיליערע און די געזעלשאפטלעכע און זי געדענקט יעדן איינעם מיט זיין אויס־זען, זיין הלוך און זיין לשון, זיין יחוס און זיין מאָראַלישן ווען, גע־מאָסטן, נאַטירלעך, מיט איר טאַטנס מאָס און מיט דער מאָס פון דער ליטעראַטור, וואָס האָט אמערסטן אפּעלירט צו איר סענטימענטאל־הו־מאַנישן צוגאַנג צו מענטשן און געשעענישן.

די יעדיניצער געשעענישן, וואָס האָבן זיך אמשטאַרקסטן איינ־געקריצט אין גאָלדע גוטמאַן־קרימערס זכרון זיינען פון יענע טעג ווען בעסאַראַביע איז אין יאָר 1918 געבליבן הפקר, פארלאָזט פון די באָל־שעוויקעס און פארכאפּט געוואָרן פון די רומענער: די פּויערישע בונטן קעגן דעם נייעם שטרענגן הערשער, אידישע געזעלן, וואָס האָבן מיט־געארבעט מיט די פּויערים, די אנטיסעמיטישע העצעס און די שטראָף־עקספּעדיציעס קעגן די אידן און די פּויערים, פּויערישע אקשאָנעס און אידישער קדוש השם, די אידיש־פּויערישע באַציאונגען ווי א גע־מיש פון איינגעוואָרצלטער היימישקייט און פרעמדקייט, סימפּאַטיע און חשדים... און דאָס אַלץ האָט זי ארויסגעבראַכט מיט אירע אומ־מיטלבארע און נאַטירלעכע מיטלען, מיט א ריינער שפּרודלדיקער און בילדערישער פאָלקס שפּראַך און מיט דער שפּראַך פון יעדן פון די פארשוינען, וואָס זי האָט אויפגענומען, מיט איר איינגעבוירענער אויפנאַמס פעאיקייט, אין א ראָמאַן, וואָס טראָגט דעם נאָמען בעסאַ־

ראַביע — 1918. דער ראָמאַן הויבט זיך אָן אין אַ צענטראַלן אָרט פון שטעטל, אין דער קרעטשמע, וואו עס קומט צום אויסדרוק די אידיש-פויערישע באַציאונג און וויקלט זיך אויס אַרום דער פאַמיליע פון דעם אידישן קרעטשמער און די באַקאַנטע פויערים, ביז ער כאַפּט אַרום דאָס גאַנצע שטעטל אידן, די שטעטלשע קריסטן און די נייע רומענישע רישעסדיקע מאַכט.

גאָלדע גוטמאַן-קרימער האָט אָבער איר דעבוט ווי אַ שרייבערין נישט געמאַכט מיט דעם ראָמאַן. דעבוטירט האָט זי אין „די פּרעסע" מיט אַ דערציילונג פון גאָר אַ פרעמדער סביבה ביז דעמאָלט, פון דעם ב. איירעסער מיסט-פּלאַץ, אין וועלכער זי האָט אַרויסגעוויזן איר באַאָבאַכטונגס-פעאיקייט, ווי איר סענטימענטאַל-הומאַנישן צוגאַנג צו מענטשן. שפּעטער איז זי געקומען מיט סקיצן פון דעם שניידער-טאַ־זשער און פון דעם בוענאָס-איירעסער אידישן שניידער-וועלטל בכלל, וואָס איז איר באַקאַנט געווען פון איר שניידערשער שטוב. פאַרבראַכט האָט זי איייניקע חדשים אין אַ שטאָטישן שפּיטאָל און האָט פון דאָרט געשריבן אירע איבערלעבונגען און באַאָבאַכטונגען אין דער פאָרם פון דערציילונגען, וואָס זי האָט אָפּגעדרוקט אין אַ באַנד אונטערן נאָמען „צווישן קראַנקע", און אַ צווייטן באַנד דערציילונגען אונטערן נאָמען „וואָס מיין פריינט האָט דערציילט". דאָס זיינען דערציילונגען פון אַן אויסעראָרדנטלעכער פּערזענלעכקייט, אַן אויסגעשטאָלטער אין פּראָ־לעטאַרישע שלאַכטן, אין מלחמה און אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף, דורכ-געזופּט דורך איר סענטימענטאַל-הומאַנישן טעמפּעראַמענט. און ערשט דעמאָלט איז זי אַרויסגעקומען מיט איר פריער דערמאָנטן ראָמאַן, וואָס איז געדרוקט געווען אין „דער פּרעסע" און דערנאָך אָפּגעדרוקט אין בוך-פאָרם.

דער דערפאָלג פון דעם ראָמאַן האָט אין איר דערוועקט אַ חשק אַרויסצוברענגען איר שטעטל אין די אַלע יאָרן, וואָס זי האָט דאָס געקענט און זי האָט אָנגעשריבן נאָך צוויי ראָמאַנען: „מיין שטעטל יעדינעץ" און „מלחמה-יאָרן", וואו דער מיטלפּונקט איז איר טאַטנס בעקער-שטוב און די משפּחה אירע, און זיי בילדן צוזאַמען מיט „בעס־סאַראַביע — 1918" אַ טרילאָגיע, וואָס פאַראייניקט דאָס דאָזיקע

בעסאַראַבישע שטעטל מיט דעם שלל פאַרשווינען זיינע אין די ערשטע צוויי צענדליק פון דעם יאָרהונדערט. גאָלדע גוטמאַן־קרימערס פּראָזע ליידט פון צופיל באַרייִדעוודיקייט, וואָס לאָזט זיך אָפט נישט מצמצם זיין, מחמת אין דער שפּראַך גופא ליגט מערסטנס דער קינסטלערי־שער ווערט פון אירע פאַרשוינגען, ווי דאָס זעט מען אָפט ביי שלום עליכמען.

איינע פון די באַזונדערס געראָטענע זאַכן, וואָס גאָלדע גוטמאַן־קרימער האָט אָנגעשריבן, איז איר קורצע נאָוועלע „צווישן בערג", וואָס שילדערט די קריאָזשאָס פון די קאָרדאָבער בערג און זייער באַ־רירונג מיט די טוריסטן. לעצטנס האָט זי אָנגעשריבן א נאָוועלע פון אידישן קאָלאָניסטישן לעבן אונטערן נאָמען „ברוך דער שרייער", וואָס לייענט זיך ווי איין לאַנגער מאָנאָלאָג אָדער „מענה לשון". קענ־טיק, זי האָט די זאַך געשריבן אויפן גרונד פון א קאָלאָניסטישן קלאָגן זיך און נישט פון באַקאַנטשאַפט מיט דער קאָלאָניע און איר מיליע.

לעצטנס האָט זי אָנגעשריבן א ראָמאַן וואָס טראָגט דעם נאָמען „די מוטער רחל" און שילדערט די רעאַקציע פון דער אידעאַליסטישער אידישער יוגנט אין אַרגענטינע אונטער דער ווירקונג פון די היט־לער־יאָרן. דער סענטימענטאַלער הומאַניזם פון דער שרייבערן איז דאָ, נאַטירלעך, באַזונדערס בולט; אָבער פאַראַן זיינען אויך אין דעם ראָ־מאַן ממש לאַפּידאַרע שילדערונגען פון נאַצישער רשעות און טפשות, וואָס ווייזן אַרויס טיפערע באַאָבאַכטונג.

## מאַרקוס פאַרישעווסקי

מאַרקוס פאַרישעווסקי איז דער אַרגענטינער אידישער רייזע־באַשרייבער. ער שרייבט נישט קיין רייזע־איינדרוקן, נאָר ער באַ־שרייבט די לענדער און די מענטשן זייערע, ווי ער האָט זיי געזען און ווי ער האָט זיך מיט זיי נאָנט באַקאַנט אויף זיין רייזע.

נישט זיין געמיט גיט ער איבער און נישט זיינע פילאָזאָפישע נאָכקלערונגען, נאָר פאַקטן און באַגעגענישן. אויב ער מאַכט באַמער־

קונגען, זיינען זיי סאָציאַל־פּאָליטישע. אַט די רייזע-באַשרייבונגען פון די לאַטיין-אַמעריקאַנישע לענדער, דרוקט ער זייט אַן ערך דרייסיק יאָר. כמעט באַלד נאָך זיין אָנקומען אין לאַנד האָט ער זיך אַרויסגע־לאָזט צוערשט איבער די אַרגענטינער פּראָווינצן און דערנאָך איבער די לאַטיין-אַמעריקאַנישע לענדער אַלס אַגענט פון פאַרשידענע אויך אויסטערלישע אַרטיקלען. אַט די באַשרייבונגען זיינע האָט ער לעצטנס גענומען אַרויסגעבן אין בוך־פאָרם און זיין ערשטער בוך אונטערן טיטל „צווישן ווילדע און ציוויליזירטע", איז דערשינען אין 1944. צו דעם בוך האָב איך געשריבן אַן אַריינפיר, אַלס זיין רעדאַקטאָר, מיט דעם געדאַנק אָנצואַווייזן דעם לייענער אויף דעם עקזאָטישן כאַראַקטער פון די לענדער און אויף דעם באַשרייבערישן כאַראַקטער פון דעם ווערק און געטאָן האָב איך עס, וויסנדיק, אַז אויף אַ סך אידישע לייענער פון אונדזער אייראָפּעיזירטן אַרגענטינע, מאַכן אַט די באַ־שרייבונגען דעם איינדרוק פון גוזמאות. גראָד די נ. אַמעריקאַנער לי־טעראַטור־קריטיק האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון אַט די באַשרייבונגען.

אין דעם אַריינפיר צי איך די אויפמערקזאַמקייט אויף דעם אונ־טערטיטל פון מאַרקוס פאַרישעווסקיס בוך — אַ באַשרייבונג פון אַ רייזע — און ביז מייחס זיין ליטעראַרישן זשאַנר צו דעם זשאַנר פון דעם ערשטן היסטאָריקער העראָדאָט, וואָס האָט באַשריבן זיינע רייזעס איבער דעם נאָנטן מזרח, איבער צור און מצרים, איבער אשור און בבל, פּרס און מדי און איבער די באַלקאַן־לענדער און האָט מיט זיינע באַ־שרייבונגען געלייגט דעם גרונטשטיין פון דער געשיכטע שרייבונג. ער פירט אַוועק אונדזער געדאַנק — האָב איך געשריבן — צום אידישן רייזנדן בינימין פון טודעלא, וואָס האָט אין זיין ספר מסעות של ר' בנימין" באַשריבן דעם לעבנסשטייגער פון די אידן אינעם נאָענטן מזרח און אינעם מזרח-אייראָפּע פון זיין צייט, דער צוועלפטער יאָר־הונדערט; צו מאַרקאָ פּאָלאָ, וואָס האָט אינעם דרייצנטן יאָרהונדערט באַקאַנט געמאַכט די אייראָפּעער מיט דעם לעבנסשטייגער פון כינע און יאַפּאַן. באַזונדער אָבער דערמאָנט ער אונדז, — צוליב די לענדער, וואָס ער באַשרייבט — די רייזע-באַשרייבונגען, וואָס האָבן זיך באַ־

וויזן נאָך דער אנטדעקונג פון אמעריקע, ווען באַטייליקטע אין די ערשטע עקספּעדיציעס, מענטשן געניגטע צו אַוואַנטורע, האָבן, אַהיים־קומענדיק, דערציילט פאַר שרייבער אָדער אַליין באַשריבן די עקזאָ־טישע מענטשן און זייערע פירונגען אין די ווייטע לענדער, ווי אויך וואָס מיט זיי אַליין, מיט די רייזנדע, האָט פּאַסירט צווישן די ווילדע מענטשן.

די אַלע באַשרייבונגען פון די לענדער און זייערע באַוואוינער האָבן קיינמאָל נישט געקאָסט דעם פּוילן צוטרוי פון דער וויסנשאַפט. אין די רייזנדער האָט מען, אַ דאַנק זייער געניגטקייט צו אַוואַנטורע, געזען מערסטנס בעלי גוזמא, פאַנטאַסטן, וואָס מיט זייער גאַנצער ערנסט־לעכקייט, האָבן די זאַכן געמוזט אויסזען אין זייערע אויגן פאַרגרעסערט, לעגענדאַריש און פּאַבלהאַפטיק. מאַרקוס פּארישעווסקי האָט דאָס פאַר־שטאַנען. ער האָט געוואוסט, אַז ווי געטריי ער זאָל נישט זיין צום אמת און ווי געצווימט ער זאָל נישט זיין ביים איבערגעבן די מאַיעס־טעטישקייט פון די אַנדן־בערג און די פאַרביקייט און עקזאָטישקייט פון זייערע באַוואוינער, וועט מען אים חושד זיין אין גוזמאות און פאַנטאַסטישקייטן און ער האָט זיך באַוואָרנט קעגן דעם מיט דער פּינקטלעכקייט פון זיינע געאָגראַפישע און עטנאָלאָגישע דאַטעס, וואָס ער האָט קאָנטראָלירט ביי אויטאָריטעטן אין די ענינים. ער גרעניצט זיך אָפּ פון דער פאַנטאַסטישקייט מיט דער איראָנישער באַמערקונג זיינער אויפן חשבון פון מנשה בן ישראל, וואָס האָט געהאַלטן די אַצטעקן פון מעקסיקע פאַר די אוראייניקלעך פון די עשרת השבטים אָדער וויניקסטנס פאַר די יורשים פון זייער קולטור און אויפן חש־בון פון דעם מאַראַן מאָנטעסינאָס (אהרן הלוי ספרדי), וואָס האָט דער־ציילט אין אַמסטערדאַם, אַז ער האָט אין די קאָרדיליערן געהאַט אַ באַגעגעניש מיט אינדיאַנער, וואָס פירן אַ אידישע מלוכה און אַלס סימן האָבן זיי אויסגערופן „שמע ישראל" און אָנגערופן די נעמען פון די אבות אברהם, יצחק און יעקב... פּאָרט אַ איד אין די קאָרדיליערן — באַמערקט איראָניש פּאַרישעווסקי — חלומען זיך אים די עשרת השבטים, וואָס הינטער די הרי חושך...

מאַרקוס פּאַרישעווסקי איז, אַגב, געפאָרן איבער די בערג און

טאָלן און ווילדעגישן פון באָליוויע און פערו, גוואטעמאלא, קאָסטא ריקא, ביז צו פאנאמא, אין אונדזער רעאליסטישער צייט, וואָס איר איז דערווידער די פארשלייערונג פון די פאקטן און אלס רעאליסט, באמיט ער זיך אויסצוטאָן די געזעענע זאכן פון זייערע מיסטישע שלייערס. אויב די זאכן קומען פאָרט ארויס אויסטערליש, איז עס דער ריינער אמת פון זייער אויסטערלישקייט, פון זייער עקזאָטישקייט. גערייזט האָט ער נישט צוליב שרייבערישע צילן, ווי כמעט קיינער נישט פון די אידישע שרייבער, וואָס זיינען געפאָרן פון אייראָפּע צו אונדזער ווייטן לאנד און אויך נישט צוליב אוועגטורעס. די אוועגטורעס רייסן זיך אריין בעת זיינע וואנדערונגען קעגן זיין ווילן, ארויסגעקורמענע פון דער אויסטערלישער ווירקלעכקייט גופא און פון זיין לאגע אלס דרויסנדיקער אין די אָרטיקע אומשטענדן. אזא איז זיין נישט ווילנדיקע סענטימענטאלע און טראגישע אוועגטורע מיט דעם אינדיאנער מיידל סורוהאלפא, וואָס פארנעמט אן אָנגעזעען אָרט אינעם דערמאָנטן בוך.

דער באטייט פון זיינע באשרייבונגען באשטייט נאָך דערין וואָס ער איז נישט קיין גלייכגילטיקער צושויער פון דער סאָציאַל-פּאָליטישער לאגע אין יענע לענדער, וואו עס ווערן אונטערדריקט, פארפאָלגט און עקספּלואטירט די אלטע ארבעטזאמע אמעריקאנישע שבטים אָדער פעלקער דורך דעם הערשזיכטיקן און אינקוויזיטאָרישן ווייסן אויף די פעלדער און אין די מינען פון דעם מעטאל־רייכן אינגעווייד פון די אייביקע שניי־בערג. ער באווייזט אונדז דעם אינדיאניש־שפּאַניאָלישן געמיש, די סאָציאלע מישלינגען-יערארכיע, וואָס גייט דורך די פארבנגאמע צווישן דעם עכטן אינדיאנער, וואָס דער שטאָלץ מיט זיין שטאם און טראדיציע איז דער אויסדרוק פון זיין מענטשלעכער ווירדע און נישט קיין אטאוויזם פון דעם אמאָליקן בלוטיקן קרבנות־קולט, און די וואָס זוכן ווייס צו ווערן און שטעלן מיט זיך פאָר מחנות אָפּטריניקע, אינסטרומענטן פון דער ווייסער אונטערדריקונג. אזא איז די ווירקלעכקייט, נאָר געפירט האָט אים דאָס צו דערזען זיין קוק אויף די אָפּטריניקע און אסימילאנטן פון אלע מינים אין דער אידישער געזעלשאפט. אין זיינע באשרייבונגען, איז מארקוס פארישעווסקי בא-

זונדערס נישט גלייכגילטיק צו די אידן, וואָס ער טרעפט אָן אין די שטעט צווישן די בערג — נישט פון די עשרת השבטים, נאָר בעסאַראבער און פוילישע אידן „קוענטעניקעס" און, להבדיל, טמאים, ארויפגעארבעטע און זייערע קרבנות, און ער דערפרייט זיך ווי א קינד ווען ער טרעפט אָן א שפור פון אינטערעס מיט אידישער קולטור.

אין אונדזער יונגער אידישער ליטעראטור, וואָס איז אויפגעקומען אזוי ספּאָנטאן און פלאָנלאָז, זיינען פארישעווסקים רייזע-באַשרייבונגען א געווינס, וואָס איז נאָך נישט אָפּגעשאצט געוואָרן.

# משה כ"ץ

משה כ"ץ איז צו אונדז געקומען מיט א קנאפּע צען יאָר צוריק פון האָלאנד, וואוהין ער איז אריינגעקומען פון מערב-דייטשלאנד, אליין א פוילישער, פון קאזמיערזש, לובלינער געגנט. געקומען איז ער קיין דייטשלאנד אין יאָר 1919, אָן איין און צוואנציק יעריקער בחור, א האנדלס-אָנגעשטעלטער, און דאָרט גענומען שרייבן אידישע לידער און דערציילונגען אין דייטש. א מוסטער פון די דערציילונגען זיינען די הי ארויסגעגעבענע אין בוך-פאָרעם אונטערן טיטל „אָסט אונד וועסט": אידעאליזאציעס פון עלטערן דור פוילישע און דייטשע אידן, ווי מוסטערן וואָס דארפן שטילן די דערוואכטע אידישע בענקשאפטן ביי די מערבדיקע און מזרח-מערבדיקע אידן אין דייטשלאנד און שטעלן זיי צו אידישע ערזאץ-קולטור.

אין האָלאנד האָט ער דאָס אייגענע געטאָן אין האָלענדיש, געדרוקט ראָמאנען, נאָוועלן און דערציילונגען פון דעם מין נישט נאָר אין אידיש-האָלענדישע, נאָר אויך אין אלגעמיין האָלענדישע צייטשריפטן, וואו אידישע טעמעס זיינען אן אויסדרוק פון דער ראָמאנטישער באציאונג פון די האָלענדער צו די אלטע דורות אידן, וואָס האָבן זיי געגעבן די מאטשאדאָס און קווערידאָס, מנשה בן ישראל, אוריאל אקאָסטא, ברוך שפינאָזע, איזארעלס, מענדעס און ציט זיך

פון יענער סימפּאַטיע, וואָס מיר זעען ביי רעמבראַנדטן צו אידישע טיפּן.

קיין אַרגענטינע איז ער געקומען שוין אַן אָפּגעפּרעמדטער פון אידיש און אוודאי פרעמד פון דעם נייעם אַרגענטינער־אידישן אי־דייען־גאַנג, כאָטש ער האָט זיך באמיט מיט אַלע כוחות זיך צו דער־נענטערן סיי צו דער אַרגענטינישער אידישער זשורנאַליסטיק און איר שפּראַך, וואָס האָט דורכגעמאַכט צוזאַמען מיט דער אידישער שפּראַך בכלל די גלגולים אירע אונטער דער ווירקונג פון אירע דיכטער און פי־לאָלאָגן. אין משך פון די קנאַפּע צען יאָר, וואָס ער וואוינט דאָ און שרייבט, איז אים נאָך פון דעסט וועגן נישט געלונגען זיך צו באַפרייען פון דעם איינפלוס, וואָס אויף אים האָט געהאַט די דייטשע שפּראַך און די דייטש־אידישע ערזאַץ־אידישקייט און ער פאַרנעמט אין אונד־זער אידישער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק די פּאָזיציע פון אַ פאַר־מיטלער צווישן דער מזרח־אייראָפּעאישער אידישער געזעלשאַפטלעכ־קייט, וואָס באַהערשט דאָס אידישע לעבן אין אַרגענטינע און די ניי־איינגעוואַנדערטע דייטשע אידן, די היטלער־אידן, וואָס זוכן נייעם אויסדרוק פאַר זייער אידישקייט, נאָכדעם ווי זיי האָבן פאַרלוירן זיי־ער יודאיקאַ־קולטור און די אַנדערע ערזאַצן פון אָרגאַנישן אידישן קולטור־לעבן.

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, האָט ער אָפּגעדרוקט אַ בוך דערציילונ־גען אין דייטש, אונטערן כאַראַקטעריסטישן נאָמען „אָסט אונד וועסט", ווי אַ מין צינז זיין ליטעראַרישער פאַרגאַנגענהייט, וואָס וויגט זיך צווי־שן מזרח און מערב. אין פאַרגאַנגענעם יאָר איז דערשינען זיינער אַ ראָ־מאַן אין 5 טיילן, אין אידיש, אונטערן טיטל „אַזוי האָט עס זיך אָנגע־הויבן". דער אידיש, ווי ס'איז צו זען שוין פונעם טיטל, איז אַ געמילאָ־בעטער, אָבער מיט דעם בעסטן ווילן אַריינצוזוואַקסן זיך אין דעם אָנגע־נומענעם מזרח־אייראָפּעישן. אָנגעהויבן — מיינט דאָ דער אָנהויב פון די היטלער־יאָרן און דעם חורבן וואָס זיי האָבן אַריינגעבראַכט אינעם דייטשן אידנטום. דער מחבר שילדערט איבערהויפּט די קרייזן פונעם אָסט־אידנטום, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינוואַקסן אין די רעשטן פון די טראַדיציאָנעלע דייטש־אידישע פאַמיליעס און אין די דייטשע

סאָציאַלע באַוועגונגען. דאָס בוך עפנט אַ טיר צו אַ ווענדונג אין אַ פּאַרקערטער זייט: צום אַריינוואַקסן זיך פון די דייטש־אידישע פּליטים אין אַרגענטינע אין אונדזער אָרגאַניזירטן אידישן לעבן און מיט דער צייט אויך אין אונדזער אידיש קולטור־לעבן.

---

מיט משה כ"ץ שליסן מיר אָפּ דאָס צעטל נאָוועליסטן, וואָס זיינען ביז איצט טעטיק אויף דעם געביט פון דער דערציילונג און דער נאָוועלע. נאָך אים זיינען אונדז מער קיין דערציילער און נאָוועלן־שרייבער נישט צוגעקומען, נישט פון דער אַלטער וועלט, וואָס די מלחמה האָט פון אונדז אָפּגעשניטן און פאַרשניטן און נישט פון אונדזערע נייע היימען. אפשר וועלן זיי נאָך קומען, פון ערגעץ פאַרוואָגלטע, און דאָ אויפגיין מיט נייער שאַפונג, אַרגענטיניש־אידישער און אפשר וועלן אונדזערע שולן, אונדזערע סעמינאַרן, אונדזערע קולטור־הייזער, וואָס צעבליען זיך איצט, געבוירן פון זיך אידישע דערציילער און פּאָעטן, ווי זיי האָבן באַוויזן, צו אונדזער גרויסער פרייד, געבוירן איניקע רעפערענטן וועגן קולטור־פראַגן אין אידיש.

## אַ. זאַקוסקי

נישט מיט אַ ביוון קער איך מיך איצטער אום צוריק אין צייט, צו אַ ריי שאַפער פון אונדזער אַרגענטינישן אידישן ליטעראַטור־צווייג — צו די פּאָעטן; עס האָט מיך אַריינגעצויגן אַ שטראָם אַ נאָוועליסטישער אין אונדזער ליטעראַטור־כראָניק, וואָס איך האַלט אים פאַר דעם רייפסטן אויף דעם געביט און כ'האָב אים געוואָלט דערפירן ביז צו אַ סוף פּסוק. נאָר איצט, ווען איך האָב מיך שוין צוריקגעקערט און איך בלעטער די לידער פון דעם צעטל פערזן־שרייבער, וואָס ליגט פאַר מיר, טוט מיר הנאה, וואָס איך האָב זיי אויסגעטיילט באַזונדער.

אָט איז אהרן זאַקוסקי, דער שטענדיק יונגער לערער, וואָס שוין אַן ערך צוואַנציק יאָר, אַז מיר לייענען זיינע שבלדיקע לידער און מיר גייען אום אין דעם גאָרטן פון דעם יונגן עפּיקור, וואָס איז אַזוי פאַר־

גלויבט אין זיין אומגלויבן, אזוי אלט אין זיין יוגנט און אזוי יונג אין זיין עלטער און פילט אזוי טיף די פרייד פון טרויער, ווייל דער שכל זאָגט אים אונטער, אז אָן דעם טרויער איז קיין פרייד נישטאָ.

אהרן זאקוסקי האָט זיין עפיקורעאישן גערדאנק אָנגעקליידט אין פּאסיקע פערזן. זיי דערמאָנען אונדז די לידער פון האפיז, דעם פּערסישן דיכטער פון וויין, ווייב און געזאנג און מען פילט אין זיי אויך דעם טעם פון די אלטע „קאָפּלאס", פון די „מעסטערס" אין וועלכע די אלטע שפּאנישע דיכטער, באווירקטע פון דער אראבישער פּאָעזיע, האָבן ארויסגעזאָגט זייער קוהלתדיקע חכמה. מער ווי אלץ, אָבער, מערקט זיך אין זיין פערז די ווירקונג פון דעם טראדיציאָנעלן סאָנעט, דעם סענטענציעזן, וואָס איז נאָך שטארק פּאָפּולער אין דער ארגענטינישער פּאָעזיע.

פאר א ביישפּיל זאָלן דאָ קומען א פּאָר מוסטערן פון זיין „אני מאמין", א העפט לידער, וואָס ער האָט ארויסגעגעבן אין 1935:

„מיר זיינען יונגע נאָך — און אלטע שוין אינגאנצן,
„מיר זיינען אלטע שוין, נאָר קענען יונג נאָך זיין;
„דו זעסט: דער טאָג — ווי ניי, ווי פריש אין זון זיין גלאנצן,
„באָטש אלט שוין זיינען טעג מיט זייער שיין.

אָדער אָט די סענטענץ-פערזן, וואָס אנטהאלטן אין זיך א פולן קאָנצעפּט פון אידישן זיין:

„א חן, אן עכטער אידישער,
„זיך בלייבט אויף דיין געשטאלט —
„וואָס איז זיך דאָ צו חידושן,
„וואָס ביזט אי יונג אי אלט?

„א טיפער טרויער, אייביקער,
„אין דיינע אויגן רוט; —
„מאכסט גלויבן אונדז, אומגלויביקע,
„און טיילסט אויסדויער, מוט...

און אזא, א קאָנצעפּטועלער פּאָעט, איז א. זאקוסקי נישט נאָר אין

זיינע „אני מאמין"-לידער, וואָס האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט גלויבן און זיינען הוילע שכל, נאָר אויך אין זיינע נאַטור-לידער. אין „שניי-פאַל" הערט ער אין דער שטילקייט די געטלעכקייט געבערן... אין „ערב פרילינג" ווייסט ער, אַז „דאָס נעכטיקע גרווילנדיק רעטעניש", איז „מאָרגן — א ווירקלעך געווינס".

## משה קוּיפּמאַן

און אָט גיט איר א שפּרונג איבער פון דעם שכלדיקן עפּיקורעער און סענטענציעזן אהרן זאקוסקי צו משה קויפּמאַן און איר דערזעט פאר זיך א צעברויזטן ים פון שאַרפע רייד, וואָס יאָגן איינע די אנדע-רע ווי שוימיקע כוואַליעס, מיט אַזא אימפּעט, ווי ער וואָלט וועלן איינשלינגען אַלץ וואָס ער טרעפט אין וועג, ווי עפּעס א נעפּטון א צעבייזערטער, אַלצאיינס צי ער שרייבט די לידער פון זיין „פּראָלע-טאַרישן טאָג-בוך" אינעם זשורנאַל „נייע-וועלט", וואו ער מעלדעט זיך אָן דער וועלט אלס שונא פון קינדוויַיז אָן דעם נגיד און האר און אז „איך בין געקומען אָטעמען, ראַנגלען זיך און שטרייטן מיט פויסט פון מיינע אָרעמס און מיט פויסטן פון מיין ליד", צי שפּעטער, ווען ער צאָרנט אויף זיינע קאַמפּס חברים און ער שרייבט, אַז „עס גייען אום אין שטעטל ווערים".

אין זיין ליד „יאָרן מיינע יאָרן" שטעלט ער זיך פאָר פאַרן לייענער אָט ווי:

„איינס האָב איך געלערנט — האסן און אויך ליבן.
„האסן טיף און גיפטיק, ליבן היים פאר זיבן.
„אויפן פיינט זיך וואַרפן מיט די ציין און נעגל
„און א פריינט דערקאָנען אויפן וויַיטסטן שטעגל!"

און ווייטער זאָגט ער:

„שפאנען מחנות ברידער, כ׳גיי מיט זיי צוזאמען,
„כ׳וועל דערגיין מיט לידער, כ׳וועל מיט פרייד דערשפאנען!"

נאָר משה קויפמאן שפאנט שוין לאנג נישט צוזאמען מיט די מחנות ברידער, ער איז בייז אויף זיי, לאָזט ער זיי שפאנען אליין, אָן זיינע לידער.

צוזאמען מיט דעם פאָלק ישראל זינגט ער נאָך פון צייט צו צייט און ביילט צוזאמען מיט אים א פויסט.

„בין איך ווייך און מילד, ווי אמאָל,
„און מיין קול — יעקבס קול;
„נאָר די הענט — עשום הענט,
„אויף צעברעכן געטא־ווענט.

— — — — — — — — — — —

דאָס איז אָבער נאָר איין זייט פון משה קויפמאנס דיכטונג. דער ים, דער שטורעמדיקסטער, האָט אויך זיינע רואיקע טעג. און דעמאָלט זינגט ער אפילו וועגן „בוידעם שטיבער" מיט אזא רואיקן געמיט:
„אין דרויסן שטייט א טאָג, א זוניקער, א ליבער —
„אזא מין טאָג געפינסטו נאָר אין ארגענטינע.
„איך זינג א ליד פון מיינע בוידעם־שטיבער,
„איך זינג א ליד פון מיינע ברידער גרינע.

דער דיכטער האָט אדאָפטירט ארגענטינע פאר זיין היים, ער וואָלט שוין סיי ווי זיין ליטע נישט דערקענען און אומעטום פאראנען זיינען איצטער רויטע פאָנען און ס׳קומט איצט אומעטום צונויף א קרעפטיק וואָרט... און זיין רחבותדיק ליד, רחבותדיק ווי דאָס לאנד, וואָס ער האָט ליב באקומען, פארענדיקט ער מיט דער סטראָפע:

„איך וועל שוין אזא בלוי אין ערגעץ נישט געפינען,
„סע זינגט שוין היגע זון אין מיר מיט ברוינעם בראנד, —
„„ווי גוט איז, וואָס מיין היים ווערט ברייטע ארגענטינע,
„ווי ליב איז מיר איצינד דאָס רחבותדיקע לאנד".

מיט דעם זעלבן געמיט און פארליבטקייט אין דער ארגענטיני־

שער רחבות, האָט משה קויפמאַן באַזונגען דעם טייך פּאַראַנאַ, דעם מעכטיקן אַרגענטינישן טייך, וואָס שניידט זיך דורך וועלדער און פעלדער און באַפרוכפּערט זיי.

קוקט ער אָבער אַריין אין די ישובים ביי זיינע ברעגעס, דערזעט ער:

„דעם גאָלדענעם מאיס, די ליכטיקע ווייצן,
„די זאַפטיקע טרויבן, דעם צוקער, די וואַטע —
„אין גאָלד פאַרן פּריץ... דער דאָרף מאַכט המוציא
„אויף קווארע גאַזשעטן און ביטערע מאַטע. — — —

און ער זעט ווי עס

„אַנטלויפן די יונגען אויף שטאָטישן וואָגל
„און ס'וועלקן די מוידן ביים שטאָפּל פון בליען —
„די אַלטע קרעאָלן — צעטרוקנטע לאָגלען
„צעדאַרט און צעקוואַרט פון די גרויזאַמע מיען — — —

און אַזוי ווייטער: „נאַפּטיקישן גיהנום" און בלעכענע ראַנטשאָס, אין די שטעט און ביי האַפנס...

געענוג איז משה קויפמאַן זאָל אַריינקוקן אין שטעטל, אין שטאָט און שוין ווערט ער אַ בייזער, אַ צעברויזטער, אַ גיפטיקער און אַ בייסיקער.

פון זיין היים האָט משה קויפמאַן בלויז דעריגערונגס־לידער, פון זיין טאַטן און מאַמען און פון זיינע יונגע יאָרן און איינע אַ גרויסע פּאָעמע: „אַרקע פון טאָל", אַ פּאָעמע וועגן דעם שמידס זון, וואָס האָט אין קאַמף אויסגעשמידט זיין געדאַנק און זיין ווילן און געפירט דעם קאַמף פאַר באַפרייאונג אין פּוילישן ווייסרוסלאַנד. אין אָט דער פּאָעמע גיסט זיך אויס קויפמאַנס קראַפט אין דער מעכטיקער שילדערונג פון דעם לאַנד און זיינע מענטשן די האָרעפּאַשנע; אַ מעכטיקע שילדערונג, וואָס דערמאָנט אָן משה קולבאַקס „רייסן".

משה קויפמאַן איז געקומען קיין אַרגענטינע אין 1928 אַ צוואַנציק יעריקער. אַליין פון גראָדנע, איז ער אין דער צייט פון דער ערש-

טער וועלט־מלחמה פארוואָרפן געוואָרן צוזאמען מיט זיינע עלטערן, א זעקס יעריקער, קיין כארקאָוו, וואו ער האָט באַקומען זיין דערציאונג אין א אידיש־העברעאישער שול. אין 1923, צוריק אין גראָדנע, נעמט ער אָנטייל אין דער חלוצישער באוועגונג ביז זיין ארויספאָרן קיין אר־גענטינע. דאָ איז ער געוואָרן א מעבל־פוצער און איז צוגעשטאַנען צו דער ניי־וועלט־גרופע, וואו ער האָט זיינע ערשטע לידער געדרוקט.

אין בוך־פאָרם איז דערשינען זיינע א זאמלונג לידער און פאָ־עמען אונטער דעם אלגעמיינעם נאָמען „ארקע פון טאָל" און א בענדל לידער: „פון אלע מיינע הײמען".

## יצחק בלומשטיין

ווידער קומען מיר אריין אין לויטערקייט, אין אויסגעלייטערט־קייט. יצחק בלומשטיין, דער לערער, דער תלמיד פון לאָמזשער און ראדינער ישיבה און פון ווילנער סעמינאר, א צעירי ציוניק, ווייסט אז ס'איז דאָ נויט אויף דער וועלט, אָרימקייט, פעלקער־האס און גיפטיקע שנאה און רשעות פון גוי צו איד. ער ווייסט דאָס אַלץ און ער האָט דערפון גרויס צער און רחמנות, נאָר קיין צאָרן האָט ער נישט, ער קען נישט צערנען; אים איז שווער צו זען נויט און ער לאָזט זי טיף נישט נעסטן ביי אים אין ברוסט און אויך נישט דעם האס. ער האָט ליב די לויטערקייט פון הימל און לויטערקייט פון זעל און לאָזט זיך טרייסטן לייכט פון זון און פון ליכטיקן בליט, פון פעלדישן נחת און פון די פרוכט וואָס קומען אין צייט...

צי דערפאַר איז ער באַלד ווי ער איז געקומען אהער, אין 1928, אוועק אין דעם לאנד פון בארג־לופט און פון וויין־שניט און פון דאָרט קיין טשילע, צו די הויכע אנדן־בערג און צו דעם „שטילן ים", אדער פארקערט, דאָס האָט אזוי דער לויטערער הימל און די בארג־לופט געווירקט אויף זיין געמיט, נאָר געקומען איז ער אין דעם יונגן ישוב און ער זינגט:

„איז גוט אזוי, ווען זון גייט אויף און טרעפט די בלום אין טוי:
„נייע בלעטלעך זאפטיקע, מיט פרישקייט אין קאָליר;
„נאָך שענער איז מיין יונגע רו, וואָס גייט אויף אויף דיין ערד,
„ניי לאַנד מיינס, כאָטש שווערע נויט פאַרוואָרצלט מיך
אין דיר...

אוודאי איז אויך דאָרט פאַראַנען נויט און קללות אין די שטי־
בער, נאָר אז ער זעט

„ווייסע וואָלקנס אויף די וועגן,
„דורכגעשנורט מיט רויט —
„שטאַרבט דער עלנט אין די היימען,
„מילדער ווערט די נויט.

„פולע קוישן אויף די אקסלען,
„אָנגעלאָדן שווער —
„האָט א טאַטע זיבן קינדער,
„שעלט ער זיי נישט מער.

און ווי פשוט און קלאָר ביי אים קומט ארויס די איד און גוי־
באַציאונג:

„צעבילן זיך די הינט ארום מיין הויז,
„קען איך שוין דעם רוף.
„קלאַפּ איך אָן אין שכנס וואַנט
„און איך וועק אים אויף...

„ס'האָט מיין שכן אריש בלוט
„און יוזל־בילד אויף רויט געוואַנט;
„און מיין בלוט — וואַרים בלוט
„מיין טאַטנס בילד הענגט אויף דער וואַנט...

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

„פאַלט מיין רוף, ווי פון א שרפה

„דער אָפּשיין פון דער נאכט;
„צינדן זיך די ליכטער אָן
„און מען דערוואכט...

„בייגט זיך אוים דער פּארקאן,
„שכן קומט ארוים...
„און צוזאמען
„טרייבן מיר די הינט אוועק
„פון אונדזער הויז...

און אז ער טראכט וועגן שונא, זעט ער אים א קראנקן, פון גיפ־טיקער שנאה צעפרעסן, די נעכט פול מיט בייזע חלומות, די טעג זיינע — גיהנומס צעגליטע... און „פילסט אָנשטאָט האס, נאָר רח־מנות צו זיך און צום בלוטיקן שונא".

פאר אונדזער געפּייניקטן קינד בלויז, פאר זיין אומשולדיקן צער, בעט ער א שטראָף מיט גוואלד פאר גוואלד... און וואשן מיט טריפה־נעם בלוט די גרויזאמע שרעקלעכע זינד.

דאָס אליץ זיינען אָבער בלויז מאָמענטן, גיט ער נאָר א קוק צום הימל און צו די בערג, זינגט ער ווידער וועגן לויטערקייט און ליכט. אָט ווי עס זינגען ביי יצחק בלומשטיינען די בערג:

„ווער עס שכורט פונעם וויין,
„וואָס אין אונדזער טרויבן־טאָל —
„מיר, די בערג, נאָר טרינקען ליכט,
„ימען גאנצע מיטאמאָל".

יצחק בלומשטיין האָט אין 1935 ארויסגעגעבן א בוך לידער „בא די אנדן" און איז א מיטגליד אין דער רעדאקציע פון „טשילענער אידישן וואָכנבלאט" און „דאָס וואָרט".

# אברהם קאָוואַל

און אברהם קאָוואַל, דעם שמידס זון פון קארטוז בערעזע, וואָס איז צו אונדז געקומען אין 1930, מיט שוין געדרוקטע לידער אין דער ווארשעווער „נייער פאָלקסצייטונג", בענקט נאָך א שטראָל זון און זעט אים נישט און בענקט נאָך א צערטל און האָט אים נישט, כאָטש ער „גייט אום מיט דעם ליבנדיקן מענטש אין זיך" און „טראָגט צום האָריזאָנט פון אונדזער לעבן א באפרייענדיקן טאָג" און אין לידער איינס נאָך איינס קלאָגט ער זיך רק אויף זיין גורל אלס ארבעטער, אלס מענטש, אלס איד און אויך אלס דיכטער.

„ווער האָט עס מיך פארמישפּעט, ווער
„און צוגעשמידט צו אָט דעם טישעלע מיין לעבן,
„אין מיינע פינגער בענקנדיקע נאָך א צערטל,
„ווער האָט אריינגעשטעקט פון שטאָל א פעדער...

ער פילט זיך פארשאָלטן צו זוכן זיין פרייד און זיין אייביק נישט געזעטיקט געפיל „דורך שכורדיקן ריח פון צעבליטעביימער, איבער פראָסט פון בטול און פון גלייכגילט, אין געיעג אויף פאלשקייט און רציחה" און צו זיין „א קראָט אין טיפעניש פון דער ערד, אן אָדלער אין די ווייטע הייכן און ווי א גרעבער און א טויכער זוכן אין יעדן מיסט די פערל און דאָס גאָלד", און דערפאר „וועט מען זיין נאָמען אומשלעפן איבער גאסן און זיין לויב אויספּויקן איבער דעכער", בעת ער אליין „וועט אומגיין ווי א זייטיקער און גאָר זיין רום וועט ווי א שטראָל צערינען דורך די פינגער און ווי א שוים פארגיין אָן א שפור"...

אין אָט דעם געראַנגל צווישן שווערן גורל און ברעקל פרייד גייען דורך אברהם קאָוואַלס אלע לידער. אין די זשורנאלן „ניי-וועלט", „אין גאנג", „צייטשריפט", וואו ער האָט זיך געהאַלטן פאר אן אייגענעם, האָט מען זיינע לידער געדרוקט אויך מיט אזא מין געראנגל צווישן גערנקייט און נישט גערנקייט. מען איז גערן געווען דעם ליריקער, דעם כמעט איינציקן ליריקער אין דער שרייבער-גרופּע, וואָס האָט זיך אין

די זשורנאַלן געדרוקט און נישט גערן איז מען געווען זיין קלאַגעדיקן טאָן, זיין פּעסימיזם, און אַז מען האָט ביי אברהם קאָוואַל דערטאַפּט אַ פּאָר פרייליכע, האָפענונגספולע שורות, איז די פרייד ביי דער רעדאַקציע געווען אין לשער.

# עלע ווערבלון

ווי ווייניק פרייד עס האָט אברהם קאָוואַל, האָט דערפון — ריכטיקער — געהאַט דערפון נאָך ווייניקער עלע ווערבלון. דערפאַר אָבער איז דער דראַנג צו פרייד ביי אים אַ סך שטאַרקער און שטאַרקער נאָך איז זיין רייסן זיך פון זיין גורל; וואָרום זיין גורל זיינען „קליינע זאָרגן אין אַ גראָשנדיקער וועלט, אַ שטייג פאַר יונגן דרייסטן בליק", און ער האָסט דאָס און האָט מורא דערפאַר:

„אָט באַלד כ׳וועל זיין צו זיי געגליכן,
„אויך איך אין מענטשן-סטאַדע וועל מיטגיין;
„ווי זיי איך וועל אין פלאַכקייט קריכן
„און גרויסקייט זוכן דאָרט, וואו אַלץ איז קליין...

דאָס איז אָבער נאָר דער אָנהויב ביי אים געווען אַזאַ. פריי האָט ער געוואָלט זיין, אָדלער-פריי און אַז נישט, איז כאָטש מיט דעם קאָס־מאָס זיך צונויפגיסן, אַ קוילן-גרעבער זיין און מיט דער שווארצער קוילן-מאַסע זיך צוזאַמענוואַקסן. אָט דעם חשק צו גרויסקייט, צו שטאַרקייט, צו הויכקייט, צו פרייקייט, האָט ער געבראַכט מיט זיך קיין מאָנטעווידעאָ און דערנאָך קיין בוענאָס־איירעס פון זיין אומגעצוימט לעבן אַלס וואַנדער־קינד אין די יאָרן פון מלחמה און בירגער־קריג אין פוילן, ווייסרוסלאַנד און ליטע.

„עס האָט אין דער ליטע אַ אינגל געלעבט.
„אַ אידישער אינגל, אַ לאָבוז, אַ יאַט,
„מיט אויגן — ווי פייער, מיט ציינדלעך — ווי שפּיזן,

„און ער איז געלאָפן ווי יאָרן די טרעפ,
„מיט ליכט אינעם הארצן, מיט אָטעם פארכאפט,
„אזוי ווי א קוועלכל, וואָס יאָגט אין זיין פליסן.

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

„אים קען נישט פארצוימען קיין שטעכיקער דראָט,
„באוואָפנטע חיה ז׳קיין וועכטער פאר אים.
„דאָס אינגל מוז פריי זיין, ווי אָדלער אין הייכן.
„און אנטקעגן דעם שונא האָט ער זיך געלאָזט
„מיט מוט אויף דער ברוסט, מיט קלונשאפט און זין
„און אויך מיט א מעסער אין יונגינקע ציינער.

די פערזן זיינען געדרוקט אין עלע ווערבלונס ביכל „הייליקער אש”, ארויסגעגעבן אין מאָנטעווידעאָ, אין יאָר 1945, געווידמעט דעם חורבן פון אידישן פאָלק אין אייראָפּע, ווי ער שרייבט אין זיין הקדמה, נאָר די געשטאַלט פונעם ליטווישן אינגל איז אן אויטאָפּאָרטרעט פון עלע ווערבלון אין די יאָרן פון דער ערשטער־וועלט־מלחמה און נאָך איר.

פאר די פאָר יאָר, וואָס ער לעבט אין בוענאָסאיירעס, זיינען זיינע קורצע שטאַמפּ־לידער פון דעם מין, וואָס מען וואָלט געקענט אָנרופן ליריש־קאָסמישע, נאָך וועלכע ער פאלט אריין אין יענעם עקסטרעמען פּעסימיזם, וואָס זעט דעם אונטערגאַנג פון וועלט און מענטש. ער דרוקט דעמאָלט אָפּ א ביכל אין מאָנטעווידעאָ אונטערן טיטל „דער לעצטער מענטש”. נאַטירלעך אַז ער איז עס דאָרט אָט דער לעצטער מענטש, וואָס זעט צו דעם אונטערגאַנג. דאָס האָט אָבער לאנג נישט אָנגעהאַלטן ביי עלע ווערבלון. צום גליק, צו זיין אייגענעם גליק און צום גליק פון דער אידישער פּאָעזיע אין ארגענטינע און אורוגוויי, איז אים א פרוי אנטקעגנגעקומען, אָט ווי אין חומש שרייבט זיך, אן „עזר כנגדו”, און דער פארביטערטער זינגער איז מילד געוואָרן און גענומען דערזען חברים ארום זיך, נישט קיין „מענטשן־סטאַדע, וואָס קריכט אין פלאכקייט”. און ער האָט דעמאָלט גענומען זינגען צו זיין קינד, צו זיין זון און אין 1944 גיט ער ארויס, ווידער אין מאָנטעווידעאָ, א ביכל לידער: „די

שלאכט פארן מענטש", וואו ער זינגט: „ס'איז ליב אונדז די זון און די שטערן, דאָס לעבן איז וואויל און איז גוט! אזוי ווי דער ווייַן אינעם יערן, איז רווישיק און יונג אונדזער בלוט". און „מיר זינגען פאר לעבן, אָ, ברודער! דעם מענטשן א ליד און א קוש!"

ווי א דיכטער, ווי א מענטש און ווי א איד, האָט ער געשאָלטן דעם שונא, דעם פארדארבער און האָט באוויינט זייַן אַלטע מאמע אין ליט־ווישן שטעטל, די אָרימע מאמע מיט שניי־ווייסן קאָפּ, אָבער שוין אויך געזונגען:

„איך ווייס עס וועלן קומען גרויסע טעג:
„א הייסער ווינט וועט דרייען זיך אין רוים
„און א געוויש וועט אויפשטייגן פון שטאָט
„צום הימל, ווי א ברויזנדיקער שוים.
„און יעדערער גייַן וועט מיט אָפענע ברוסט
„און אין די אויגן ביי יעדן גליענדיקער צוויט.
„דאָס הייסע בלוט, אין אָדערן צעשטראָמט,
„וועט בריען און צעפלאַקערן דאָס ליד...

# קהת קליגער

קהת קליגער איז געקומען צו אונדז אין 1936 א פארטיקער דיכ־טער מיט א סטאזש פון גאנצע צוואנציק יאָר דיכטונג. שוין אלס פופצן יעריק אינגל, ווען וולאדימיר וואָלינסק, וואָס איז צוגעשניטן געווען צו פוילן, האָט זיך געפונען אונטערן דייטש, האָט ער געשריבן דייטשע לידער און שפעטער אין ווארשעווער „הכוכב" אין העברעאיש, אונטער דער רעדאקציע פון א. ליבושיצקי. אין 1924 שרייבט ער שוין אידישע לידער און דרוקט זיי אין די צייטונגען און זשורנאלן פון וואָלין, פּאָלע־סיע און גאליציע, אין דער ווארשעווער „וואָכנשריפט פאר ליטעראטור און קונסט", אין די „ליטעראַרישע בלעטער", ווי אויך אין אייניקע פּע־

ריאַדישע אויסגאַבעס פון דער אינגסטער שרייבער גרופּע פון פּוילן (פון 1932 ביז 1935). דאָ אין ארגענטינע דרוקט ער זיינע לידער רעגלמע־סיק א זונטיק איבער א זונטיק אין „דער פּרעסע" און פון צייט צו צייט אין „איקוף", דעם חודש־זשורנאַל פון דעם אידישן קולטור־פאַרבאַנד אין ארגענטינע. אין בוך־פאָרם זיינען דערשינען פון אים לידער זאַמ־לונגען אונטערן טיטל „געזאַנג אַף דער ערד", „מיט לייב און לעבן" און „א פּייפל אין פּרימאָרגן".

צו זיין ערשטן באַנד לידער, האָב איך געשריבן א פאָרוואָרט און האָב באַצייכנט דאָס בוך אלס געזאַנג פון א וואָלינער דיכטער אויף אר־גענטינער ערד. ביז היינט, העכער צען יאָר ווי קהת קליגער וואוינט אין ארגענטינע און האָט שוין אויך באַזוכט טשילע, נאָכדעם ווי ער האָט איבערגעזעצט א שלל מיט נעגער־לידער פון לענגסטאָן יוהז, פון ניקאָ־לאָס גיליען און אנדערע און לידער פון דעם טשילענער פּאַבלאָ נערודאָ, איז ער נאָך אלץ פאַרבליבן דער זעלבער, און קלאָגט אויפן אומקום פון זיין משפחה און פון זיין שטאָט און פון דעם אידישן פאָלק און זיינע גרויסע גייסטער, מיט דער זעלבער וואָלינער שפּראַך און וואָלינער אי־מאַזשן. איך האָב וועגן אים אָט וואָס געשריבן:

קהת קליגערס ליד איז אויפגעגאַנגען אין וואָלין, אויפגעגאַנגען ווי זיין מאַמעס קאָרענע ראָשטשינע אין די גרויע פּאַרטאָגן, וואָס האָבן זיך אריינגעריסן דורך די פּאַרלויעטע שייבלעך פון דער אַלט־באַשינדלטער כאַטע אין די שמאָלע געסלעך פון די קילשטשינער האָרעפּאַשניקעס, פון די „בלאָטיקע אידן מיט די קנויטיקע קויטיקע בערד, וואָס טראָגן ציבעלעס, קאַרטאָפל אין פאַרבונדענע פּאָלעס". זיין מוזע קומט פון די וואָלינער עקשטאָטישע געסלעך מיט זייערע „מאַמעס, ארבעטער־טעכ־טער, נישט־דערוואַקסענע סאָסנעס, אין כאַטעס ביי האָרביקע שייבלעך פאַרשטופּטע מיט שמאַטעס, וואָס קאָרמען א קינד אויף די הענט מיט ברויט א שטיקל פּיסנע", מיט „גרויצאָפּיקער מויד ביי א ניי־מאַשין".

זיין מוזע קומט פון דעם וואָלינער דאָרף מיט איר פּויערטע „באָר־וועס, אין א פראָסטן לייוונט־העמד, מיט אויגן — קרעניצעס, לויטערע און בלוי, מיט הענט ווי צוויי סאָסנעדיקע צווייגן און ס'וויייט פון איר מיט ליאָן, מיט ערד און קאָרנברויט". און דערגאַנגען איז זי איבערן ים

צו די בוענאָס־איירעסער זוניקע גאסן, צו דער רחבות פון די קאָרדאָבער פּאמפּאס און בלויע כמארעס פון די בערג, צום לאנד פון „וויינטרויבן און מאראנצן" און פון — טאנגאָ...

קהת קליגער איז א ליריקער, זיין געזאנג קומט פון דער טיף, אן אויפגעקוואָלנס פון זיין גאנצן וועזן, וואָס איז דורכגעזאפּט מיט די זאפ־טן פון זיין היימלאנד און פון זיין וואנדער־וועג. און א ראָמאנטיקער איז ער, דער ראָמאנטיקער פון דער אָרימשאפט און איר פּראָסטער הארצי־קייט. נאָר דורך זיין טיף־ברומענדיקן ליד און ראָמאנטיק דערבליקן מיר דאָס רעאלע לעבן ביז עפּישקייט. אזא מאָדנע ליריק און אזא מאָדנע ראָמאנטיק איז זי, קהת קליגערס. אזוי גרוים און אזוי אָרעם, ווי דאָס רעאלע לעבן איז און דאָך אזוי זינגעוודיק. אָפט דאכט זיך אונדז, ווען מיר לייענען זיינע לידער, אז דאָס זינגט די גרויע וואָלינער ערד, וואָס בענקט נאָך אויסלייזונג און אזוי איז עס אויך מיט די בוענאָס־איירעסער זוניקע גאסן און קאָרדאָבער בערג און פּאמפּאס.

די וואָלינער שפּראך קהת קליגערס, ווי זיין וואָלינער אימאזש איז ניכר אויך אין זיינע ארגענטינישע לידער. נישט קיין פּרילינג זעט ער, נאָר א וועסנע, נישט קיין טייכל נאָר א סטאוו, נישט ברונעמער נאָר קרעניצעס און אזוי וויטער: שליאכן, סאזשלקעס, בראָנעס און צוויטן. און אָט איז זיין אימאזש: „אין מיין דמיון — זינגט ער — וויגט זיך א ליכטיק ביימל קארשן", אין מיין דמיון רינען פּרימאָרגנס בלוי־סטאַ־וויקע צעבלינעט".

מיט דעם וואָלינער געזאנג, וואָס איז ביי קהת קליגער אויפגעגאנ־גען ווען ער איז נאָך גאָר יונג געווען, נאָך אויף דער שולבאנק, האָט ער זיינע ערשטע טריט געשטעלט אין די וואָלינער אויסגאבעס, די וואָכנ־בלעטער, וואָס האָבן זיך באוויזן אין די וואָלינער און פּאָליעסער שטעט בעת די האָניק־חדשים פון פּוילנס זעלבסטשטענדיקייט און פּויליש־אידישן קולטור־אויטאָנאָמיזם. ער קומט קיין וואַרשע שוין אן אָנער־קענטער און ווערט אויפגענומען אין דעם גרויסן צענטער פון דער אי־דישער ליטעראטור צוזאמען מיט די דעמאָלט אויפגעקומענע דיכטער בינעם העלער, מ. קנאַפּהייס, משה שולשטיין און אנדערע. ער דרוקט זיך אין די וואַרשעווער ליטערארישע אויסגאבעס אונטער דער רעדאק-

ציע פון מלך ראוויטש, פון נאכמע מייזיל, פון איציק מאנגער.

שוין דעמאָלט מאכט אים באקאנט „די פרעסע" פאר דעם ארגענ־טינער אידישן לייענער און ווען ער קומט קיין בוענאָס־איירעס, צוריק מיט אַ יאָר צען ווערט ער דאָ אויפגענומען ווי אַ היימישער.

אויך קהת קליגער דערפילט זיך דאָ היימיש און נאָך מער ווי היי־מיש, ער דערפילט זיך דאָ איינגן. מיט זיינע וואָלינער טענער נעמט ער זיך דאָ זינגען צום ארגענטינישן זומער־לאנד:

„אַ זומערלאנד פון וויינטרויבן, פון פייגן און מאראנצן,
לאנד פון זאטן קאָרנברויט, פון טאנגאָ און ראָמאנטיק —
דו האָסט מיט טויזנט כישופן מיך געלאָקט אינגאנצן
איבער לענדער, איבער שטעט, איבער ימיקן אנטלאנטיק".

די וואָלינישע ראָמאנטיק, די ראָמאנטיק פון דער וואָלינישער דאָרפישקייט און אָרימקייט, וואָס קהת קליגער האָט אין זיך איינגע־זויגן פון קינדוויין אָן, איז אייפערזיכטיק אויף דער ארגענטינישער ראָ־מאנטיק פון זוניקער רחבות, פון מאראנצן און פון טאנגאָ, וואָס האָט אזא צי געטאָן צו זיך דעם דיכטער און זי דערמאָנט אים באלד די

„בענקשאפטן ווי זשיוויצע פון סאָסנעס ווייך־צערונען,
מיט טליענדיקע שנויצן פון מיין שטעטל וויט־וואָלינער".

ער איז שוין אָבער אַן ארגענטינער, עס האָט אים שוין געפאנגען דאָס פריידיקע זומערלאנד און ווי ער וואָלט געשוואוירן טריי־הייט זיין נייער געליבטער, זינגט ער:

„און דעמאָלט האָסטו, זומערלאנד, פון וויינטרויבן, מאראנצן,
דורכגעהעלט מיין האָפענונג מיט ליכט פון טויזנט זונען:
כ'וועל אויפגיין לאנד, מיט דיר, ווי דו, זינגענדיק אינגאנצן
אין מיין רואיק ווינקעלע דורך וואָגל־וועג געפינען".

עס ראנגלען זיך צווישן זיך אין קהת קליגערס לידער די ראָמאנ־טיק פון וואָלינישער דאָרפישער און שטעטלשער אָרימשאפט, פון סער־מיענגעס און קויטיקע וואטעווע לייבלעך, מיט דער ראָמאנטיק פון אר־

גענטיגישן „זומער" און „פלאַטערנדיקן פרילינג"; אָבער, וואָס א ליד, אלץ שוואכער, וואָס א ליד, אלץ ווייניקער דערמאָנט ער זיך אין זיין שטעטל, אין די שכנים פונעם געסל צוזאמען מיט סראָליק מאָטל דעם באשלעגערס, וואָס שיקט נישט מער זיין מאמען קיין „תמונת אות" אלץ מער וועפט זיך אוים אין אים דער וואָלינער גרויער טרויער, ער פארגעסט אפילו, אז ער איז געקומען אין דעם „זאטן לאנד" זוכן זיך „א ברויט, א בעט, א העמד און טאקע וואָס נאָך מינער פאר א מענטש אין זיין טעגלעך גויט" און ער צעזינגט זיך שוין גאָר מיט אן אנדער שפראך וועגן „פרילינג", יאָ, וועגן פרילינג און נישט וועגן סומנער וועסנע —

„איך וואָלט געהאלדזט, געאָרעמט יעדן שטיין און בלימל,
וואָס רייסט זיך צו דער זון מיט זילבער־צוויט —
און איך אין ברויז, אין אומרו, אין שטאָטישן געטומל,
כ'זינג צו יעדן גלייך מיין פרילינגדיקע ליד".

שפעטער, ווען ער האָט שוין געזעטיקט זיין זומער־הונגער, דער־זעט ער דאָ דעם „זשעדנעם בליק" נאָך א „לאבן ברויט" ביי „יענעם אויף פלאסע אָנסע מיט הונגעריקע ציין, וואָס שארט אראָפ די ברעק־לעך זעט פון אלע פרעמדע קיכן" און ביי „די פיצלעך אין מיין לאַוואַ־זשע־דעפארטאמענט", און ער נעמט שרייבן זיינע באלאדעס: די באַ־לאדע וועגן צען־סענטיקן ניקל; די באלאדע פון א מענטשן ביינאכט; די באלאדע וועגן גרויען קאָפ; די באלאדע וועגן נאכט, דעם מאטראָס און טויט; די באלאדע וועגן מוטער און קינד; דאָס ליד וועגן דער גאס קאָריענטעס... אלץ לידער פון גרויער פראצע, פון גרויסשטאָטישער אָרימקייט און הונגער.

גראָד אין די דאָזיקע לידער זיינען מער ניכר די וואָלינער פארבן און שארפער הערן זיך די וואָלינער טענער, ווי אין די זומער־און פרי־לינג־לידער. קהת קליגערס שפראך און זיין אימאזש פון נויט קען זיך נישט באפרייען אזוי לייכט פון זיינע ערשטע איינדרוקן, וואָס ער האָט איינגעזאפט אין זיך צוזאמען מיט זיין מאמעס גרויער מילך. „א לאבן ברויט" נעמען מיר פאר א ביישפיל, איז אפשר נישט ספעציפיש וואָלי־

ניש, כאָטש עס שמעקט ביי קהת קליגער אזוי מאמיש-ווארעם, אָבער ארגענטיניש איז ער זיכער נישט, דאָ עסט מען „פּראַנדזאָלקעס״, ווי מען וואָלט זיי גערופן אין וואָלין.

ערשט ווען קהת קליגער דערנענטערט זיך צו דער ארגענטינישער נאטור, צו די קאָרדאָבער בערג, צו די קאָרדאָבער פּאמפּאס און צו זייערע לעגענדעס, באפרייט ער זיך, אָבער נישט אינגאנצן, פון זיין וואָלינישער שפּראך און פון די וואָלינישע אימאזשן.

זיינע לידער, וואָלט דער דיכטער אליין געזאָגט, זיינען א געזאנג אויף זיין וואָגל-וועג. איך וואָלט אנדערש געזאָגט: זיי זיינען דאָס געזאנג, וואָס איז אויפגעגאנגען אין דער נידער און רייסט זיך ארויף, צום זוניקן בארג-ארויף.

# צאַלעל בליץ

צאלעל בליץ איז דער יונגסטער פון אונדזערע ארגענטינער דיכטער. געקומען איז ער אהער אין 1937 מיט א מאטורע פון א אידיש-וועלטלעכער גימנאזיע און מיט געדרוקטע ארטיקלען און לידער אין אייניקע ליטעראַרישע צייטשריפטן פון פוילן. דאָ איז ער באקאנט געוואָרן צוערשט אלס מוליע קאהאן פון א ריי אָפּהאנדלונגען איבער ליטעראַריש-געזעלשאַפטלעכע טעמעס.

פון די פּאָר לידער זיינע, וואָס זיינען מיר צו דער האנט געקומען, נעם איך מיך נישט אונטער אָפּצושאצן זיין דיכטערישן וועג; זיינע ליטעראַריש-געזעלשאַפטלעכע ארבעטן קען מען דערפאר מיט דעם פולן מויל באצייכענען אלס דיכטערישע. זיי זיינען עס סיי מיט דער שפּראך, דער בליציק-פארביקער, סיי מיט זייער ארכיטעקטאָנישער גאנצקייט און סיי מיט זייער וויזיאָנערישקייט. ער נעמט אויף זיינע טעמעס מיט דיכטערישן שוואונג און עס באקומט זיך דעריבער פון זיי אַן אויסגעפורעמטער באגריף פון דער היסטאָרישער אָדער געזעלשאַפטלעכער פּאנראמע, אין וועלכער זיין אָביעקט וויקלט זיך אויס. דערצו נאָך איז זיין וואָרט שניידיק און קאָמבאטיוו.

# שרה בירנבוים

אונדזער אידישע ליטעראַטור האָט אויך אירע דיכטערנס. געקו־מען זיינען זיי צו אונדז פון פוילן, ווי מיט אַ מיסיע אריינצוברענגען אין אונדזער אידישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע די עטלעכע צאַר־טע ווייבלעכע טענער, וואָס זאָלן אונדז דערמאָנען, אַז די מוטער פון אַלדאָס לעבנדיקע, איז די שעמעוודיקע חוה, וואָס פלאַטערט אַזוי איינגעהאַלטן ליידנשאַפטלעך אונטער איר פייגנבלאַט, און איר באַגער צו באַפרוכטן אונדזער לעבן און אויסצושפּרייטן דערויף דעם אָנרעגנ־דיקן שלייער פון דער מיסטעריע, וואָס די מענטשהייט רייסט זיך אַזוי אייפעריק אים אַרונטערצוריימען.

די ערשטע מיט אָט דער מיסיע פון צאַרטקייט איז געקומען צו אונדז שרה בירנבוים פון וואַרשע, אַ טאָכטער פון אַ העברעאישן לע־רער, וואָס י. מ. וויסנבערג — אָט דער קרעפטיקער, ווי פון דעמב געשניטענער איטשע מאיער, מיט זיין שאַרפן חוש פאַר דער ווייב־לעכסטער פון די אידישע פּרויען, דער פּוילישער — האָט זי אריינ־געפירט אין דער אידישער ליטעראַטור דורך דער טיר פון זיין „אונד־זער האָפענונג". אין וואַרשע האָט זי זיך שוין געהאַט געדרוקט אין „דער פאָלקסצייטונג" אין „דער וואָכנשריפט" און אין „דאָס נייע וואָרט". אויך דער ניו־יאָרקער „קינדער זשורנאַל" האָט אָפּגעדרוקט אַ פּאָר לידלעך אירע. דאָ ביי אונדז האָט זי זיך צוערשט באַוויזן אין 1937 מיט אַ ליד אין „דער פּרעסע", אַ ליד מיט קורצע געפּרעסטע שורהלעך וועגן איר מאַמעס בענטשליכט, וואָס פאַרשפּרייטן אַזאַ שטי־לע רו און פרייד אין שטוב, אַ ליד וועגן טייבעלעך, וואָס וואָרקען און פּיקן קערנדלעך אין הויף און אַ ליד פון אַ רעגנדל אין פרילינג, וואָס צוואָגט די גרינע וועלט... און באַלד דערויף דאָס ליד אויף וועל־כן מיר האָבן געוואַרט, דין און דורכזיכטיק און אָנרעגנדיק ווי אַ שלייער:

„ס'וואַרט די נאַכט ווי איך
„ס'וואַרט די נאַכט ווי דו

„און קיין שטערן איז נישטאָ.
„און קיין שטערן איז נישטאָ.

„לויפט די נאכט ווי דו,
„לויפט די נאכט ווי איך,
„נעמט איר הארץ מיט זיך,
„נעמט איר הארץ מיט זיך.

„לויפן מיר אין דריי
„פעלד און טייך פארביי,
„מיט הארפן אין די הענט.
„וועקן מיר די שטערן,
„וואָס האָבן נישט דערברענט.

און אָט זינגט זי שוין פון אן אָפּגעלעבטער, פון א פארגאנגענער וועלט:

„פארנאכט —
„קוקן ביידע
„דורך דער שויב;
„זי איז שוין מער נישט יונג,
„ער אויך
„אין שאָטן שוין געהילט.

און אז זי שרייבט וועגן די קרבנות, „וואָס דער שונא האָט פאר־ברענט אין זיין טונקעלן פייער", זעט זי ווי עס:

„שטיפן זיך שטויבעלעך אַש
„אין די רייען,
„שטויבן פון טאטעס,
„שטויבן פון מאמעס,
„שטויבן פון זין און פון טעכטער
„און פיצעלעך קינדער
„פון וויג.

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

און זייריידן אזוי צו אונדזער העלד:
„צעגלי אונדזער אש
„אין דיין הערלעכן פלאם,
„זאָל יעדער שטויב אונדזער
„אין ליכטיקע זונען אויפגיין
„און וואונדער באווייזן,
„און וואונדער באווייזן.

## מאַרי גאָלד

מאַרי גאָלד, וואָס איז א פסעוודאָנים פון מרים ראָזען, איז א לאָדזשערן, א קינד פון ארבעטער, אָבער אפילו אידישע ארבעטער-מיידלעך אין פוילן, האָבן אין זיך עפּעס פון דער פוילישער „פאניענ-קע". נישט ווי איר באבע און אויך נישט ווי איר מאמע, זאָגט זי די פרומע פרימאָרגן-ברכה פון זייער רעזיגנאציע: „שעשני כרצונו", נאָר זי טראָגט איר פרויען-ראָל ווי א שיינע מתנה פון דער נאטור און אָט די שיינע גאָב זינגט פון איר ארויס אין אלע אירע מאניפעסטירונ-גען און אוודאי שוין אין אירע פערזן:

„איך האָב געוואַרט אויף דיר, געוואַרט
„אויף דיינע טריט, —
„נאָר צו מיין אויער איז נאָר דערגאַן
„א פויגלס טריל.

„כ'האָב וואכנדיק געחלומט
„דיך צו זען, —
„האָט א בלום אין מיין גאָרטן
„צעלאכט זיך שיין.

„אלע נאכט אין הייסן ציטער
„צו דיר געגלוסט,
„האָט אן אנדערער די ליפּן
„מיר געקושט.

ווי א מוסטער פון א פּרויען־ליד, וואָלט איך רעקאָמענדירט מא־
רי גאָלדס ליד „באגינען”.

„היינט האָט א פייגעלע געזונגען ביי מיין פענצטער
„אין באגינען אריין.
„א זון־שטראל האָט באלויכטן מילד א שמייכעלע
„פון מיין שלאָפעדיק קינד.
„ווען כ'האָב געקוקט פון א זייט דורכן טול פון פענצטער
„אויפן העלן הימל,
„האָב איך געזען ווי ווייסע אויסגעוואשענע וואָלקנדלעך
„האָבן זיך ליב.
„און ציען מיט זיך מיין אומענדלעכע בענקשאפט
„אין דער אייביקייט אריין.

„מיין הארץ האָט א צאפּל געטאָן און מיך באגאָסן
„מיט פריידיקער פיין,
„א פלאמיקער אומרו האָט א שטראָם געטאָן אין מיין געביין,
„איך האָב געפילט:
„דעם פויגלס געזאנג, דער שמייכל פון קינד
„און די אייביקייט —
„לעבן אין מיר.

נאָר מארי גאָלד, ווייסט אז די פרוי איז נישט נאָר פויגל־גע־
זאנג, קינדערשער שמייכל און אייביקייט, נאָר אויך מענטש, און נישט
גלאט מענטש, נאָר ארבעטס־מענטש און אין א ליד, וואָס טראָגט דעם
נאָמען „איך בין א פּרוי”, זינגט זי: „איך מיט מיינע פרויען־הענט פיר
דאָס אייזן פעסט און גרינטלעך”... און „אלע מאָרגן די סירענע פייפט
איר ליד: כ'ווארט אויף דיר, איך ווארט אויף דיינע הענט, פּרויען־

הענט"... און ווייטער: „ס'שרייט די דרייבאַנק אויף א קול: אויך מיך באַרירט די צאַרטע האַנט פון ארבעטס פרוי"... „מיין פּראָפּעלער רייסט די לופט! העכער, העכער, שנעלער, פריי! בעסער מאַכן כ'וועל די וועלט!" און פאַרענדיקט „אך, די ערד שמעקט אזוי שטאַרק, און איך אויך... ס'לאַכט די זון צו אונדז אזוי... איך בין א פרוי..."

און אז איר לאַדזש איז פאַרוויסט געוואָרן פונעם שונא, האָט זי דאָס אויסגעטרוימט אין איר ליד און געטרייסט: „לייג צו דיין אויער צו דער שוועל פון דער צייט... מיר טאַנצן שוין פריילעך אויף טויטע שאָקאַלן, דורך באַרג, דורך טאָל, דורך ערד, דורך ים, שפּאַנט ער דער גואל הדם!"

און מאַרי גאָלד זינגט וועגן ים און יבשה, אויך ווי א פרוי, ווי א מאַמע און פאַרצייכנט האָט זי זיך אין אונדזער ליטעראַטור אויך אלס פאַרפאַסערן פון דעם שול-הימן פאַר די קינדער פון דער זשיט־לאָווסקי־שול.

מאַרי גאָלד איז יונג, זי וועט נאָך א סך שרייבן. געקומען איז זי צו אונדז אין 1938 און דרוקט זיך מערסטנס אינעם „איקוף".

## רחל מינצעס

רחל מינצעס איז א וואַרשעווערן, א געוועזענע שילערן פון יאַ־נוש קאָרטשאַקס דערציאונגס אנשטאַלט, האָט פאַרענדיקט א פּוילי־שע גימנאַזיע און האָט שטודירט אין וואַרשעווער אוניווערזיטעט אויפן יורידישן פאַקולטעט. אין וואַרשע האָט זי געשריבן לידער אין פּויליש. אין 1939 איז זי געקומען קיין אַרגענטינע און דאָ גענומען שרייבן אידיש. זי שרייבט נישט ספּעציעל קיין פרויען-לידער, זעלטן אז זי דערמאָנט איר פרויען-שטאַנד. ערגעץ אין א ליד „ווען ס'האַרץ איז יונג", זינגט זי:

„טאָ וואָס אז דער רעגן פּאַטשט אין פּנים,
„ווען ס'האַרץ איז יונג און גליט.

„ארום שמעקט דער מאי... מיר שפּאַנען באַנאַנדער.
„מיר שפּאַנען און זינגען א ליד.
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —
„איך טראָג א סערפּ און ער טראָגט א קאָסע;
„מיר גייען זיך בויען א היים.
„— דו וועסט דיין אָרעם דיין שטאַרקן מיר שענקען.
„— און דו מיר דיין מיידלשן חן.

„טאָ וואָס אז דער רעגן פּאַטשט אין פּנים!
„ס'הארץ איז יונג און גליט...
„ארום שמעקט דער מאי... און עס זידן די בלוטן...
„איילן מיר צו די טריט".

רחל מינצעס איז בכלל געצויגנט צו אידיליע, צו „לויטער בלויען הימל" און זי ליידט דערפון וואָס די אידיליע פון דאָרף און פון ברייטן בלויען הימל ווערט צעריסן און באַפלעקט מיט אָרימקייט און נויט און וואָס „קליינע הענטלעך, קינדער־הענטלעך, וואָס דאַרפן ליאַלקעס גלעטן, שטרעקן זיך צו יעדן איינעם א נדבה בעטן". אָדער וואָס „פעלדער ציען זיך אויף מיילן, נישט פאַראַקערט, נישט פאַרזייט", און זי קוקט אויף די פּוסטע פעלדער און עס טוט איר אזוי וויי...

אפילו ווען רחל מינצעס שרייבט וועגן די פינצטערע בשורות וואָס דערטראָגן זיך צו איר וועגן אומקום פון איר ווייטער היים, פון דער אידישער וואַרשע, נערט זי איר בענקשאַפט מיט די זאַפטן פון דער וואַרשעווער אידיליע. און די וואַרשעווער אידיליע איז די „פייכטע פאַרשימלטע נויט פון סמאָטשע און ניזקע און וואָלינסקע גאַס, וואו זעלטן נאָר, זעלטן האָט דעם חושך באַשיינט א ראַכיטישער שמייכל, בלוטבלאָז און בלאַס" און „דער רויש און געיעג פון נאַלעווקע-גאַס און איר אייביק געלויף, אייליקע קאַפּאָטעס און שטעקעלעך און בערד, א לעבן אויף לופט: „איך קויף און פאַרקויף" און „קראַכמאַלנע, די נעסט פון גנבים, פאַרברעכער און אָפּפאַל אַלערליי. וואו נישט ווייט האָט א ליכטיקער גייסט (יאנוש קאָרטשאַק) זיין טעמפּל

אויסגעבויט פאר יתומים א מוסטערהאפטע, גליקלעכע היים..
אויך קאמף ווערט דעמאָלט ביי רחל מינצעס פארוואנדלט אין אידיליע:

„קעמפערישער טרוימער, העלד אין דער שטיל,
„יאָנטעווודיקער שטראַל און וואָכעדיקער גרוי,
„פאר א יונגן הארץ ביסטו געווען
„ווי פאר א דורשטיקן וואנדערער דער פרימאָרגנדיקער טוי.

דאָס דאָזיקע ליד „אידישע ווארשע", הויבט זי אָן מיט א פעקעלע בריוו, וואָס זי בלעטערט מיט ציטער.

„עס האָבן חברים געשריבן צו מיר,
„ס'שמעקט זייער וואָרט מיט היימישער ערד,
„מיט פרילינגען-רייץ, מיט יונגן הארץ,
„מיט פרישן קלאנג, ווי כ'וואָלט אים ערשט געהערט...

און זי פארענדיקט אָט די טראגישע אידיליע אירע:

„אויף דער וואנט פון מיין צימער שטארבט דער גאָלד־רויטער פלעק,
„די זון איז פארשוואונדן אין איר אייביקן גאנג,
„א פעקעלע בריוו, ווי א לעבעדיק הארץ
„ציטערט נאָך אלץ אין מיין צעפיבערטער האנט...

אויך רחל מינצעס האָט באקומען א פרעמיע פאר א הימען פון דער זשיטלאָווסקי־שול. „מיר ליבן אונדזער אידישע שול, די אידישע שפּראך איז אונדז טייער", זינגט זי אין איר הימן. און דאָס מעג מען איר גלויבן.

# אונדזער קינדער־ליטעראַטור

מיט דעם אויפקום פון דער וועלטלעכער שול ביי אידן, איז אויך אויפגעקומען דער אידישער קינדער-דיכטער, די אידישע קינדער־ליטעראטור. דאָס מיינט, אז אין איין צייט דערמיט ווי דער לערער האָט אין דער אידישער דערציאונג פארביטן דעם מלמד, די נייע פעדאגאָגישע מעטאָדן האָבן פארביטן די אלטע, האָט אויך דער אלטער חדר־טעקסט אָפּגעטראָטן זיין אָרט א נייעם; אַנשטאָט דעם סדור מיט דעם חומש — דאָס ליד און דאָס מעשהלע פון דער היינטיקער באוועגלעכער וועלט, ווי זי ווערט אויפגענומען אָדער ווי זי קען און דארף אויפגענומען ווערן פון דעם קינד אין די סטאדיעו פון זיין שול-עלטער.

מען האָט, נאטירלעך, צוערשט פארוועריקט צו דעם ציל אלץ וואָס איז פאראן צוגעגנגלעכס פארן קינד ביי אונדזערע קלאסיקער, ספּעציעל ביי שלום עליכמען און ביי פּרצן; אָבער פּרץ גופא, וועלכער איז געשטאנען ביים וויגעלע פון די וועלטלעכע שולן אין פּוילן, האָט פארשטאנען ווי נויטיק עס איז פאר דעם אידישן קינד שפּיל און געזאנג און מיט דער ליבשאפט פון א לערער און א פאָטער, האָט ער געשריבן קינדער־לידלעך.

אויך די אלטע טעקסטן, ספּעציעל דעם חומש, וועלכער איז אין די יאָרהונדערטער פון אידישן געטאָ-לעבן און אידישער געטאָ-דערציאונג, געווען דער איינציקער קוואל פון וועלכן עס האָט זיך גענערט די פאנטאזיע פונעם אידישן קינד, האָט מען גענומען פארווערטן אין קולטור־געשיכטלעכן און היסטאָריש־לעגענדארן מאטעריאל פאר דער נייער אידישער שול, דער וועלטלעכער, וואָס מיינט אויך באוועגלעכער, היינטיקער און אָרטיקער. נאָר דעם קינד, וואָס די נייע שול האָט זיך אונטערגענומען אים באפרייען פון דער געטאָ און אירע באגריפן, האָט מען געמוזט פאר אלעמען געבן פרייד, נאטור־פרייד: א גרינע לאָנקע און א בלום, אן אויפוואכנדיקן פרילינג און א צעבליטן זומער, א גאָלדיק־בלעטערדיקן הארבסט און א זילבער־ריינעם שניי, צום שליטלען זיך, צום טאנצן און צום באוואונדערן און דעם נייגיר וועקן.

און דאָס איז געווען און איז ביז היינטיקן טאָג די אויפגאבע פון לע־רער, וואָס די ליבע צו די קינדער האָט זיי פארוואנדלט אין דיכטער — און זיי זיינען די מערסטע קינדער־דיכטער ביי אונדז—און דאָס איז די אויפגאבע פון די אידישע דיכטער — טאטעס, וואָס פאָלגן נאָך מיט ליבשאפט יעדן קער און ווענד פונעם קינד, יעדן שריט און יעדע נייגונג זיינע און דרינגען אריין אין זיין וועלט.

מען קען נישט זאָגן, אז אין דער אידישער ליטעראטור איז פאַ־ראן א דוחק אין קינדער־דיכטער, מען קען אָבער נישט זאָגן, אז ביי אונדז איז פאראן אן איבערפלוס פון דעם מין דיכטער, ווען מען נעמט אין אכט, אז די אידישע וועלטלעכע שולן זיינען צעשפּרייט איבער פארשידענע לענדער, וואו סיי די פּאנאָראמע, סיי די אָרטיקע לעבנס־באדינגונגען און סיי דער לעבנס־שטייגער זיינען פארשידן. און ווען מען ברענגט זיי פאָר פאר די קינדער, טאָר מען נישט זיין פאלש, אויב מען איז געטריי צו זיי און מען טאָר אויך נישט זיין פאלש, אויב מען וויל אויף זיי ווירקן, אויב מען וויל זיי ד ע ר צ י ע ן. צו אָט די דערציערישע מאָטיוון, ספּעציעל ביי אידישע לערער און עלטערן, קומט נאָך צו דער אידייאישער מאָטיוו.

פאר דעם געטאָ־קינד אין פּוילן, וואו דאָס לעבן איז פול געווען מיט אלטן טראדיציאָנעלן שטייגער, איז נישט נויטיק געווען — און אפשר איז עס אין א געוויסער מאָס שעדלעך געווען — צו אידעאַ־ליזירן דעם אידישן שטייגער, וואָס זיין באזע איז די געטאָ. די באזע פון דער אידישער קינדער־ליטעראטור אין פּוילן איז דעריבער א פאר־הערלעכונג פון דער נאטור, נויטוועגדיקערווייזע, אן אבסטראקטע, און איז מער געווענדט אויף דער פּסיכישער דערציאונג פונעם קינד.

אינעם ראטנפארבאנד, האָט זיך די קינדער־ליטעראטור גענומען אלס באזע דעם נייעם סאָציאלן שטייגער ביי אידן: „פאלט ארויס א רעגן, ווערן פעלדער גרין; א ווייסינקע הייזעלע האָב איך מיר אין קרים. מאָגנטיק ביי דער סאָכע, דינסטיק מיט דעם פלוג, מיטוואָך ביי דעם אקער, פרייטיק אין קאָמיוג...״ בפרט ווען דאָרט איז פארבונגדן נישט נאָר שול מיט היים, נאָר אויך שול מיט ארבעט.

אין די פאראייניקטע שטאטן, וואו די איבערוואנדערונג האָט

אויסגעוואָרצלט פונעם אידישן לעבן די טראַדיציע און קיין אידעאַ־לער סאָציאַלער שטייגער איז אויך נישטאָ, פאַרנעמט זיך די אידישע קינדער־ליטעראַטור מיט שאַפן נייעם אידישן קינדער־יום טוב אָדער צופּאַסן די אַלטע טראַדיציע צו די נייע באַדינגונגען.

ביי אונדז אין אַרגענטינע, גיט אַ געוויסע באַזע פאַר דער אידי־שער קינדער־ליטעראַטור די אידישע קאָלאָניע, די פאַרהערלעכונג פון אַרבעט, דער סענטימענט צו דער אַלטער היים, אָבער מערסטנס די שול גופא, וואו דאָס אידישע קינד לעבט אידיש.

פון די קינדער־שרייבער אין אונדזער אַרגענטינישער אידישער ליטעראַטור, האָבן מיר פריער שוין דערמאָנט ל. מ ל א כ ן, דעם וואָס האָט דער ערשטער דעם זשאַנר ליטעראַטור צו אונדז אריינגע־בראַכט און האָט געהאַט צו זיין דיספּאָזיציע דעם וואָכנזשור־נאַל „פאַר גרויס און קליין", וועלכן ער האָט רעדאַקטירט אין די יאָרן 1923 און 1924.

דערמאָנט האָבן מיר אויך משה דוד גיסער, וועל־כער האָט אַרויסגעגעבן אַ בענדל קינדער־לידלעך אונטערן טיטל „פלעמ־לעך און פייערלעך" און דרוקט נאָך איצט קינדער־לידלעך אין „דער פּרעסע" און אינעם ניו־יאָרקער „קינדער־זשורנאַל".

דעם אייגנאַרטיקסטן פון די אידישע קינדער־שרייבער, דעם קינ־דער־הומאָריסט ש. פ ר יי ל א ך, וועלכער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך עטלעכע ביכלעך קינדער מעשיות: „פון אַלע זיבן זאַכן", „אַ ליכטיקע וועלט", „פעטער סימכעס שפּאַסערייען", „מעשהלעך", „פאַרשטעלונגען", אַן איבערזעצונג פון „פּינאָקיאָ", „מיינע העלדן", די קינדער־פּיעסע „פון מצרים ביז כנען און אַ גאַנצע ריי דערציילונ־גען פאַר קינדער, וואָס ווערן ערשט איצט געזאַמלט און לעצטנס איז אַרויס דער ערשטער באַנד פון די אויפגעזאַמלטע זאַכן אונטערן טיטל „קינדער".

אַבּרהם מאָשקאָוויטש האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך קינדער־לידער אונטערן טיטל „אַ זון מיט אַ רעגן".

ש נ י א ו ר  וו א ס ע ר מ א ן, איינער פון די פּאָפּולערסטע קינדער־דיכטער אין אַרגענטינע, וואָס ווערט איבערגעדרוקט זייער אָפט אין די ניו־יאָרקער קינדער־זשורנאַלן און כרעסטאָמאַטיעס, האָט ביז איצט אַרויסגעגעבן דריי ביכלעך לידער אונטער די טיטלען: „סינד און קייט", „שוועלבעלעך" און „דאָבעלע". שניאור וואַסערמאַן איז, אַלס קינדער־דיכטער, דער געטרייסטער צו דער באַזע פון דער אידי־שער קינדער־ליטעראַטור אין פּוילן ווי ביי אונדז אין אַרגענטינע — די נאַטור, די אַרבעט, די שול און היים, און איז דערפאַר אויך מער ווי אַלע אַנדערע אַקצעפּטירט פון די לערער וואָס טראָגן די אחריות פאַר דער וועלטלעכער דערציאונג פונעם אידישן קינד און זייַנען דורכ־געדרונגען מיט די דערציערישע אויפגאַבן פון דער וועלטלעכער אידי־שער שול. זייַנע מערסטע קינדער־לידר האָט שניאור וואַסערמאַן גע־דרוקט אין דער קינדער־זייט פון „דער פּרעסע".

א ב י ג ד ו ר  ש פּ ר י צ ע ר האָט זייַנע קינדער־לידער און קינדער מעשיות געדרוקט צוערשט אין „דער אידישער צייטונג" און דערנאָך אין „דער פּרעסע". האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך קינדער־מעשיות אונטערן טיטל „מאָרגנפרייד" און אַ בוך קינדער־לידלעך אונטערן טיטל „צידעלע פידעלע". אחוצדעם האָט ער, צוזאַמען מיט ז. וואַ־סערצוג, צוזאַמענגעשטעלט צוויי כרעסטאָמאַטיעס אונטערן טיטל „גייע קוואַלן", פאַרן צווייטן און דריטן לערן־יאָר פון די וועלטלעכע שולן.

ז. וו א ס ע ר צ ו ג, וועלכער דרוקט קינדער־דערציילונגען אין דער קינדער־זייט פון „דער אידישער צייטונג", האָט אחוץ די פריער דערמאָנטע כרעסטאָמאַטיעס, וואָס ער האָט צוזאַמענגעשטעלט צוזאַ־מען מיט אביגדור שפּריצער, אַרויסגעגעבן אַ בוך קינדער־דערציילונ־גען אונטערן טיטל „פאַר די קינדערס וועגן".

ש. צ ע ס ל ע ר, איינער פון די טאַלאַנטפולסטע קינדער־דיכטער, דרוקט זייַנע קינדער־לידער אין „דער אידישער צייטונג" און האָט ביז איצט אַרויסגעגעבן „פייגל אין דער לופטן", „אַ לעבעדיקע

וועלט" און „הימל און ערד", אלע דריי מיט קינדער־לידער און קרייז־שפּילן.

אפרים גאָלדבערג, וועלכער שרייבט אין „דער אידישער צייטונג" תלמודישע לעגענדעס פאר קינדער, האָט ארויס־געגעבן צוויי בענדער „פון אידישע קוואלן", דער ערשטער באנד אנט־האלט ביבלישע לעגענדעס און דער צווייטער — פון תלמוד און מד־רשים.

פאליק קאטאָווסקי האָט ארויסגעגעבן אין 1945 א ביכל קינדער מעשיות אונטערן טיטל „קליינוואַרג". פאליק קאַ־טאָווסקי ארבעט מיט אין דער קינדער זייט פון דעם „וועג".

עס שרייבט קינדער מעשיות און קינדער־לידער זעליק מאַזור, וועלכער גיט ארויס א קינדער־זשורנאל אונטערן נאָמען „ארגענטינער ביימעלעך".

מאַשע שטוקער פּאיוק, פּרעבליסטן, דרוקט קינ־דער־לידער אין „דער פּרעסע", פריער אין „דער אידישער צייטונג".

געשריבן קינדער־מעשיות האָבן אויך יאָרדאנא פיין און שמואל פּיערט.

חיים פארבער שרייבט אין „דער אידישער צייטונג" פאבעלן פאר קינדער.

און אויך דער לערער פּסח סאנאַלאָוו, וואָס האָט דער ערשטער געדרוקט קינדער־מעשיות פון דער קאָלאָניע, דערמאָנט זיך נאָך אמאָל אָנצושרייבן א קינדער־דערציילונג.

# די וועגן און צילן פון דער אידישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע

על פי יושר, כדי כאָטש אויף א סכעמאטישן אויפן געבן א גאנץ בילד פון דעם ווערק, וואָס מיר רופן אָן אידישע ליטעראטור אין ארגענטינע און האָט זיך געשאפן אין משך פון די עטלעכע צענדליגג יאָר, וואָס אידן לעבן דאָ אין לאנד, וואָלט איך באדארפט, אין קורצע שטריכן, ווייניקסטנס, ווי איך האָב דאָס געטאָן מיט אונדזערע דיכטער און דערציילער אָדער נאָוועליסטן, דורכפירן דאָ אונדזערע עסייאיסטן, וואָס האָבן נישט ווייניקער ווי יענע צוגעטראָגן זייער שעפערישן חלק צו דעם ווערק. אָבער איך געפין מיך אין א פארלעגנהייט. צו אונדזערע עסייאיסטן שטעל איך די שטרענגסטע פאָדערונג פון באוואוסטזיין אינעם פראָצעס פון שאפן אָט דאָס ווערק. און, מיט קליינע אויסנאמען, האָט ביי זיי אָט דער באוואוסטזיין געפעלט.

אויב דער בעלעטריסט — דער פּאָעט און דער נאָוועליסט — קען נאָך באטראכט ווערן ווי דער פרייער פויגל, וואָס זינגט זיך אליין אויס, אָן געזעלשאפטלעכער אחריות און אָן געזעלשאפטלעכער וויזיע, קען מען דעם עסייאיסט בשום אויפן ווי אזעלכן נישט באטראכטן. אָדער ער וואקסט זיך אריין אין אונדזער געזעלשאפט, ווערט אירע אן אָרגאַנישער טייל און נעמט אויף זיך די אחריות פאר איר באוואוסטזיניקן אויפבוי, דעם מאטעליערן ווי דעם גייסטיקן, אָדער ער לעבט דאָ ווי א פרעמדער, ווי א גאסט, מעג ער דאָ האָבן זיין לעבן אָפּגעלעבט. באזונדער האָב איך דאָ די טענה צו דעם ליטעראַרישן

עסייאיסט. ווי טאלאנטפול ער זאל נישט זיין, אויב ער פרואווט נישט אריינטראגן זיין טאלאנט, זיין געדאנק, זיין באוואוסטזיין, כדי צו העלפן פארוועגדן די ליטעראַרישע שעפערישקייט אונדזערע אויף צו שאפן דאָס אלגעמיינע ליטעראַרישע ווערק אונדזערס, איז ער, אין בעסטן פאל, א בעסערער אָדער אן ערגערער אינפאָרמאנט פון אנדערע ליטעראַטורן אָדער פון אנדערע צווייגן פון אונדזער ליטעראַטור.

די אידישע ליטעראַטור אין ארגענטינע, ווי עס באווייזט דאָס צעטל נעמען פון שרייבער, וואָס איך האָב דורכגעפירט אין דער סבע־מאָטישער ארבעט, איז א פּראָדוקט פון צופעלאַפנקייט. ווי איך האָב דאָס שוין אונטערגעשטראָכן אין מיין אריינפיר, איז קיין איי־נער פון די אידישע שרייבער אין ארגענטינע נישט געקומען אהער מיט קיין שרייבערישער מיסיע; גאָר ווייניק זיינען געקומען אהער מיט שרייבערישע פּרעטענזיעס, אלס אָנפאנגער אָדער מיט א גרעסערן סטאַזש; פון שרייבערישע פּלענער האָט גאָר קיין רייד נישט געקענט זיין. ווער קען עס דען פאָדערן פון אָט דעם אויפגעלאָפענעם עולם זינגער און דערציילער פּלאן און סיסטעם אָדער אפילו וויזיע פאר א געמיינזאם ווערק, וואָס דאַרף ארויסקומען פון זייער אלעמענס ביי־טראָג אין משך פון לאנגע יאָר!

פון דעסט וועגן, איז דער פּלאן פאַראן, ער געפינט זיך אינעם פאקט גופא, וואָס מיר זיינען געקומען אהער פון אלע לענדער אידי־שן קאָמפּאקטן לעבן און האָבן דאָ אויסגעוויקלט א שעפעריש לעבן אויף די פארשידנסטע געביטן פון מענטשלעכער טעטיקייט. ווער וועט לייקענען, אז מיר האָבן דאָ אין משך פון די יאָרן, וואָס מיר געפינען זיך דאָ אויסגעבויט א געזעלשאפטלעך לעבן, וואָס באקומט וואָס ווי־טער אלץ באשטימטערע פאָרמען פון א גאנצקייט, וואָס מיר רופן אָן אידישער ישוב אָדער אידישער קאָלעקטיוויטעט אין ארגענטינע? אָט די אויספורעמונג האָט זיך פון דער טיף פון אונדזער אויפגעלאָפנקייט געהויבן אלץ מער און מער ארויף און דאָס אייגענע מוז עס זיין מיט אונדזער גייסטיקער שאפונג, מיט אונדזער ליטעראַטור.

טיף אין איר ספּאָנטאַנישקייט, ליגט די פּלאנמעסיקייט און דער ציל פון דער אידישער ליטעראַטור אין ארגענטינע. עס ארבעטן דע־

רויף, פון איין זייט די געמיינזאמקייט פון אונדזער אידיש־געאָגראפי־שן אָפּשטאַם און פון דער צווייטער זייט די געמיינזאמקייט פון אונד־זער ציל, פון אונדזער צוקונפט. אָט די אויספורעמונג פון אונדזער ליטעראַרישן ווערק, קען מע זען דרינגען און רייסן זיך פון דער טיף, ווען מען גייט דורך דעם מער אָדער ווייניקער כראָנאָלאָגישן צעטל פון זיינע שאפער, וואָס איך האָב דאָ דורכגעפירט. דאָס ווערק האָט א סך בלאָנדזשעניש, טאַלאנטלאָזע און פּשוט גראפאמאנישע האָרעוואַ־ניע, נאָר צו א ווילן אן אַלגעמיינער שלאָגט אַרויס דערפון ווי פון א פאָנטאַן. כל זמן אָט דער ווילן איז פאראן, איז פאראן די פּערספּעק־טיוו און די וויזיע פון שעפערישקייט און, אין דער זעלביקער צייט, פון אויספורעמונגס כוחות, וואָס ארבעטן אין דער טיף פון יעדן גע־מיינזאמען ווערק.

מערסטנס האָט זיך אָט די אויספורעמונגס ארבעט מאניפעס־טירט אין אונדזערע זשורנאלן, וואָס האָבן ארום זיך גרופּירט שריי־בער פון א באַשטימטער ליטעראַרישער און געזעלשאפטלעכער ריכ־טונג און אויך פון א באשטימטער ליטעראַרישער פּאָטענץ און עכט־קייט. און די זשורנאלן, זיי האָבן דאָך געמוזט האָבן א ריכטונג, א וועג, א ציל, א געזעלשאפטלעכן אָדער א ליטעראַרישן.

איך מערקט אייך שוין פון אָנהויב, ווי אזוי די ערשטע צעשוואו־מענע ליטעראַרישע פּרואוון, וואָס האָבן געזוכט א וועג פאר זיך אין די ריכטונגסלאָזע, פון אנארכיסטן געגרינדעטע זשורנאלן, פון קונסט לשם קונסט און גייסט לשם גייסט, האָבן באקומען קאָנקרעטע פאָר־מען, ווי נאָר זיי זיינען קאנאליזירט געוואָרן אין די צוויי זשורנאלן: „אוואנגארד" און „ברויט און ערע", מיט זייערע אויסגעשפּראָכענע אויפגאבן.

נאָך דעם געצוואונגענעם שטילשטאנד, פון 1910 ביז סוף 1912, קומט ווידער א פּעריאָד פון צעשוואומענע פּרואוון, וואָס זוכן זיך א וועג אין צייטלינס „טאָג", אין פּעדראָ שפּרינגבערגס „שטראלן", ביז זיי קריסטאליזירן זיך אויס אין די צוויי טעגלעכע צייטונגען מיט זיי־ערע אויסגעשפּראָכענע געזעלשאפטלעכע שטעלונגען, און אין די אויס־גאבעס, וואו עס גרופּירן זיך זייערע שרייבער.

כדאי איז דאָ זיך אָפּצושטעלן אויף איינער א זייער וויכטיקער דערשיינונג: וואָס שייך דער אידישער ליטעראַטור אין ארגענטינע, האָבן דעמאָלט די שרייבער פוןביידע צייטונגען איין און דעם זעלבן אידעאַל, איינע און די זעלבע וויזיע און איינעם און דעם זעלבן וועג צו איר. זיי קומען אלע ארויס פון כמעט דער זעלבער ריכטונג איינעם אידישן לעבן, פון דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן, וואָס באציט זיך פּאָזיטיוו צום אזוי גערופענעם „גלות", צו אלע זיינע ישובים און אָנערקענט די אידישע אלוועלטלעכקייט זייערע, אידיש אלס זייער שפּראַך און אויך אלס די שפּראַך פון זייער צוקונפט, פון זייער גייסטיקן לעבן און גייסטיקן שאפן; די אידישע ישובים, אָנערקענט, אָדער האָט אָנערקענט אָט די ריכטונג, אלס שעפערישע איינסן, וואָס יעדער באזונדער און אלע צוזאמען שאפן זיי די פילפארביקע און דאָך איינהייטלעכע קולטור פונעם אידישן פאָלק. אלע האָבן זיי געהאט, בנוגע אונדזער ליטעראַרישן שאפן דעם לאָזונג: ד אָ א ו ן א י צ ט.

דער זעלבער געדאנק, וואָס האָט זיך געאויסערט אויף די שפּאַלטן פון „דער פרעסע" און „פאר גרויס און קליין", האָט באקומען זיין אויסדרוק, אמת, אין א שוואכערער פאָרעם, אין „דער אידישער צייטונג", ספּעציעל אין די פּובליציסטישע ארטיקלען און נאָטיצן פון ישראל העלפמאן און אין א גאנץ בוילעטער פאָרעם, ווי איך האָב דאָס דאָ אָנגעוויזן, אין דעם זאמלבוך „ביי די ברעגן פון פלאטא" און אין דעם זשורנאל „ארגענטינא", וואָס די מיטארבעטער פון „דער אידישער צייטונג" האָבן ארויסגעגעבן און האָבן זיך אין זיי נישט געפילט געבונדן צו איר געזעלשאפטלעכן איינזען.

עס האָט אָבער לאנג נישט געדויערט און ביי דער ריכטונג איז געבליבן בלויז „די פרעסע" און די זשורנאלן, וואָס אירע מיטארבעטער האָבן ארויסגעגעבן. די אלגעמיין ציוניסטישע ריכטונג, וואָס איר אידעאַל און איר וועג איז נישט דאָ און נישט איצט, אָדער ווי אנדערע האָבן געזאָגט: נישט דאָ געדאכט און נישט איצט געדאכט, האָט די ערשטע שטעלונג פון דער צייטונג ארויסגעשטויסן און צוזאמען מיט איר, צוערשט איר מיטארבעטער ישראל העלפמאן און

דערנאָך אפילו איר שותף לוי מאס, דער בונדיסט, וואָס האָט באַקר־מען סימפּאַטיעס צום ציוניזם, אָבער נישט צו זיין „פארלייקענען דעם גלות".

אָט דער געדאַנק, וואָס פאַרצייכנט אין אונדזער יונגער ליטע־ראַטור־געשיכטע א הייסע פּאָלעמיק אין די רייען מיטאַרבעטער פון „דער פּרעסע" גופא, האָט אפשר געבראַכט געוויסן שאָדן; עס זיינען אפשר אויף זיין מזבח געפאַלן אייניקע קרבנות, צוליב נישט פאַר־דייאונג, טרייבנדיק זיי צו גראַפאָמאַניע; אנדערע האָט די שטרענגע פאָדערונג פון דאָיקייט און איצטיקייט פאַרטריבן אויף א צייט אָדער אין גאַנצן פון דעם ליטעראַרישן שאַפן, און אנדערע האָבן זיך אי־בערגעפּ־עסן מיט גרינגער פּרוכט און מיט אַלע קאָנסעקווענצן פון אזא מין איבערפרעסן זיך; דער געדאַנק אָבער איז וואָס ווייטער אַלץ ריי־פער געוואָרן, האָט אריינגעצויגן א סך פריערדיקע עקשנים פון „אויס־לעבן אין זיך די אַלטע היים" און איז געוואָרן דער הערשנדיקער גע־דאַנק אין אונדזער אידישער ליטעראַטור.

אין דער שיין פון אָט דעם געדאַנק, וואָלט איך באַדאַרפט קלאַ־סיפיצירן דאָ אונדזערע עסייאיסטן און צום באַדויערן קען אים נישט מצרף זיין צו דעם מזומן נישט יוסף מענדעלסאָן, וועלכער האָט זיך פון אָט דער שטעלונג זיינער אין „ביי די ברעגן פון פּלאַטא" (1919), שפּעטער אָפּגעזאָגט, נישט י. באָטאָשאַנסקי, וואָס גיט אַוועק זיין גלענ־צנדע פעדער די אידישע ליטעראַרישע דערשיינונגען פון גאָר דער וועלט און קוקט זיך כמעט נישט אום אויף די אָרטיקע, אויך נישט ד"ר ל. זשיטניצקי, וואָס האָט גראָד געשריבן אַן אינטערעסאַנטע ארבעט אי־בער דעם פילאָזאָפישן געדאַנק אין דער רוסישער ליטעראַטור און אַן ארבעט איבער דעם אויפקום פון דער ארגענטינישער קולטור. אוודאי האָבן מיר נאָך עסייאיסטן, אָבער מיט דעם ליטעראַרישן עסיי פאַר־נעמען זיי זיך נישט. דאָס בוך פון גרשון סאַפּאָזשניקאָוו איז אוודאי א שיינער בייטראָג צו דער אידישער דערציאונג אין ארגענטינע, י. איזאַקסאָנס עסייען באַקענען דעם אידישן לייענער אין ארגענטינע מיט די ענגלישע און אנדערע קולטור־ווערטן; אויף זיין שטייגער האָט דאָס געטאָן איליא טראָצקי, וועלכער איז שיר נישט געוואָרן אַן

ארגענטינער תושב, מיט די רוסישע קולטור־ווערטן; דאָס בוך פון מ. רעגאלסקי איז א וויכטיקער בייטראָג צום באנעמען די פּאָליטישע גע־שעענישן צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה, י. צודיקער האָט געשריבן וועגן דער פראנצויזישער רעוואָלוציע און איבער קולטור־פראגן אינעם רוטינערן נוסח, נאָר זיי האָבן נישט אויסגעפילט די אויפגאַבע פון עסייאיסטן, וואָס זייער אויפגאַבע איז אויסצוגעפינען די באהאלטענע כוחות און אָנווייזן אויף דעם גאנג פון די צילן פון אונ־דזער אידישער ליטעראטור אין ארגענטינע.

# דער ווערקשטאַט אין דער אַרגענטינער אידישער ליטעראַטור

אין דער ארגענטינער אידישער ליטעראטור זיינען פאראן א היבש ביסל נעמען פון שרייבער מיט א פאך אין דער האנט, נאָר גאָר ווייניק זייערע אָדער כמעט קיינער פון זיי, האָט נישט גענומען זיין פאך, זיין ווערקשטאט, פאר א טעמע פון זיין ליטעראַרישן שאפן.

אויב מען זאָל נישט רעכענען די שרייבער־קאָלאָניסטן, וואָס האָבן געשריבן כמעט דורכאויס אויף קאָלאָניסטישע טעמעס — מרדכי אַלפּערסאָן, ברוך בענדערסקי, צבי שניידער און זיין פּלימעניק עליע שניידער, פינחס ביזבערג און די שרייבער, וואָס שטאמען פון דער קאָ־לאָניע: שמואל גלאַזערמאַן און ד״ר חיים גאָלדשטרייך — האָבן די שרייבער פון די פאבליִיט, ביים שרייבטיש זיך פארגעסן אָדער פאר־טריבן פון די אויגן און פונעם זכרון זייער טאָג־טעגלעכע באשעפטי־קונג, זייער ארבעטס-וועלט און געזוכט צו געבן אויסדרוק זייער ליטע־ראַרישן שאפונגס באגער אויף אנדערע טעמעס. טייל האָבן זיך געווידי־מעט די אבסטראַקטע וועלטן פון ליבע און גערעכטיקייט, דער אידיליע פון דער אַלטער היים, דער פּאַרצייטיקער און הייגטיקער ארגענטיני־שער סאָציאַלער פּאַנאָראַמע, דער אידישער קאָלאָניע, נאָ נישט זייער אייגענע ארבעט-וועלט.

מיר האָבן א דיכטער א שניידער, וואָס האָט זיך באַרימט גע-מאכט מיט זיינע לידער פון דער קאָלאָניע.

„קאָלאָניסטן אידישע,
א געזונט אין זייערע ביינער,
ווי זיי פארדינען דאָס ברויט,
ערלעכער פארדינט נישט קיינער".

האָט ער געזונגען און וועגן זיין אייגענעם ערלעך פארדינטן ברויט ביים שניידעריי, האָט ער אפילו קיין איין שורה נישט אויפגעשריבן.

אויך דער שניידער שלמה גרינגלאָז אָדער ווי ער פלעגט זיך אונ־טערשרייבן: ארטור עפשטיין, פיגורירט אין דער „אנטאָלאָגיע פון דער אידישער ליטעראטור אין ארגענטינע", וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן לכבוד 25 יאָר „די פרעסע", מיט א דערציילונג פון דער קאָלאָניע.

שניאור וואסערמאן דערמאָנט זיך נאָך אמאָל אין דער אלטער שניידעריי פון זיין טאטן אין דאָרף, גאָר וועגן זיין אייגענער שניי־דעריי פארגעסט ער אָדער ער וויל וועגן איר פארגעסן.

גראָד אהרן בראָדסקי, דער סטעלמאך, האָט אָנגעשריבן א פּאָר דערציילונגען, וואו די פארשוינען זיינען שניידער.

איין גאָלדע קרימער, א שניידערקע, האָט דער שניידעריי אָפּ־געגעבן א גאנצע ריי דערציילונגען, כאָטשע איר הויפּט-טעמע איז איר בעסאראבישע שטעטלשע היים. אָבער אויך זי האָט גרויס אויפמערק־זאמקייט געשענקט דער אידישער קאָלאָניע אין ארגענטינע, ווי זי וואָלט דערמיט א צינז געצאָלט איר ראָל אלס ארגענטינער אידישע שרייבערן.

איבערגייענדיק צו אונדזערע אידישע שרייבער סטאָליערעס, צייל איך איבער גאנצע זעקס זייערע: נח וויטאל, יעקב אייזנשטיין, יעקב שטרייכער, יאָסל גאָלדבערג, משה קויפמאן און אברהם קאָוואל. אָבער א חוץ נח וויטאל, וואָס איז באקאנט מיט זיינע סקיצן פונעם סטאָליער-טאזשער, געפין איך ביי די איבעריקע קוים אן אָנדייט אויף זייער פאך.

יעקב אייזנשטיין, א סטאָליער בן סטאָליער פון סאווראן (פּאָדאָ־ליע) און אָדעס, איז געקומען אהער קיין ארגענטינע, דאָ געווען א פירנדיקער מיטגליד אין זיין פּראָפעסיאָנעלן פאריין און ווען עס איז געקומען צום זינגען, צום געבן אויסדרוק זיינע אינטימע באגערן,

האָט ער געזונגען אָדער וועגן דער ווייטער שיינער וועלט און דער גע־רעכטיקייט, וועגן זיין ליבע, אָדער ווי א פארליבטער אין דער רחבות פון די ארגענטינער פעלדער. אידן קומען קיין ארגענטינע מיט „פּאָ־גראָמען אויף פּלייצעס, מיט קלומקעס אין האנט" און:

„מיר גייען אויף פעלדער מיט הארט-רויער ערד,
מיר גייען צום פּלוג און צום אייזן".

און ערשט דאָרט, ביים פּלוג און ביים אייזן, ווערן זיי דערהויבן דורך דער ארבעט.

„מיר ווערן דערהויבן דורך ארבעט און מי,
מיר וועלן דיר גרויסקייט באווייזן..."

אין זיין אייגענער סטאָליערישער ארבעט האָט ער, קענטיק, נישט געזען אָט די דערהויבונג.

ביי יעקב שטרייכער זוכן מיר און געפינען אין זיינע לידער:

:בלייענע שווערקייט ווי הארבסטיקע וואָלקן,
געוועבט פון די שטויבן פון ארבעט און נויט,
„פון לונגען, וואָס הויבן זיך העכער און העכער,
פוילן און צאנקען ווי אש פון א קנויט..."

און אז יעקב שטרייכער דערמאָנט דאָס וואָרט ווארשטאט, איז עס אויף צו בעטן זיך:

„נו לאָזט אונדז א ווייל דערגאנצן דעם ניגון,
וואָס וועבט זיך פון יאָרן ביים ווארשטאט אין קויט".

יאָסל גאָלדבערג, אויך א סטאָלערישער זון, דאָ א „לוסטראדאָר" (א מעבל־פּוצער), ווייס שוין, אז:

„שווערער רויש מאשיניקער איז שוין לאנג אין גאנג
און ס'לאָזן האמערס זיך אראָפּ פון פעסטע הענט".

און אז דאָס ברענגט די גאולה אויף דער וועלט, נאָר אין זיין „טאזשער" זעט ער:

נאכמיטאג פאלן מיר מיד,
מ'שלאפט איין, צעווארפן די אָרעמס,
אויפן ווארשטאט, אונטער ווארשטאט —
ווי געפאלענע הרוגים".

און: „ווער עס אָטעמט שווער און קרעכצט" און „ווער עס צאַרנט און שעלט מיט האלבע ווערטער".

משה קויפמאן, אויך א „לוסטראדאר" מיידט אויס צו דערמאָ־נען אפילו דעם ווארשטאט. ער זינגט אויס א טאָג זיינעם פון פאר־טאָג ביז שפעט אין דער נאכט און פאר דער ארבעט זיינער האָט ער בלויז אזא שורה:

„מעת-לעתן שטויביקע און זשאווערדיקע יאָרן".

אברהם קאָוואל, דער אינטימסטער פון די היגע ליריקער, פרעגט אין זיינעם א ליד, א ליד געשריבן שוין אין דער היטלער־עפּאָכע:

„איז דער מאָרגן — בייטן מיט צעבליטן פלאקס,
קאָרנדיקע פרייד ביים פויער
און ביי מיר דער סווישטשענדיקער הובל?
צי זיינען אָט די שטילע וואָלקנדלעך, וואָס ציען זיך אויף אונדז,
בלויז א סטאדע שעפסעלעך פון א פארליבטן דיכטער,
אָדער האָט ציוויליזאציע דאָרט פארמסחרט
א ניי מיליאָנען־טויט פאר אונדז —
גאזן!"

א. קאָוואל פאָלעמיזירט דאָ מיט עמיצן, וואָס טענהט אלץ מיט אים, אז זיין „סווישטשענדיקער הובל" איז פריידיק און טראָגט אין זיך די פרייד פון דעם מאָרגן. אים האָט ארומגעכאפּט דער ספק אין אָנבליק פון דער ברוינער פעסט, וואָס פארוואנדלט מענטש און חיה. צום סוף איז ער גובר אין זיך דעם ספק, דערזעט א וואלד מיט הענט פארברידערט און דערקענט זיין אייגן קול, דעם קול פון זיין האמער און הובל צווישן רידל און אקער און זיין אייגן לעבן„ אויסגעשפּרייט אויף בייטן מיט צעבליטן פלאקס און קאָרנדיקער פרייד".

אין א. קאוואלן רעדט דער באוואוסטזיין, נאר אין הארצן נאגט דער ווארעם פון ספקות.

דער איינציקער צווישן זיי, וואס האט דעם סטאליער־טאזשער גענומען גאנץ פאזיטיוו או זיך טאקע אפגעשטעלט אויף אים ווי אויף א וויכטיקער טעמע, איז ווידער אמאל נח וויטאל. ער האט אויך גע־צאלט זיין צינז דער קאלאניע, וואו ער האט געארבעט די ערשטע צייט פון זיין אנקומען אין לאנד ביים שניט. ער האט געשריבן וועגן די „קוינטעניקעס", און אפשר טאקע דערפאר וואס ער האט סיינ־מאל דאס פאך נישט פארזוכט, האט ער וועגן דעם געשריבן מיט ביטול, שיר נישט מיט שנאה. זיין ליבע האט ער אוועקגעגעבן דעם סטאליער־טאזשער און זיינע פארשוינען.

אט ווי ער ווייזט א באלעבאס זיינעם ביי דער ארבעט:

„ברוך לייב איז שוין אן עלטערער איד, מיט א געלער שיטע־רער בארד, פארוואקסן ביז אונטערן קאלנער. א הויכער און אן איינגעדארטער, ווי אן איבערוואקסענע זאנג, וואס האלט זיך ביים איינברעכן. שלעכטע צייטן איצט, און די טעגלעכע ארבעט גיט נישט גענוג צום לעבן; שטייט ברוך לייב ביים ווארשטאט, ביז די כוחות לאזן זיך אויס, נאר איצט רעדט זיך שוין נישט וועגן דעם, ער מוז דאך מארגן ארויספירן די „כויגע". זיין אנגעשטרענגטער קערפער טרייסלט זיך ביי יעדער באוועגונג פון הובל און עס דוכט זיך, ווי ער וואלט מיט דער דארער ברוסט זיינער געהאלפן שטופן דעם הובל איבער דער לייסט".

און באלד ווייזט ער זיינעם אן ארבעטער, דעם „לוסטראדאר" פישל:

„אין צווייטן ווינקל פון טאזשער רודערט זיך עפעס און בא־וועגט זיך און א מאדנע געשטאלט בלייכט זיך פון דער פינצטער ארויס. די דאזיקע פיגור מאכט עפעס משונהדיקע שטיק, וואקלט זיך און טאנצט אונטער לעבן אן אוועקגעלייגט שטיקל מעבל. מען וואלט געקענט מיינען, אז עמיצער מיט פארקאטשעטע ארבל דא־ווענט איבער אן אומזיכטבארן שטענדער, שאקלענדיק זיך מיט גרויס התמדה; דאס ארבעט ברוך לייבס לוסטראדאר, פישל. ער

ענדיקט ארוים לוסטרירן, אויף מאָרגן פרי אוועקצושיקן. ער, פּישל, האָט אויך דעם זעלביקן אינטערעס ווי זיין באַלעבאָס, ברוך לייב".

מיר האָבן דאָ די ליבע פון א קינסטלער צו דער מאַטעריע, פון וועלכער ער קנעט זיין קונסטווערק: די הילצערנע און בלעכענע גאַל-פּאָנעס, מיט ברעזענטן פאַרלאַטעטע, מיט זייערע באַלעבאַטים, שלי-מעזאַלניקעס אָדער תקיפים, ווי ברוך לייב אָדער ווי שעפּטל, מיט זייערע אַרבעטער, די וואַוילע יונגען ווי דער קאַסאַקער און דערשלאָגענע ווי דער אַלטער פּייווע, מיט זייערע „בענק" צווישן די סטרוזשקעס. די באַלעבאַטים, וואָס איילן זיך שטענדיק אַרויסצוזענדיקן א „כויגע" און די אַרבעטער וואָס וואַרטן שטענדיק אויף דער „קינסעגע"; דאָס וויצ-לען זיך און יאָדען זיך, דאָס שעלטן און דאָס זינגען; די שרפות און דאָס חלשן פון דער היץ. פון דעם אַלעמען האָט נח ווימאַל אויפגעשטעלט א דענקמאָל דער אידישער סטאָלעריי אין אַרגענטינע אין די יאָרן פון דער ערשטער גרויסער אידישער איינוואַנדערונג.

עס וועט נישט זיין קיין סתירה צו זאָגן, אז ליבע צום „טאַזשער" איז פאַראַן ביי נח ווימאַל אפילו אין זיין סקיצע „א שלעכטער טאָג", וואו דער לוסטראַדאָר וואָלף האָט אַזוי ווייניק חשק צו דער אַרבעט, ווייל אין „טאַזשער" קוקט אַריין דער דריבנע־רעגנדיקער דרויסן און מאַכט אים ראָמאַנטיש געשטימט און דער באַלעבאָס, שעפּטל, קומט אַריין אין „טאַזשער" און הויבט זיך אָן קלאָגן פאַר די אַרבעטער, אַז האָליץ איז טייער געוואָרן און דאָס מיינט, אַז ער גייט ביי זיי רייסן פונעם לוין, פון די פּרייזן אויף דער שטיק־אַרבעט און ער רייסט טאַקע אָפּ פּופּציק סענט פון א בעטל... ווי אַזוי יאַנקעלע, איינער פון די שטי-לע אַרבעטער, צו וועלכן דער באַלעבאָס איז צוגעגאַנגען, האָט דער ערש-טער מסכים געווען און די איבעריקע האָבן רעזיגנירט... און וואָלף קלערט זיך, אז „ער, וואָלף, איז אויך א פּעדימל אין דעם דאָזיקן קנויל פון דערנידעריקטע און דערשלאָגענע באַשעפענישן און אז ער וועט זיך שוין קיינמאָל פון דאַנען נישט אַרויסרייסן" און זיינע אויגן פינקלען מיט א בייזן גלאַנץ...

דאָס זיינען די שאָטנדיקע זייטן און די שאָטנדיקע טעג אין יע-נעם וועלטל, וואָס רופט זיך סטאָליער־טאַזשער, וואָס נח ווימאַל האָט

פון דעם אויסגעקנאָטן זיינע מייסטערהאפטע סקיצן.

איך קלער ביי זיך: פון וואנען נעמט זיך עס, וואָס יענע סטאָ־ליערעס בני סטאָליערעס און שניידער און סטעלמאכס און אנדערע פאכלייט, וואָס האָבן זיך גענומען צו דער פען, האָבן נישט געפונען פאר וויכטיק צו נעמען דאָס פאך־וועלטל זייערס פאר זייער שרייבע־רישער טעמע און גאָר געזוכט אויסדרוק אין דער רחבות פונעם סטעפּ, אין דער אידישער קאָלאָניע, אין דער פּאַנאָראַמע פון טופּאַק אמאַ־רוס צייטן, פונעם גאוטש און זיין „ראנטשאָ" אָדער גאָר אין די אַלטע שטעטלשע אידיליעס און גראָד נח וויטאַל, א דאָ געוואָרענער „לוסט־ראדאָר" און אויף א גאנץ קורצער צייט, האָט זיין בעסטע שרייבערי־שע אויפמערקזאמקייט געשאָנקען דעם סטאָליער־טאַזשער?

צי נעמט זיך עס נישט דערפון, וואָס יענע האָבן זייער ארבעט נישט ליב געהאַט, זי באטראכט פאר אן אָפּקומעניש, בעת וויטאל האָט זיך אין איר ארייגעוואָרפן מיט דעם גאנצן ענטוזיאזם פון א נעאָפיט?

די ארבעט, בכלל, אין יענע יאָרן פון נישט לאנגסטיקן אויפגע־וואכטן ארבעטער־באוואוסטזיין און אָפט צו סימפּליסטישער אגיטאַ־ציע, איז געווען מער באווינט ווי באזונגען. ווי עס איז צו זען פון די אויסצוגן, וואָס מיר האָבן געבראכט, איז ארבעט נאָך אַלץ דע סינאָ־נים פון נויט און אָרימקייט, וואָס מען שטרעבט פון איר זיך ארויס־צורייסן, ווי וואָלף אפילו ביי נח וויטאַל.

האָט מען אן ארבעטער געפרעגט:

— וואָס הערט זיך? ווי גייט עס?

האָט ער געענטפערט:

— מען שקלאַפט!

ווען ארבעט אלס סינאָנים פון שעפערישקייט, פון רייכקייט אין דעם זין אז צום ארבעטער באלאנגט די גאנצע וועלט, די באפרייטע, האָט מען גערעדט סיידן אין אן ערשטן מאי אָדער אין א ליד א גע־וואגטן: „ווען דיין שטארקער אָרעם וויל, בלייבן אלע רעדער שטיל".

אייזנשטיין און שטרייכער זיינען מער מענטשן פון אָט יענעם פּעריאָד, ווען ארבעט איז נישט מער ווי א לאסט א שווערע, פון וועל־

כער מען איז גערן זיך אויסצוטאָן און פאַרגעסן נאָך די „אָפּגעשקלאָפּ־טע" אכט שעה. דער ארבעט גיט מען נאָך אוועק שעהן אינעם פּראָ־פעסיאָנעלן פאריין, דער אָרגאַניזאַציע וואָס קעמפּט קעגן דער צו שארפער עקספּלואטאציע, פאר מער מיט א ביסן ברויט און פאר א שיכל און א בגד דעם קינד; איר גיט מען אוועק די פען אויף צו שריי־בן וועגן דער נויטיקייט פון אָרגאַניזאַציע, אינעם פאך־זשורנאל; דאָס ליד אָבער, דעם אינטימען אויסדרוק, גיט מען אוועק דער ליבע, דער צוקונפט, דער אידיליע פון די קינדער־יאָרן, דער בענקשאפט, דעם טרוים, דעם פערזענלעכן, דער מענטשהייטס און דעם פאָלקס...

קויפמאַן איז שוין אפילו א היינטיקער; איז ער אָבער אזוי קריי־טיציסטיש, נעגירנדיק; אזוי גאליק און פארסמט אז זיין געמיט, ווי ער אליין זאָגט, אז ער פארגינט זיך נישט קיין איין פּאָזיטיווע שורה אָנצושרייבן. אפילו דעמאָלט ווען ער טוט עס, דאכט זיך, איז עס אויך אין דער אמתן נאָר בכדי זיך צו רייצן מיט אייך און מיט זיך אליין און פארגיסט עס באלד מיט נייע מאָס גאל. ווי קען דען אנדערש אזא איינער ריידן וועגן זיינע ארבעטס־טעג ווי וועגן פארשטויבטע מעת־לעתן און פארזשאווערטע יאָרן?

יאָסל גאָלדבערג איז אויך א היינטיקער, ער ווייסט גראָד וועגן דער מאכט פון די מאשינען און דער גבורה פון דער ארבעט און זיין ליד גיט ער אוועק דעם ארבעטער־קאמף, נאָר דער „טאַזשער" זיינער איז אן אלטער און אויך די קאמפּס־מעטאָדן אין אים זיינען אלטע, זעט ער דעריבער אינעם טאזשער בלויז די בהמישע מידקייט פון די ארבעטער. קאָוואל בלויז, דער אינטימער און, דאכט זיך, פעסימיס־טישער א. קאָוואל, איז גובר מיט זיין באוואוסטזיין סיי דעם אלטן באגריף פון ארבעט, וואָס שטעקט נאָך אין אים, און סיי די נייע פורעניותן וואָס האָבן זיך אויף איר אָנגערוקט אין דער געשטאַלט פון דער ברוינער פעסט, דער היטלעריסטישער.

נח וויטאל שטייט אויך נישט ווייט פונעם פּראָפעסיאָנעלן פאַ־ריין, כאָטשע ער קלויבט זיך אין אים נישט איבעריק פונאנדער און געטרויט דעם פירער (זע זיין דערציילונג „נחום"), נאָר אריין איז ער אינעם טאזשער ווי אן אידעאליסט פון דער ארבעט. דאָס יונגע ווילנער

אינגל פונעם מאָסקווער סוחר, וואָס איז פארוואָרפן געוואָרן קיין אר־גענטינע, האָט זיך דאָ אינעם סטאָליער־טאַזשער געגומען „פראָלעטא־ריזירן", לויט דעם לאָזונג פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פאר־טיי, דער עס-עסישער, צו וועלכער ער האָט זיך אָנגעשלאָסן, און האָט דעריבער ליב באקומען, ווי א „גיי באקערטער", אָט די וועלט פון אר־בעט מיט אלע אירע ליכטיקע און פינצטערע זייטן.

און דאָ ליגט דער אונטערשיד צווישן זיי און אים, דעם מייס־טער פון די טאַזשער־סקיצן, דעם יונגן „לוסטראדאָר", וואָס האָט גע־שטעלט א מאָנומענט דעם אלטן סטאָליער-טאַזשער אין ארגענטינע.

# איבערזעצונגען און איבערזעצער

## פון שפּאַניש אויף אידיש און פון אידיש אויף שפּאַניש

דאָס איבערזעצן ליטעראַרישע ווערק פון שפּאַניש אויף אידיש, ווי פון אידיש אויף שפּאַניש, איז ביי אונדז אין ארגענטינע געוואָרן א סיסטעמאטישע ארבעט, וואָס ווערט געטאָן מיט דעם פולן באַוואוסטזיין פון איר קולטור־געזעלשאפטלעכן באטיים: די קעגנזייטיקע באקענונג פון דעם אידיש־לייענענדיקן און שפּאַניש־לייענענדיקן עולם מיט דער ליטעראטור פון די צוויי פעלקער, דעם ארגענטינישן און דעם אידישן.

וועגן אָט דער סיסטעמאטישקייט רעדט דער פאקט, וואָס אויף אידיש זיינען איבערגעזעצט פון דער ארגענטינישער ליטעראטור די פונדאמענטאלסטע ווערק פון אירע אָנגעזעענסטע שרייבער, פון די וואָס באצייכענען עטאַפּן אין איר קינסטלערישער און געזעלשאפטלעכער אויסוויקלונג און פון אידיש אויף שפּאַניש — די אויסגעוויילטסטע שריפטן פון די אידישע קלאַסיקער, ווי אויך ווערק פון די וויכטיקסטע נאָך זיי געקומענע אידישע שרייבער.

בכדי אָט די סיסטעמאטישקייט זאָל זיין קלאָרער און בולטער, מוז מען פון דער מאסע איבערזעצונגען אויסטיילן און אוועקשטעלן באזונדער די ווערק פון פארטיי־פּובליציסטישן כאראקטער, וואָס האָבן זיך זייער אייגענע סיסטעמאטישקייט — די פארטיי־כוונות פון זייערע איבערזעצער און פארלעגער און די ווערק וואָס זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אף דער באשטעלונג פון זייערע מחברים.

צוגעבן דארף מען, אז די סיסטעם, וועלכע מיר הויבן דא ארויס, די וואס איר כוונה איז דאס קאנגזייטיקע באקענען דעם לייענער־עולם מיט די פונדאמענטאלע ווערק פון די אידישע און ארגענטינישע שרייבער, איז א ספאנטאנע. זי שטאמט נישט פון אן אויסגערעכנטן פארלעגערישן מוח אדער פון א געזעלשאפטלעכער איניציאטיוו, נאר פון דער ספאנטאנער פרעדילעקציע פון דעם איבערזעצער, וואס האט, מערסטנס, נישט געהאט דערצו קיין אנדער סטימול, ווי זיין אייגענעם דראנג צו ווערן א מיטשאפער מיט דעם מחבר, דורכמאכן זיינע שאפונגס־ווייען, ווען אפילו בלויז שפראכלעך, זוכנדיק אין דער צווייטער שפראך די עקוויוואלענטן, וואס זאלן עקזאקט איבערגעבן פאר דעם לייענער די אידייען, די בילדער און דעם סטיל פון דעם אריגינאל.

אויב אט די ספאנטאנע פרעדילעקציע האט געפירט צו דעם פאקט, אין וועלכן מיר דערזעען איצט די סיסטעם, איז עס נישט מער ווי א באווייז, אז פונקט ווי אין דער אידישער ליטעראטור, וואס מיר האבן געשאפן, ליגט אויך אין די איבערזעצונגען יענער דארוויניסטישער נאטירלעכער אויסוואל, וואס ליגט אין די דערשיינונגען און קומט צום אויסדרוק אפילו אויף אן אינטיטואיטיוון אופן. דער באוואוסטזיין איז שוין צוגעקומען שפעטער און האט דער סיסטעם צוגעהאלפן.

דער „נאטירלעכער אויסוואל" האט זיך אונטערגענומען, אלנפאלס, צו קלאסיפיצירן דאס אלץ וואס איז דא איבערגעזעצט געווארן און האט באשטימט פאר יעדער זאך איר ארט: וועלכע, צו פארבלייבן אינעם ארכיוו פון די צייטונגען און זשורנאלן, וואו זיי זיינען געדרוקט געווארן, זיי צו פארגעסן אינגאנצן אדער זיי צו דערמאנען ווי געליבטע וועזנס, וואס זיינען אוועק פון עולם האמת; וועלכע, צו האבן פאר די אויגן ווי לעבעדיקע און ווירקנדיקע קונסטווערק און וועלכע, צו באטראכטן ווי מאנומענטן פון דעם נאציאנאלן געניוס, דעם אידישן, ארגענטינישן און אזוי ווייטער, וואס דארפן בלייבן אין אונדזערע ביבליאטעקן.

# מיין איבערזעצערישע ארבעט

איך וועל פאר אלעמען ריידן וועגן זיך גופא, ווי פון אן איבער־זעצער, וואס האט אויסער דעם אויבנדערמאנטן סטימול — דעם אייגענעם דראנג מיטצושאפן און די אייגענע פרעדילעקציע — אויך געהאט אנדערע סטימולן: די פאדערונג, די באשטעלונג.

מיין ערשטער דראנג און פרעדילעקציע זיינען געווען צופעליקע. איך האב אין א קיאסק פון געניצטע ביכער, וואס האבן מיך שטענדיק צוגעצויגן סיי מיט זייער ביליקייט און סיי מיט דער מעגלעכקייט אנ־צוטרעפן דארט ליטעראַרישע זעלטנקייטן, אנגעטראפן, שיר נישט באלד ווי איך בין געקומען אהער, א בענדל אצטעקישע לעגענדעס פון דעם מעקסיקאנער העריבערטא פריאס.

איך האב זיי געגומען לייענען און זיי האבן מיך פארכאפט מיט זייער פארבן־שלאל, וואס נאר אין חלום זעט מען זיי: די געטער, די מלכים, די חכמים, די כוהנים, דאס פאלק, זיינע מענער און פרויען, זייערע טעמפלען און גאטעסדינסטן, זייערע מלחמות און זייערע בלו־טיקע נקמות, זיינען אזוי אידענטיפיצירט מיט דער נאטור, מיט בליץ און דונערנדיקן הימל און שאטנדיקער ערד, מיט ווייסע שפיצן פון אייביקע בערג, מיט גרינע טאלן, מיט טייכן און שווימענדיקע לאנקעס.

און די נאטור, זי איז אזוי מאגניפיצירט מאיעסטעטיזירט, סיי אין איר פארגליווערטן ווי אין איר דינאמישן צושטאנד; עס שלאפט דער בארג — פרוי, איצטלאצעאטל, א ליגנדיקע אונטער איר ווייסן שניי־צודעק און א באוואכטע פון דעם וואכנדיקן בארג — מאן, דעם פאפאקאטעפעטל, מיט זיין ברענענדיקן פאקל...

אזא רייכקייט פון פארב און שפראך האב איך נאך ביז דעמאלט נישט געהאט באגעגנט אין אידיש, סיידן ביי די נביאים, אין דער מעכטיקסטער פון די שפראכן, דער ביבלישער, און איך האב נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון זיך אוועקצוזעצן, באלד ווי איך האב דעם אוצר אהיימגעבראכט, און איבערגעגעבן אט די רעטארישע מאג־ניפיצענץ אין אידיש.

איך האב א פאר לעגענדעס אוועקגעשיקט צום „אידישן קעמ־

פער", וואָס האָט ערשט אָנגעהויבן דערשיינען אין ניו־יאָרק, און דאָס אָפּדרוקן זיי, איז געווען מיין דיפּלאָם פון אן איבערזעצער. א צווייטן דיפּלאָם אזא האָב איך באקומען פון בעל מחשבותן, וועלכער האָט אָפּגעדרוקט אין דער ליטעראַרישער ביילאַגע צום „פריינד" מיינע אן איבערזעצונג פון דער גרעפן עמיליא פּאַרדאָ באזאנס א דערציילונג: „דער רייזנדער".

דערביי איז מיין פּרעדילעקציע נישט געגאנגען ווייטער ווי פון דער שפּראַך־רייכקייט. איך האָב אָבער שוין דעמאָלט איבערגעזעצט אויך אויסער און קעגן מיין פּרעדילעקציע: איך האָב מיטגעארבעט אין זשורנאַל „שטראַלן" און האָב דאָרט איבערגעזעצט אין איין צייט מיט ראַבינדראַנאַט טאַגאָרעס לידער אין פּראָזע און עטשעגאַראיס א נאַטור־מעכטיקער דערציילונג, אויך א סענטימענטאַלן קוואַטש פון כאַאקין דיסענטא, צו וועלכן דער קינסטלערישער לייטער האָט גראָד גע־האַט א פּאַסיקע אילוסטראַציע פון א קראַנקער מאַמע מיט א גוטן זון.

אין „טאָג" פון וואָלף צייטלין, וואו איך האָב געמוזט צושטעלן א שפּאַנענדיקן ראָמאַן, האָב איך איבערגעזעצט דעם „שפּיאָן", וואָס האָט זיך געדרייט ארום א גנבה פון דיפּלאָמאַטישע סודות; אָבער אין דער זעלבער צייט האָט מיין פּרעדילעקציע דעמאָלט אנטפּלעקט פאַר מיר דעם מאָדערנעם זקן פון דער שפּאַנישער ליטעראַטור — דעל וואַ־ליע אינקלאַן. און איך האָב איבערגעזעצט זיינע אימפּרעסיאָניסטישע דערציילונגען.

דערנאָך א שטיקל צייט, ווען איך לייג אוועק מיין אייגענע פּרע־דילעקציע אינגאַנצן אָן א זייט און איך ווער א ליפעראַנט פון אוני־ווערסאַלע מעלאָדראַמעס פאַרן אידישן טעאַטער, אויף דער באַשטע־לונג פון דעם עמפּרעסאַר כוליאָ טראַווערסאָ; איך זעץ איבער און אדאָפּטיר פאַרן אידישן טעאַטער פּראָבלעם־פּיעסן פון גאָנסאַלעז קאַסטיזשאָ און אנדערע. אין „דער אידישער צייטונג", שטעל איך צו ראָמאַנען פון זשאָרזש אָנעט, פון מאַרסעל פּרעוואָ, פון שערלאָק האָל־מעס, ריידער האַגאַרד.

אין „דער פּרעסע", וואו איך בין שוין אויך א בעל דעה אויף דעם געביט, העכערט זיך דער ניוואָ פון מיינע איבערזע־

צונגען צו זאָלאס „ארבעט", הערבערט אועלס „צייט-מאשין", אנרי באַרביסעס „פייער" און צום ערשטן ארגענטינישן ראָמאן: „נאטשא רעגולעס" פון מאנועל גאלוועז. אָבער אויך אָט דעם ארגענטינישן ראָמאן, האָב איך גענומען איבערזעצן ווי א סענסאציע, פאר דער צייטונג.

אן ארגענטינער שרייבער, האָט דאָס געהייסן, פון א באדייטנדיקער גרויס, איינער פון די ארגענטינישע קאנדידאטן אויף דער נאָבעל־פרעמיע, ווי מען האָט דעמאָלט גערעכנט, האָט אין א ראָמאן פאר־פיקסירט די סימפּאטיעס פון ארגענטינישן פאָלק צו דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, אין א צייט ווען א צווייטער ארגענטינישער קאנדידאט אויף דער פרעמיע, מארטינעז סואווירא (הוגאָ וואסט) דער שפּעטערדיקער מחבר פון די אנטיסעמיטישע ראָמאנען „קאהאל" און „אָראָ", האָט נישט אויפגעהערט זוכן אינספּיראציע אין די ספערן פון די קאטוילישע אריסטאָקראטישע דאַמען און זייערע טוגנטן פון רחמנות צו די אָרימע און אין דער סאלאָן־עלעגאנץ.

איך האָב דעם ראָמאן גענומען איבערזעצן מיט דעם זעלביקן צוגאנג פון זשורנאַליסטישער געלעגנטלעכקייט, ווי איך האָב איבער־געזעצט פאר „דער פרעסע" ארטוראָ קאנסעלאס „טאָג-בוך פון א ווייסגווארדייער", וואָס האָט פאַרפיקסירט אין א בעלעטריסטישער פאָרם די טרויעריק-באַרימטע יאנואר־וואָך פון 1919, ווען די פּאָליציי צוזאמען מיט דער „פאטריאָטישער ליגע" — א דעמאָלסטיקע אָרגאַניזאַציע פאר שטרייקברעכעריי — האָט אָרגאַניזירט אן איבערפאל אויף דער אידישער גאס, וואָס האָט כלומרשט געמאכט א פארשווערונג קעגן דער רעגירונג.

אָבער אָט יענע איבערזעצונג האָט מיר געוויזן דעם וועג צו די פונדאמענטאלע ווערק פון דער יונגער ארגענטינישער ליטעראטור. מיר איז דעמאָלט שוין געקומען אפן געדאנק, אז די איבערזעצונגען טאָרן נישט זיין קיין צופעליקע, אז עס וואָלטן נישט באדארפט פעלן אין דער אידישער ביבליאָטעק פון אן ארגענטינער אידן די ערשטע ארגענטינישע דראמע — עטשעווערריאס „די געפאנגענע"; „מאריא" פון זשאָרזש אייזיקס און „אמאַליא" פון כאָסע מארמאָל — די ראָ־

מאנען פון די ארגענטינישע פרי-יאָרן"; סארמיענטאָס „פאקונדא", וואָס איז די געשיכטע פון דעם ארגענטינישן קאמף פאר קולטור און מעלוכישער אָרגאַניזאציע; בעניטאָ לינטשס „די רוב־פייגל פון לא פלאָרידא", וואָס שילדערט דעם ארגענטינישן גוטבאזיצער, דעם „עסטאנציערא" פון דער בוענאָס־איירעסער פראָווינץ אין דער עפּאָ־כע פון קאָלאָניזאציע און ערב זיין אָפגאנג; און „אנאקאָנדא" פון האָ־ראסיאָ קיראָגא — די ציוויליזירונג פון דעם אורגענטינישן וואלד.

איך האָב אָנגעהויבן אָט די ארבעט פון אונטן ארויף. פון האָרא־סיאָ קיראָגאס „דערציילונגען פונעם וואלד" (פאר קינדער) און דער־נאָך „אנאקאָנדא". דאָ איז מיר אונטערגעקומען, אין 1926, „דאָן סעגונדאָ סאָמבראַ" פון ריקארדאָ גויראלדעז, א ראָמאַן, וואָס האָט אויפגערודערט די געזעלשאפטלעכע מיינונג, מיט זיין פּרעטענזיע צו ראטעווען די ארגענטינישע גאוטש־טראדיציע אינעם נייעם דור פון דעם „עסטאנציערא", און איך האָב נישט געוואָלט אָפלייגן די ארבעט אויף שפּעטער; ערשט דערנאָך האָב איך איבערגעזעצט „די רוב-פייגל פון לא פלאָרידא" און זיך גענומען צו דער שווערער ארבעט פון אי־בערגיסן אין אידיש דעם קאָנדענסירטן ביז גאָר סארמיענטאָ.

אויב אפילו איך וועל נישט באוויזן דורכצופירן מיין אָנגעציי־כנטע ארבעט ביזן סוף, האָב איך זי וויניקסטנס אָנגעצייכנט פאר אנ־דערע. אין דער זעלבער צייט האָט מיך צוגעצויגן די ליטעראטור פון די אנדערע לאטיין־אמעריקאנישע רעפּובליקן און איך האָב אויף אזא אופן איבערגעגאָסן אין אידיש די אנדן־דערציילונגען פון דעם פּערו־אנער אלבוכאר — קרעפּטיקע שילדערונגען פון די בארגיקע אינדיאַ־נער רעבעלן; — „הואסיפּונגאָ" פון כאָרכע איקאסא, וואָס שילדערט דאָס לעבן פון דעם נעגער־באטראַק אויף די הויכן פון עקוואדאָר און קאָלאָמביא, און „קאַשטאַנען־שניט" פון דעם בראַזיליענער אבגור באַס־טאָס, א ראָמאַן פון די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן אויף די פּלאַנטאַציעס פון דער אַמאַזאָנאַס־געגנט אין בראַזיל.

איך רעכן נישט אריין אהער מיינע איבערזעצונגען פון אנדערע שפּראַכן, פון רוסיש און דייטש: צווישן זיי „אָפן שטילן דאָן" פון שאָלאָכאָוו און „צוריקקער" פון עריק מאריאַ רעמארק; איסאַק באַ־

בעלס „קאַנארמיא״ און לאצקאַס „דער מענטש איז גוט״, און א גרוי־סע צאָל דערציילונגען פון אנדערע ליטעראטורן, וואָס זיינען צו מיר דערגאנגען אין שפּאניש אָדער רוסיש. איך בין דאָ נאָר אויסן אָנצור־ווייזן ווי אזוי עס האָט דער „נאטירלעכער אויסוואַל״ אָפּגעקליבן פון מיין איבערזעצערישער ארבעט א קורצע אָבער סיסטעמאטישע ביב־ליאָטעק פון דעם ארגענטינישן ב ו ך אין אידיש.

---

אויף דעם זעלבן וועג איז געגאנגען די איבערזעצערישע ארבעט פון יוסף מענדעלסאָן. ער האָט דאָ צוערשט איבערגעזעצט פון רוסיש אנדרייעוון און פון שפּאניש בלאַסקאָ איבאניעז; שפּעטער האָט ער זיך גענומען ספּעציעל צו די ארגענטינישע לעגענדעס פון ערנעסטאָ מאַראַלעס ווי א בייטראָג צום שטודיום פון די ארגענטינישע צפון־געגנטן, אין וועלכע עס איז נאָך וואך די טראדיציע פון די אינדיאנער שבטים און האָט אויך איבערגעזעצט דעם ראָמאַן „א פאַרשטאָט״ פון מאנועל גאלוועז.

## יוסף אַקסענצאָוו — דער איבערזעצער

יוסף אקסענצאָוו איז שוין דירעקט צוגעטראָטן שאפן אן איבער־געזעצטע שפּאניש לאטיין־אמעריקאנישע ביבליאָטעק, נאָכדעם ווי עס איז דערשינען זיינער א בוך דערציילונגען פון דעם אורוגווייער שריפט־שטעלער כאוויער דע וויאנא, וואָס ער האָט א נאָמען געגעבן „גאו־טשאָס״.

כדאי איז דאָ אָנצומערקן, אז דער נאָמען „גאוטשאָס״ אויף דעם בוך איז נישט דער ריכטיקער; ער קומט פון א טעותדיקער פאראל־געמיינונג. גאוטשאָס רופט מען די באוואוינער פון דער רחבותדיקער פליין־געגנט, וואָס פארנעמט די פּראָווינץ בוענאָס־איירעס און די פּאמפּא, וואָס איז איבערהויפּט א פיצוכטערישע. דער גאוטש איז דער אָקסן־טרייבער, דער פערד־צוימער, דער צופעליקער ארבעטער באם פארטרייבן און צייכענען דאָס פי; ער איז דער געדונגענע נאָמאַד, ווי מיר וואָלטן אים אָנגערופן; א מענטש אָן טראדיציעס פון איינגע־זעסנקייט, וואָס געפינט זיך שטענדיק אויפן פערד און אין סטעפּ,

פארקערט, די מענטשן וואָס ווערן געשילדערט פון באוויער דע וויאנא, זיינען די קרעאָלן פון דעם מעסאָפּאָטאמישן בעקן ביי די טייכן אור־רוגוואי און פאראנא, די ענטרע־ריאָסער פּראָווינץ, וואו דער אורוג־וואיער שריפטשטעלער האָט א לאנגע צייט געלעבט. ער איז א סאָ־ציאליסט און שילדערט דאָס עקאָנאָמיש־פּאָליטישע לעבן פון יענע ישובים; די פּאָליטיקעריי און דעם אינטערעסן־פּלאָנטער, וואָס וואָלטן זיך געקענט אריינפּאסן אין די ראמען פון גאָנגאָלס „רעוויזאָר". יוסף אקסענצאָוו איז אליין א תושב פון יענער פּראָווינץ, וואו עס געפינען זיך די מערסטע אידישע קאָלאָניעס און איז אליין באטייליקט געווען אין דער ספּעציפישער פּאָליטיק פון יענע שטעטלעך מיט זייערע וואל־מנהגים, און באוויער דע וויאנאס דערציילונגען זיינען אים גאָר נאָענט.

יוסף אקסענצאָוון, אלס איבערזעצער, האָט איבערהויפּט צוגע־צויגן נישט אזוי די מאלערישקייט און פארביקייט פון דער סביבה און פון אירע פּארשוינען, ווי זייערע סאָציאלע פארהעלטענישן, ריכטי־קער, די סאָציאל־אידעאישע אָדער סאָציאל־פּאָליטישע. ער האָט אי־בערגעזעצט פון דעם ראדיקאלן שרייבער הומאָריסט פראי מאָטשאָ, פון די אנארכיסטן ראפאעל בארעט און פ. א. ארסואגא, פון דעם לינקן שרייבער און דערציער אלווארעז זשונקע.

זיין צוגאנג צו אָט דער איבערזעצערישער ארבעט, איז געווען דאָפּלט א באוואוסטזיניקער: פון איין זייט דער פּראָפּאגאנדיסטיש־סאָציאליסטישער און פון דער צווייטער — דער קולטור־דערנענטע־רישער. אין אן ארטיקל איבער יוסף אקצענצאָווס איבערזעצערישער ארבעט, צום דערשיינען פון זיין איבערזעצונג פון פּי אי ארסואגאס „פּרעלודיעס פון קאמף", האָב איך געשריבן:

מיטן דערשיינען פון י. אקסענצאָווס איבערזעצונגען פון באוויער דע וויאנאס דערציילונגען אין בוך־פאָרם, האָט דער נאטירלעכער, נישט באמערקטער און נישט אָפּגעשאצטער אויסדרוק פון אידיש־ארגענטי־נישן צוזאמענלעבן און קולטור־צוזאמענשלוס, באקומען באוואוסטזיין. אין זיין אָנמערקונג צום דערמאָנטן בוך זאָגט דער איבערזעצער, מיט קלאָרע ווערטער, וואָס זיינען אפשר צום ערשטן מאָל אזוי קלאָר גע־זאָגט געוואָרן אין ארגענטינע: „מיר האָבן שוין באדייטנדיקע אידי־

שע קבוצים אין די שפאניש־רײדנדיקע לענדער, און עס איז געקומען די צײט צו עפענען א װעג פארן טויש פון די קולטורן, װאס קומען שױן אין נאענטער בארירונג".

װעגן דעם אױסװאל פון דעם ערשטן שרײבער, מיט װעלכן י. אקסענצאװ װיל פארשטעלן פאר די אידישע לײענער די שפאנישע און לאטײניש־אמעריקאנישע ליטעראטור, קען מען זײן מחולק. אױב מיט באװיער דע װיאנאס דערצײלונגען האט י. אקסענצאװ זיך געשטעלט אויף א װעג, װאס איז אין א געװיסן הסכם מיט זײן ציל: קולטור־טויש און סביבה באקענונג, איז ער מיט דעם ערשטן ביכל פון זײן סעריע, אראפ פון דעם דאזיקן װעג. פי אי ארסואגאס באלאדעס זײנען „אוניװערסאל", (איך שטעל דאס װארט אוניװערסאל אין געדאנ־פיסלעך מחמת איך שטעל דעם דאזיקן מין אוניװערסאלקײט אונטער א פראגע־צײכן) נישט זײ האבן אװעלכע עס איז עטנישע און נישט אװעלכע עס איז פאליטיש־געאגראפישע באזונדערע פארב.

פי אי ארסואגאס פארשװינען אין די דאזיקע באלאדן זײנען פון אײן זײט: דער קיניג, דער קאפיטאליסט, דער גלח, דער גענעראל, דער ריכטער... אלע שם הכוללס, װי די חיות אין דער פאבל־ליטעראטור, און פון דער אנדער זײט דער פויער, דער ארבעטער, דער סאלדאט, װידער די זעלביקע שם הכוללס. און װאס נאך מאדנער: דער קעניג, דער קאפיטאליסט, דער גלח, דער גענעראל און דער ריכטער זײנען צװישן זיך אזוי ענלעך און דאס זעלבע זײנען אזוי ענלעך צװישן זיך דער פויער, דער ארבעטער און דער סאלדאט, אז איר פרעגט זיך צו װאס האט ער זײ אלע געבראכט. אלע האבן זײ אײן פנים, אדער זײ האבן גאר קײן פנים נישט. דאס זעלבע איז מיט צײט און ארט. דער קאמפס פלאץ, װאו אט די פרעלודיעס פון קאמף שפילן זיך אפ, איז אן אומבאשטימטער, ער געפינט זיך אין אלע צײטן און אין אין קײנער נישט, אומעטום און אין ערגעץ נישט. פון קינסטלערישן שטאנדפונגט האבן די דאזיקע באלאדעס קײן שום װערט נישט. דאס קונסט-װערק האט די אײגנשאפט, װאס זי װײזט אונדז דאס אוניװערסאלע און אײביקע אינעם פרט, און דערמיט איבערצײגט זי אונדז. די קונסט איז אויסשטראלונג פונעם חומר, און כדי צו שאפן

אויסשטראַלונגען דאַרף מען האָבן חומר, וואָס איז פאַרבונדן מיט אָרט און צייט. אויסשטראַלונג אָן און פאַר זיך, אַ מין קאָנדענסירטע אוניווערסאַלקייט און אייביקייט, איז אַלץ וואָס איר ווילט, און מען קען עס אַפילו נוצן צו וואָס מען וויל, נאָר קונסט איז עס בשום אופן נישט.

נעמען מיר אָבער פּי אי אַרסואַגאַס „פּרעלודיעס פון קאַמף" אַלס פּראָפּאַגאַנדע ליטעראַטור פון קלאַסנקאַמף, דאַן וואַקסט אויס פאַר אונדז זייער ווערט גאָר הויך, און דער חסרון וואָס זיי האָבן אַלס קונסט ווערק, דאָס פעלן פון אַ באַשטימטן אָרט און פון באַשטימטע עטנישע און פּאָליטיש־געאָגראַפישע כאַראַקטער־שטריכן ביי די פאַרשוינען, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ מעלה. אין דעם זין זיינען זיי אמתע אוניווערסאַלע פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור, גילטיק אין אַלע שפּראַכן און אין אַלע לענדער, וואָס אימפּאָנירט זיך אַ דאַנק דער באַלאַדן־פאָרמע, און דער עיקר אַדאַנק דער שאַרפקייט און דעם אינערלעכן פּאַטאָס מיט וועלכן די זאַכן זיינען געשריבן.

אָט די צווייטע נוצלעכקייט פון פּי אי אַרסואַגאַס קאַמפּס פּרעלודיעס קויפט אויס אין געוויסער מאָס זייער נישט עכט־קינסטלערישן ווערט און אויך דעם פעלער וואָס דער איבערזעצער איז באַגאַנגען לגבי זיין אָנגעצייכנטן ציל, ווי ער איז אויסגעדריקט אין זיין פאָרוואָרט צו דער אויסגאַבע פון זיין ערשטן בוך איבערזעצונגען „גאַוטשאָס".

מען גיט אַרויס ביי אונדז אַזוי ווייניק ליטעראַטור אין אידיש, וואָס זאָלן וועקן קאַמפּס־לוסטיקייט, אַז, מיר פאַרגעסן זיך גאַנץ גערן אויף די אַנדערע זייטן פון דער דערשיינונג, און מיר באַגריסן דעם פאַקט וואָס די „פּרעלודיעס פון קאַמף" זיינען איבערגעזעצט אין אידיש.

אַ נייגונג צו איבערזעצן ספּעציעל לאַטיין־אַמעריקאַנישע שרייבער, האָט געהאַט דער פאַרשטאָרבענער ש. פריילאַך. ער האָט געהאַט אַן אייגענעם צוגאַנג צו איבערזעצן. אים האָט נישט געקימערט דער סטיל פונעם שרייבער. אין אַ בוך פון אַ פרעמדער סביבה, האָט ער געהאַלטן, אינטערעסירט פאַר אַלעמען דאָס פאַקטישע, די אומשטענדן,

די מענטשן; דער שרייבער גופא גייט קיינעם נישט אָן. עס איבערזעצט אויך ש. בירנבוים, ספּעציעל פון די שפּאנישע אנארכיסטישע שריי-בער. נ. פּרוכטער, וועלכער איז אייגנטלעך אן איבעראַרבעטער און רעזומירער פון גרעסערע ווערק פאר קינדער, און י. איזאַקסאָן, די ברידער קאָנסטאַנטינאָווסקי און י. רובין. די לעצטע, מערסטנס פון ענגליש.

## די איבערזעצער פון אידיש אויף שפּאַניש

די איבערזעצער פון אידיש אויף שפּאניש האָבן נישט געהאט פון אָנהויב דאָס מזל פון די קאָלעגן, וואָס האָבן איבערגעזעצט פון שפּאניש אויף אידיש. זיי האָבן נישט געהאט פאר זיך אָפן די צייטונגס-שפּאלטן, וואָס ווארטן מען זאָל זיי אָנפילן מיט זאַך. די אידישע ליטעראטור איז דאָ געווען אומבאַקאַנט, זי האָט פּשוט נישט עקזיסטירט; נישט נאָר איז זי אומבאקאנט געווען פאר נישט אידישע קולטור-ספערן אין לאנד, פאר וועלכע אידן בכלל זיינען געווען רוסן און פּאָלאַקן, עסטרייכער און רומענער, נאָר אפילו פאר דער אידישער יוגנט, וואָס קיינער האָט זיך נישט אינטערעסירט זיי צו באַקענען מיט אידישן שאפן.

## ש. רעזניק

דער ערשטער איבערזעצער פון אידיש אויף שפּאניש — שכנא רעזניק — האָט פאר זיך דעריבער געהאט א דאָפּלטע ארבעט. ער האָט צוערשט געמוזט אנטדעקן פאר די שפּאניש-לייענער די אידישע שפּראַך און די אידישע ליטעראטור; פּשוטער: א י ד י ש, די שפּראַך פון די מיליאָנען אידן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר דאָס אידישע פּאָלק און וואָס א טייל פון זיי — א פּאָר הונדערט טויזנט — האָבן זיך אריבערגעקליבן קיין ארגענטינע, און די ליטעראטור פון אָט די מיליאָ-

נען אידן, וואָס האָט שוין א געשיכטע פון אזעלכע 400 יאָר, אויב מען זאָל זי רעכענען זינט די ערשטע אידישע דרוקערייען, וואָס האָבן גענומען דרוקן פאראידישטע פון די זינגער און שפּילער ריטער־ראָמאנען.

די דאָזיקע דאָפּלטע ארבעט איז געווען נישט קיין לייכטע. ש. רעזניק האָט געהאט צו ברעכן די דיקע וואנט פון פאלשע מיינונגען, אָן אָנגעוואקסענע, פון איין זייט, פון דעם פשוטן גאנץ פאַרצייַלעכן אומוויסן ביי די נישט-אידן, וואָס האָבן, ערשטנס, נישט געוואוסט צי אידן האָבן א ליטעראטור אויסער דער ביבל און דעם תלמוד און צי אידן האָבן אן אנדער שפּראך אויסער דער ביבלישער אָדער תלמודישער און צי זיי ריידן בכלל אן אייגענע שפּראך אויסער דער שפּראך פון די לענדער פון וואנען זיי קומען.

פון דער אנדער זייט האָבן אָט די וואנט פון פאלשע מיינונגען געהאָלפן דיק מאכן די סנאָביסטישע טפשותן פון אידן, וואָס האָבן געזוכט אויסצונעמען ביי די ארגענטינער מיט באריסטקייטן און זיך געצירט מיט אידישע גאונים, וואָס האָבן גראָד געשריבן אין פרעמדע שפּראכן: מיט שפּינאָזע, מיט היינע, מיט דיזראעלי, מיט זאנגוויל, און אזוי ארום געהאָלפן ארויסשטעלן די אידישע מאסן, וואָס וואנדערן איין פון מזרח-אייראָפּע, ווי א קולטורלאָזע מאסע, וואָס האָט פון זיך קיין איין שרייבער נישט ארויסגעגעבן אָדער ווי אזעלכע, וואָס האלט פאר אירע שרייבער טאָלסטאָי, טורגעניעוו, דאָסטאָיעווסקי, טשעכאָוו און גאָרקי, די כמעט איינציקע באקאנטע דאָ אין יענער צייט רוסישער שרייבער.

דער ערשטער אידישער שרייבער, מיט וועלכן ש. רעזניק האָט באקאנט געמאכט דעם שפּאניש-לייענענדיקן עולם — צוזאמען מיט די נישט אידן, אויך די אידישע יוגנט, וואָס זייערע טאטעס און לערער האָבן זיך די מי נישט געגעבן זיי צו דערציילן אפילו וועגן די אידישע שרייבער — איז געווען י. ל. פּרץ. און דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט דעם פולן באוואוסטזיין. ש. רעזניק האָט דערביי אין זינען געהאט פּרצן דעם טיפן טויכער אין דער אידישער גייסטיקייט, וואָס איז אין דער זעלבער צייט אליין א מערבדיקער גייסט. אזוי ארום סען

מען זיין אי נוצלעך און אי פאַרשטענדלעך. און ש. רעזניק איז אין זיין גאַנצן וועזן געווען דער פּראַקטישער מענטש, דער קלוגער קאָפּ, ווי איך האָב אים באַטיטלט. ער איז געווען דער ראַציאָנאַליסט, וואָס האָט אויף קיין איין מינוט נישט געוואָלט זען אין פּרצן דעם חסיד, ווי נאָר דעם וואָס האָט געשטעלט די חסידות צו דינסט זיינע ראַציאָ־נעלע אידעאַלן.

און דאָס ערשטע בוך דערציילונגען פון י. ל. פּרץ אין שפּאַניש, אונטערן טיטל „לאָס קאַבאַליסטאָס" (די מקובלים), באַזען מיט אַן אריינפיר וועגן דער אידישער שפּראַך — אידיש — האָט טאַקע גע-האַט די באַדייטונג און די ווירקונג פון אַן אַנטפּלעקונג און א באַן־ברעכעריי. די קריטיק האָט דאָס בוך אויפגענומען מיט אַן אָפן מויל ווי א וואונדער. פאַראַן גייסטרייכע שרייבער אין דער ליטעראַטור פון פאַרשידענע פעלקער, נאָר פּרצעס גייסטרייכקייט איז פון א באַזונ־דער מין, האָבן זיי דערזען, און ש. רעזניק האָט זיי געוואונען דערמיט פאַר דער אידישער ליטעראַטור אין כלל און שוין אין איין וועג פאַר א י ד י ש, פאַר אַט דער נייער פאַר זיי שפּראַך, וואָס מען קען אין איר אַרויסברענגען אַזוינע רייכע אוצרות מיט גייסט.

זינט דעמאָלט, טאַקע, — און זאָל עס דאָ פאַרצייכנט ווערן — איז דאָס וואָרט „אידיש" אַלס באַצייכענונג פאַר דער שפּראַך פון די אידן, וואָס וואוינען אין לאַנד, אריינגענומען געוואָרן אין דער שפּאַ־נישער שפּראַך און — אויך אָנערקענט געוואָרן יורידיש, ווי איינע פון די שפּראַכן, וואָס ווערן גערעדט אין לאַנד און די אַקטן, וואָס ווערן אין איר געשריבן, זיינען גילטיק פאַרן טריבונאַל, מיט אַן אויטאָריזיר-טער איבערזעצונג. זאָל עס פאַרשריבן ווערן אויף דער קאָנטאָ פון ש. רעזניק, בעת מען וועט שרייבן די ביאָגראַפיע פון אָט דעם מענטשן, וואָס האָט זיך אַזוי אָנגעזען אין דער אידישער ווי אין דער נישט אידישער געזעלשאַפט מיט זיין פּילזייטיקער אַקטואַציע.

דער ביאָגראַף פון ש. רעזניק וועט, נאַטירלעך, אינזינען האָבן אָנצואווייזן אויף דעם פאַקט נישט ווי אויף א צופעליקן אויפטו זיינעם נאָר ווי אויף א רעזולטאַט פון זיין א י ד י ש י ס ט י ש ן וועזן, פון זיין אָרגאַנישער צוזאַמענגעוואַקסנקייט מיט דער אידישער שפּראַך

און קולטור, פון וועלכער ער איז אַ רגע נישט אַרויסגעטראָטן פון זיין פריסטער יוגנט, ווען ער האָט זיך פאַרבונדן מיט זיי אַלס לערער און קולטור־טוער אין אַ אידישער קאָלאָניע.

כדאַי איז דערביי אָנצואווייזן, אַז זיין אָפּהאַנדלונג וועגן אידיש, וואָס האָט ש. רעזניקן געדינט ווי אַן אַריינפיר צו דעם בוך דערציילונגען, האָט ער געשריבן אין אַן אינפאָרמאַטיוון טאָן, ווי ער פלעגט בכלל שרייבן איבער אַלץ, איבער שרייבער און זייערע ווערק, ווי איבער געזעלשאַפטלעכע פראַגן; אָבער אומדירעקט איז דערפון אַרויסגעקומען אַן אַפּאָלאָגיע דער שפּראַך, וואָס איז אין זיך כולל די אידישע פאָלק איז דורכגעגאַנגען; צונויפגעשמאָלצן און געלייטערט אידישע דערפאַרונגען פון אַלע צייטן און לענדער, דורך וועלכע דאָס אין זיין מאָדערנער ליטעראַטור.

אידיש און אידישע ליטעראַטור איז געווען ש. רעזניקס עלעמענט, די ערשטע ליבע זיינע, וועלכע ער האָט זיין לעבן אָפּגעגעבן, זיינע טעג און זיינע נעכט, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט אַזוי ווייניק געשריבן אין אידיש וואָס זיינע יאָרן האָט ער אוועקגעגעבן אויף רעדאַקטירן אידישע זשורנאַלן אין שפּאַניש: צוערשט „מונדאָ איזראַעליטאַ" צוזאַמען מיט לעאָן קיבריק, און דערנאָך זיין אייגענעם זשורנאַל „כודאיקאַ". וועלכע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט ש. רעזניק זאָל נישט געטאָן, האָט זי נישט געקענט פאַרווישן די פיגור פון ש. רעזניק דעם ליבהאָבער פון אידיש און דעם באַליבט־מאַכער פון דער אידישער ליטעראַטור.

פון פּרצן האָט ש. רעזניק איבערגעזעצט אַ גרויסע צאָל דערציילונגען. ווייניקער — פון שלום עליכמען און נאָך ווייניקער — פון מענדעלען. אים איז נישט געגאַנגען דערין צו באַקענען די נישט אידישע וועלט מיט דעם היסטאָרישן זין פון דער אידישער ליטעראַטור, מיט איר ווערט פאַר דעם שטודיום פון דער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג פונעם אידישן פאָלק. ער האָט ווייניק חוש געהאַט פאַר אָט דעם זין אירן, כאָטשע אין זיינער אַן אָפּהאַנדלונג איבער דער אידישער ליטעראַטור, האָט ער זיך באַנוצט מיט די ווערק פון דעם קריטיקער בעל מחשבות און דעם ליטעראַטור־היסטאָריקער מ. פּינעס, וואָס זיי-

ער קריטעריום איז דער נאַציאָנאַל־היסטאָרישער. מעגלעך אַז דערפאַר האָט ער אויסגעמיטן איבערצוזעצן בערגעלסאָנען, ווען ער האָט גענו־מען באַקענען די שפּאַניש־לייענער מיט דעם צווייטן דור אידישע שרייבער. אים האָט מער אימפּאָנירט שלום אַש, נאָמבערג, אָנכי, וויסנבערג, סטאַווסקי, י. אָפּאַטאָשו...

אַז מען רעדט פון רעזניקן אַלס איבערזעצער, דאַרף מען נישט פאַר־געסן, זיין הויפּט־מיטאַרבעט ביים איבערזעצן ש. דובנאָווס „נייעסטע געשיכטע פון אידישן פאָלק", ד"ר חיים זשיטלאָווסקיס „פילאָזאָפיע" און „סאָציאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע", פּעטער קראָפּאָטקינס „אידעאַלן פו דער רוסישער ליטעראַטור" און רודאָלף ראָקערס „העלדן און רעבעלן", וואָס ער האָט איבערגעזעצט פון אידיש.

## אַנדערע איבערזעצער

צו דער קאַטעגאָריע פון ש. רעזניק אַלס איבערזעצער פון אידיש ווי אַ לעבנס ציל, ווי אַן אידעאַל, וואָס האָט אויסגעפילט זיין גאַנצן וועזן, קען מען נישט צורעכענען קיין איינעם פון די שפּעטערדיקע איבערזעצער, כאָטשע טייל פון זיי האָבן דערביי אַרויסגעוויזן נישט ווייניק ליבע צו אידיש און דער אידישער ליטעראַטור. אגב, קען קיי־נער פון זיי נישט פּרעטענדירן אויף דער בכורה און דער באַן־ברעכע־רישער ראָל, וואָס ער האָט אויף זיך געהאַט דורכצופירן. זיי זיינען שוין געקומען צום פאַרטיקן. אין די אידישע זשורנאַלן אויף שפּאַניש, האָט מען זיך שוין אינטערעסירט מיט איבערזעצונגען פון אידיש, ווען אפילו מער האָט זיי אינטערעסירט ביאַליק און יהודה הלוי איידער פּרץ און שלום עליכם. — די היינטיקע גענדז שטרייכן זיך נאָך אַלץ אין דעם יחוס פון זייערע אורעלטערן, וואָס האָבן געראַטעוועט רוים. — עס זיינען שוין היינט פאַראַן פאַרלאַגן, וואָס באַשטעלן איבערזע־צונגען פון אידישע שרייבער, פון שלום אַש, פון אָפּאַטאָשו...

צו די וויכטיקסטע פון די איבערזעצער דאַרף מען צורעכענען לואיז קאַרדונער, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן אין שפּאַניש אַ מין קור־

צע אנטאָלאָגיע פון צען אידישע שרייבער; מ. ראטושני, וועלכער האָט איבערגעזעצט „מאָטקע גנב" פון שלום אש און אייניקע דערציילונגען פון דוד בערגעלסאָן; רעבעקא מאקטאז — איבערזעצערן פון יהודה הלוי און ביאליק און אייניקע אַרטיקע, צווישן זיי יוסף ראבינאָוויטש. עס גיט זיך אויך לעצטנס אָפּ צו אבערזעצונגען מימי פינזאָן, וועלכע האָט איבערגעזעצט אין שפּאניש פון אידיש: וואשילעווסקיס „דער רעגנבויגן", א ריי דערציילונגען פון סאָוועטישע אידישע שרייבער אונטערן אלגעמיינעם טיטל „דאָס בלוט פון דיין ברודער הבל" און אויך א באנד פון יוסף ראבינאָוויטשעם דערציילונגען.

# אידיש־אַרגענטינער ליטעראַטור אין שפּאַניש

.1

נאָכדעם ווי מיר האָבן דאָ געזען דורכגיין ווי אין א דעפּיליע, די שאפער פון דעם ארגענטינישן צווייג אין דער אידישער ליטעראטור, ווילן מיר נאָך אָנווייזן אויף דער אידישער ליטעראטור, וואָס איז גע־שאפן געוואָרן אין שפּאניש. וואָרום נישט נאָר זיינען אידן די איינ־ציקע איינגעוואנדערטע נאציאָנאלע גרופּע וואָס האָבן דאָ געשאפן די ליטעראטור אין דער אידישער שפּראך, אין אידיש, נאָר אויך זיינען זיי די איינציקע איינגעוואנדערטע נאציאָנאלע גרופּע, וואָס האָט גע־שאפן א אידישע ליטעראטור אין דער לאנדשפּראך, אין שפּאניש.

מיר מיינען דאָ נישט די איבערזעצונגען אין שפּאניש פון דער מאָדערנער אידישער ליטעראטור, וואָס איז געשאפן געוואָרן אין די לענדער פון מזרח־איירָאָפּע און צפון־אמעריקע, איבערזעצונגען, וואָס האָבן אינזינען צו באקענען מיט דער אידישער ליטעראטור די נישט אידישע וועלט — און דאָ איז אויף דעם געביט א סך אויפגעטאָן גע־וואָרן, צוערשט דורך דעם פארשטאָרבענעם ש. רעזניק, ל. קארדונער, ראטושנע, רעבעקא מאקטאז, עלקין, מימי פינזאָן און דערנאָך דורך די פארלאגן, וואָס באשטעלן דאָ איבערזעצונגען פון שלום אש, אפּאָ־טאָשו און די אידישע דענקער — און מיר מיינען דאָ אויך נישט די גרויסע צאָל אידישע אויסגאבעס אין שפּאניש, וואָס מאכן פּלאץ צווי־

שן זייערע פובליציסטישע ארטיקלען אויף אידישע טעמעס, פאר אי־בערזעצונגען פון אידישע דיכטער, ספעציעל פאר דער שפאניש לייענענדיקער אידישער יוגנט. מיר מיינען דאָ בפירוש יענע אידישע ליטעראטור, וואָס איז לכתחילה געשריבן אויף שפאניש, פון אידן, וואָס האלטן זיך פאר אזעלכע און זוכן צו געבן אין דער שפאנישער שפראך, וואָס איז זיי אייגן, דעם אויסדרוק פון זייער אידישקייט און פון זייער אידישן אינטערעס.

אין א קורצער דעפיליע, וועלן מיר דאָ לאָזן פארבייגיין:

„גאָוטשאָס כודיאָס" פון אלבערטאָ גערשונאָוו; דאָס ערשטע אידיש־ארגענטינישע ווערק אין שפאניש. כאָטשע געשריבן איז עס מיט אן אפּאָלאָגעטישן ציל, איז עס א דיכטערישער אויסדרוק פון דעם מחברס אידישקייט, פון זיין פילן אלס זון פון אידישע קאָלאָניסטן, וואָס האָט אויף דער ארגענטינישער ערד באקומען זייער אידיש־מענטשלעכן תיקון, נאָך לאנגע דורות רעכטלאָזן און עקאָנאָמיש־אומגעזונטן לעבן אין די מזרח־אייראָפּעאישע געטאָ־שטעטלעך. אין דער זעלבער צייט איז דאָס ווערק א סטיליסטישער שעדעוור, וואָס באַווייזט, ווי אזוי אין די גאָר פריע יאָרן פון דער אידישער איינוואנדערונג, איז א אידישער יונגערמאן צוגעפאלן טרינקען פון די שפאנישע שפראך־קוואלן און האָט זיי באררייכערט מט דעם אוצר ביבלישן פאַטאָס, וועלכן ער האָט מיט זיך געבראכט פון יענע שטעטלשע „חדרים".

„על כודיאָ אראָן", די פיעסע פון דעם דראמאטורג סאמועל אייטשעלבוים, וואָס שטעלט ארויס די סימפאטישע פיגור פון א אידישן אידעאליסטישן קאָלאָניסטישן טוער און זיין סביבה און איז אין דער זעלבער צייט דער אויסדרוק פון דעם מחברס אינטימער פארבינדונג מיט דער אידישער קאָלאָניע, פון וואנען ער שטאמט. דאָס אייגענע האָט סאמועל אייטשעלבוים געטאָן מיט דער פיגור פון דר. ענריקע דיקמאן, א וועטעראן פון דער סאָציאליסטישער באוועגונג אין ארגענטינע, וואָס ער לאָזט פיגורירן אין זיינע א דראמע פון דער ארגענטינישער פאָליטישער סביבה, אָנהויב היינטיקן יאָרהונדערט.

„סאבאדאָמינגאָ" — דאָס מוניציפאל־פּרעמירטע בוך לידער פון צעזאר טיעמפּאָ (ישראל צייטלין), וואָס שוין דער טיטל — א געפלעכט פון שבת־זונטיק — באווייזט אויף דעם מחברס שבת־זונטיק־

דיקן וועזן. אין אט די לידער, ווי אין אנדערע, וואס טראגן ענלעכע נעמען: „שבת־רו" און אזוי ווייטער, געשריבן אין א הײנע־טאן פון פיעטעט און קוים מערקבארער פיינער איראניע, זינגט דער דיכטער וועגן זיין מאמעס בענטש־ליכט און זיין טאטנס זמירות און תהילים־זאגן און שפעט פון די אויסגעפאשעטע ווייבער, וואס פארנעמען דאס ארט פון זייערע מענער, די דאמינא־שפילער פון קעגנאיבערדיקן קאפע־הויז, אין די קראמען פון דער אידישער גאס. אויך ער איז א שפראך־קינסטלער. ער דערגראבט זיך מיט זיין שפראך צו די טיפסטע קוואלן פון שפאנישן און אידישן שאפן אינעם פריען מיטלאלטער און לאזט זיי ריזלען אין מאדערנע פערזן.

א שפראך־מייסטער פון שפאניש, וואס ווענדט אן צו זיינע הײנטצײטיקע לידער פון אידישן ווי און צו די פארמען פון פארצייטיקן אידיש־שפאנישן „מעסטער", איז אויך קארלאס גרומבערג.

אין זעלבן סטיל האט אויך געגומען שרייבן הײנטצייטיקע אי־דישע לידער אין שפאניש — סאניע זאק.

פון די אידישע דערציילער אין שפאניש, דערמאנען מיר דא אויפן ערשטן פלאן דעם דר. ניקאלאס ראפאפארט, וואס דערציילט אין שפאניש עפיזאדן פון די ענטערע־ריאסער אידישע קאלאניעס און שיל־דערט זייערע פיגורן.

אלעקסאנדער פאוולאווסקי, א רוסיש־אסימילירטער און דערנאך ארגענטיניש־אסימילירטער איד, וואס איז אריין דורך שמד אין דער ארגענטינישער אריסטאקראטיע און דא ארויסגעגעבן צוזאמען מיט מ. פאדאלסקי דעם רוסישן וואכנבלאט „נאווי מיר", האט ארויסגעלאזט א בענדל דערציילונגען אין שפאניש, אונטערן נאמען „לאס אילוזיאָ־נעס פערדידאס" און צווישן זיי דער איינאקטער „אויך איך גיי אהין", וואו ער ווייזט אן ארימע אידישע פאמיליע אין קאמף קעגן פאגראם אין צארישן רוסלאנד און א לענגערע דערציילונג אונטערן נאמען „תכריכים", וואס גיט א געשטאלט פון זיינע אידישע עלטערן, רוסי־שע אידן, אריבערגעקומענע קיין ארגענטינע, און עפנט א טירל צו פארשטיין אים אליין. אלעקסאנדער פאוולאווסקי איז באמת געווען א מערקווירדיקער מענטש. ער האט זייער אפט אויסגענוצט זיינע באצי־אונגען אין דער הויכער געזעלשאפט און אין די רעגירנדיקע ספערן

לטובת אידן און אידישע אינסטיטוציעס. דער שרייבער פון די שו־רות האט דורך זיין השתדלות אין יאר 1916 געפועלט ביי דעם אי־מיגראציע־אמט אריבערצוברענגען אין א ספעציעל ארויסגעשיקטער שיף א גרופע אידישע קאלאניסטן פון העכער 100 נפשות, וואס האבן געהונגערט אין א אורוגווייער קאלאניע. זיין וואכנבלאט האט ער גע־ווידמעט אחוץ די רוסישע, אויך די אידישע אינטערעסן אין ארגענטינע.

סאמועל גלוזבערג, האט אונטער זיין אייגענעם נאמען און אונ־טערן פסעוודאנים ענריקע עספינאזא, וואס איז א קאמבינאציע פון היינריך היינע און בענעדיקט שפינאזע, געשריבן א ריי דערציילונגען און סצענקעס פון אידישן לעבן. איבערהויפט האט גע־צויגן זיין אויפמערקזאמקייט די ווירקונג פון דער נישט אידישער סביבה און שטייגער אויף די אידישע פרויען. א קינד, א מיידעלע, קומט אהיים פון שול מיט א ציילעמל אויפן האלדז און דערציילט מיט איר נאנצער אומשולד וועגן דעם ליבן האר יעזוס. איינע פון זיינע סצענישע זאכן טראגט דעם נאמען „רוט אי נאעמי" און באווייזט די באציאונגען נישט פון דער מאאביטישער שנור און איר אידישער שוויגער פון בית לחם, נאר פון דער קריסטלעכער שנור און איר אידי־שער שוויגער פון בוענאס איירעס. נאר דעמאלט ווען די צוערשט דער־מאנטע דערציילונג קלינגט ווי א ווארענונג די אידישע עלטערן, איז די דערמאנטע סצענישע זאך א אידיליע פון משפחהדיקער התקרבות צווישן אידן און נישט-אידן אין ארגענטינע. בכלל אבער איז סאמועל גלוזבערג איינער פון די אידישיסטישע שרייבער אין שפאניש. ער איז עס נישט לויט זיינע אידישע אידעאלן און אידייען, נאר גאנץ פשוט, לויט זיין דערציאונג און נאנטקייט מיט דער אידישער געזעלשאפט, כאטשע ער פארנעמט אן אנגעזעען ארט אין דעם ארגענטינישן פאר־לאגס־וועגן. אים איז אויך צו פארדאנקען די נאנטקייט פון א טייל נישט אידישע שרייבער אין ארגענטינע צו אידן און אידישער ליטע־ראטור. איינער פון זיי איז געווען הארסיא קיראגא, וואס האט שטארק געשעצט די איבערזעצונג פון זיינע „דערציילונגען פון וואלד", „אנאקאנדא" און אנדערע אין אידיש, דורך דעם שרייבער פון די שורות.

ווי א אידישן שרייבער אין שפאניש קען מען אויך אנגעבן לא־

זאַראַ ליאַטשאָ, אַ זון פון יעקב ש. ליאַכאָוויצקי. זיין שרייבערישע קאַריערע האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ נאָוועלע פון אידיש-בראַזיליאַנישן היסטאָרישער אינהאַלט: „אַרוים פון דאַנען, פרעמדער!", וואָס זיין פאָטער האָט איבערגעזעצט אין אידיש און זי אַרויסגעגעבן אין זיין פאַרלאַג „ביכלעך פאַר יעדן". ער גיט זיך אָפּ איבערהויפּט מיט ליטעראַטור־קריטיק און שרייבט פון צייט צו צייט לירישע לידער. זיין אידישקייט איז מער אַ אידייאַישע, אַ ציאָניסטישע, ווי ער וואָלט געצאָלט צינז זיין אָפּשטאַם, און ער ווידמעט איר אויך ווען עס איז אַ ליד און אַ רעפּעראַט אויף אַ ציוניסטישער טעמע.

רעוועקאַ מאַקטאַז אַלפּערסאָן איז דורכוים אַ אידישע שרייבערן אין שפּאַניש. זי שרייבט אפילו ווייניק אייגנס, מערסטנס זעצט זי איבער פון אידיש און העברעאיש. מיר איז באַקאַנט איר אייגנס בלויז אַ בענדל דערציילונגען אונטערן נאָמען „לאָס כודיאָס דע לאַס אקאַסיאַס", דאָס מיינט די אידן פון דעם שטעטל לאַס אַקאַסיאַס". זי איז אַן אייניקל פון דעם קאָלאָניסטישן שריפטשטעלער מרדכי אַלפּערסאָן און דאָס שטעטל זעט אויס צו זיין דאָס שטעטל אַרום דער קאָלאָניע, וואו זי האָט פאַרבראַכט אירע קינדער יאָרן. עס מערקט זיך אין די דערציילונגען, אַ געוויסער ביטול צו אירע העלדן, אָרימע קאָלאָניסטן, ווי צו דער אידישער יוגנט פון דעם שטעטל. מיט וועלכע זי האָט זיך, קענטיק, נישט געחברט, ווי אַ קינד פון איר זיידנס רייכער קאָלאָניסטישער שטוב. איבערגעזעצט האָט זי פון יהודה הלוי, פון ביאַליק, פון פּרץ און באַשעפטיקט זיך בכלל מיט איבערזעצן די ווערק פון אידן, וואָס ווילן אַרויסגעבן זייערע שריפטן אין שפּאַניש.

אַ ציוניסטישער ליריקער איז אויך דער איבערזעצער פון אידישע קלאַסיקער אין שפּאַניש, לואיז קאַרדונער, און דער יונגער בעלאַפּאָלסקי. אידישע ליריק זייגען בודאַסאַוום פּאָעמען. דערציילונגען אויף אידישע טעמעס האָבן געשריבן אין שפּאַניש: נאַטאַליאַ סמיעכאָוו, דאָברענקי, ל. פינקעלשטיין, קאָזאַקאָוו. מערסטנס פון ליבעס צווישן אידן און קריסטן. אַ בענדל אידישע דערציילונגען אונטערן נאָמען „כודיאָס", אפילו מיט אַ הילע אויף אידיש: „יידן", האָט פאַרעפנטלעכט אַ געוויסער טשאַס דע קרוס. זעט אויס אַ איד, אָבער מיט אַ נשמה פון אַ משומד, וואָס האָט זיך אונטערגענומען צוצושטעלן די

שפאנישע לייענער אנטיסעמיטישע דערציילונגען פון דער אידישער גאס, ספעציעל פון די אידישע קווארטאלן ארום די גאסן לאוואזשע און כונין, וואו צווישן אידישער ארימקייט האט זיך פארקליבן אויך אידישער אפפאל. גראד איינער א נישט־איד האט זיך וועגן די דער־ציילונגען אויסגעדריקט, אז בעת אנדערע שרייבער לאזן זיך אראפ אין דער בלאטע פונעם לעבן אויפצוזוכן אין איר די דימענטן, האט דער דאזיקער כלומרשטער שרייבער זיך אונטערגענומען צו באווארפן מיט בלאטע די דימענטן פון דער אידישער ארימקייט.

כאראקטעריסטיש איז, אז א פאר אידישע דיכטער משומדים, וואס זייער שמד איז געקומען פון זייער אידיש־קריסטלעכן נשמה־געראנגל — פינגעריט, פיכמאן, ראקעל אדלער — האבן זיך געהאל־טן נאנט צו אידן; א סך נענטער, אלנפאלס, ווי אנדערע נישט גע־שמדטע אסימילאנטן מיט זייער גלייכגילטיקייט צו אלץ וואס האט נישט צו טאן מיט זייער קאריערע.

מיר דערמאנען דא אויך די אידן עסייאיסטן און פובליציסטן אין שפאניש, וואס טוען זייער ארבעט ווי אידן און האבן זיך קאנ־צענטרירט איבערהויפט ארום שכנא רעזניקס זשורנאל „כודאיקא": לעאן דוכאווניע, א. פארטנאי, דר. א. וויינשטיין. אין דער לעצטער צייט פראפעסאר נ. קאפלאן און פראפעסאר ב. שעקעלי, ווי אויך אייניקע ציוניסטישע פובליציסטן, ווי פראפעסאר מאנין, שאלמאן, ביבערמאן.

די לעצטע יארן פון אידישן פיין, האבן בכלל א רוק געטאן די אידישע יוגנט אין ארגענטינע צום אידישן שאפן, צום אינטערעס מיט דעם אידישן גורל און האבן ארויסגעבראכט אויך אידישע לירירקער פון דער שפאניש־ריידנדיקער יוגנט, וואס דרוקן זיך אין די שפאניש־גע־שריבענע יוגנט־זשורנאלן.

# אימיגראַנטישע זין און זייערע פּראָבלעמען

נישט ווילנדיק, מאכן מיר א פארגלייך צווישן די ארגענטינישע דורות פון די איינגעוואנדערטע אידן און די נישט-אידישע אימיגראנטישע זין. ביי די ווי ביי יענע, גייט אָן א פּראָצעס פון צופּאסונג, פון איינוואָרצלונג און איינבירגערונג אין לאנד; די ווי יענע, ווילן מיט דעם גאנצן הארצן זיין ארגענטינער און באטייליקן זיך אין דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער איבערפורעמונג פונעם לאנד. נאָר דעמאָלט ווען צווישן דער אידישער יוגנט קומען אויף אידישע קולטור־באוועגונגען, ווי א רעאקציע קעגן דער קולטור־אסימילאציע און עס באווייזן זיך שעפערישע יחידים, וואָס פארטיפן זיך אין זיך און אין זייער ארום אויסצוגעפינען און צו דעפינירן זייער אידישן אייגנארט און אידישע סענסיבּיליטעט אינערהאלב זייער ארגענטינישקייט, זעט מען ביי דער יוגנט פון די אנדערע איינגעוואנדערטע נאציאָנאלע גרופּעס, וועלכע זיינען א סך גרעסערע ווי די אידישע גרופּע, בלויז דעם באגער וואָס גיכער זיך אריינצוגיסן אין דעם אלגעמיינעם ארגענטינישן קולטור־שטראָם.

מיר זעען דעריבער, אז ווען אפילו ארגענטיניש געבוירענע שפּאניער לעבן זיך נאָך אוים געזעלשאפטלעך אין באזונדערע לאנדסמאנשאפטלעכע קלובן, באזוכן פּאָרשטעלונגען פון גאסטראָלירנדיקע שפּאנישע טרופּעס און פראווען זייערע „ראָמעריאַס”, וואו זיי גייען

טאַנצן „כאַטא", טוען זיי דאָס בלויז ווי געניסער, ווי געברויכער. קיין באַוועגונג קיין היספּאַניסטישע, אָדער איטאַליזירנדיקע, איז צווישן זיי נישטאָ. דער היספּאַניזם אלס באַוועגונג, אלס קולטור־טענדענץ, נעסטעט גראָד אין אַזעלכע ספערן, וואו דער שפּאַנישער פאָלקס-מענטש איז אַן אָביעקט פאַר חוזק, פאַר מינדערשעצונג. דער היספּאַניזם דאָ איז דער קולט פון דער אַלטער אַרגענטינישער אַריסטאָקראַטיע, וואָס וויל גראָד זען דעם שפּאַנישן אימיגראַנט וואָס גיכער פאַרוואַנדלט אין אַ גאַוטש אָדער גלאַט וויל ער אים זען אַ קולטורלאָזן, אָן שום קולטור-פּרעטענזיעס.

קיין שפּאַנישע אָדער איטאַליענישע שעפערישקייט איז דאָ נישטאָ בנמצא, דער „גאַזשעגאָ" ווי דער איטאַליענער — דער נאַפּאָליטאַנאָ, איז אין דער אַרגענטינישער ליטעראַטור נישט מער ווי אַן אָביעקט פאַר אַנעקדאָטן און אינעם אַרגענטינער טעאַטער, זיינען זיי, גלייך מיט אַנדערע אימיגראַנטן, עקזאָטישע טיפּן, וואָס פאַרשאַפן אביסל „געזונטן הומאָר" דעם עולם, מיט זייער שפּראַך און מיט זייערע מאַניערן. גרינטלעך און נישט אין קרומען שפּיגל ווייזן דעם שפּאַניער די גאַסטראָלירנדיקע שפּאַנישע טרופּעס אָדער דער אַזוי גערופענער אומאָפּהענגיקער טעאַטער, וואָס דאָס מיינט אינדעראמתן אומאָפּהענגיק פון דעם קאַסע-פּענצטערל און פון דער אַקטיאָרן און אויטאָרן־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האַלט זיך ביי די אַלטע טעאַטער-קאַנאָנען. פון איטאַליע פלעגט אַמאָל קומען סיציליאַנישער טעאַטער. זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה, באַווייזט ער זיך נישט מער דאָ.

בכלל איז שפּאַנישע און איטאַליענישע קולטור דאָ אַ גאַסטראָלעניין. און קומט אַמאָל אַהער אַזאַ גאַסטראָלער, אַ שפּאַנישער דענקער, געפעלט עס אים גראָד. עס געפעלט אים בכלל די מחיצה צווישן דער אינטעליגענץ און דעם פאָלק אין אַרגענטינע. צוויי אַזעלכע גאַסטראָלערן, אויטאָריטעטן אין געשיכטע, דעם שפּאַניער אָרטעגאַ אי גאַסעט און דעם מעקסיקאַנער אַלאָנסאָ רעזשעס, איז גלייך איינגעפאַלן צו פאַרגלייכן אָט די לאַגע אין דער אַרגענטינישער קולטור מיט דער אַזוי גערופענער ערשטער עפּאָכע אינעם אימפּערישן רוים, די עפּאָכע פון די פלעבייער און פאַטריציער, און האָבן די לאַגע באַרעכטיקט.

ביי אַלאָנסאָ רעזשעס האָט עס געהייסן, אַז „די אַרגענטינער פאַ־

טריציער האַלטן אויף די נאָרמען און סימוואָלן פון דער אַרגענטיני-
שער נאַציאָנאַליטעט", קענען די האַרדעם קולטורלאָזע באַרבאַרן מס-
תמא... אָרטעגאַ אי גאַסעט האָט זיך אויסגעדריקט, אַז די שטרענג
אָפּגעטיילטע ליניע, וואָס ער האָט באַמערקט אין אַרגענטינע צווישן
אַלט איינגעזעסענע, נאַציאָנאַליזירטע און פרישׁ איינגעוואַנדערטע,
באַווייזט, אַז אַרגענטינע האַלט נאָך געשיכטלעך פאַר די רוימישע
רעפאָרמען פון סערוויאָ טוליאָ, דאָס הייסט, מיט אַזעלכע 600 יאָר
פאַר קריסטוס. לויט דער גוזמא קען מען אפילו הערן אין דעם וואָרט א
בימערן פאָרוואורף, נאָר די באַציאונג פון דעם דאָזיקן דענקער צום
קאַמף אין שפּאַניע גופא קעגן דער הערשאַפט פון איר אַריסטאָקראַ-
טיע און איר קלויסטער-קולטור, וואָס טיילט זיך שאַרף אָפּ פון דער
שפּרודלדיקער פאַרביקער און ליידנשאַפטלעכער שפּאַנישער פאָלקס-
קולטור, מסרט אין דעם וואָרט די באַרעכטיקונג.

כאַראַקטעריסטיש איז עס, אַז די דאָזיקע מיינונג, די צווייטע
ווי די ערשטע, איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן בעת אין שפּאַניע האָט זיך
געפירט דער קאַמף פאַר דער רעפּובליק קעגן דער מאָנאַרכיע און בעת
דאָ אין לאַנד האָט זיך פאַרפירט א ליידנשאַפטלעכע פּאָלעמיק אַרום
דער טעמע: ד ע ר נ י י ע ר א ר ג ע נ ט י נ ע ר מ ע נ ט ש
נאָכדעם ווי עס איז דערשינען דאָס בוך פון ריקאַרדאָ גוואיראַלדעז,
„דאָן סעגונדאָ סאָמבראַ".

דער מחבר האָט אין דעם בוך געשטעלט א מאָנומענט דעם גאַוטש,
וועלכן ער אידעאַליזירט און, ווי א סך אַנדערע פאַר אים, שטעלט ער
אים אַרויס אַלס דעם טרעגער פון דעם אַרגענטינישן נאַציאָנאַלן כאַ-
ראַקטער. דער מאָנומענט, אגב, איז געשטעלט נישט בלויז דעם אידע-
אַלן גאַוטש, דעם פאַרהאַרטעוועטן סטעפּ-מענטשן מיט זיין דאָן קי-
כאָטישער ריטערלעכקייט, נאָר אויך דעם „שלעכטן גאַוטש", דעם וואָס
זוכט געשלעג און וואַרפט זיין מעסער אינעם קעגנער, פון דער פינצ-
טער, פונעם לויער. נאָר דאָס איז א באַזונדער ענין. דער עיקר, גוואַי-
ראַלדעז וויל, אַז די נשמה פון דעם „מענטש וואָס איז אַוועק", זאָל
אַריבער אין דעם נייעם אַרגענטינער מענטשן, דעם מענטש פון דער
שטאָט און פון שטעטל. צוליב דעם ווייזט ער איינעם אַזאַ מענטשן,

א פריציש דערצויגענעם ממזר, צווישן קאטויליש־פרומע ווייבער, זיי־
נע מומעס, וועלכע ער האט פיינט און ער לאזט זיך אוועק פירן א
סטעפ־לעבן צוזאמען מיט די גאוטשאס — אקסן־טרייבער.

די אפיציעלע ליטעראטור־קריטיק און קולטור־געשיכטע, וואס
איז זייער גערן מייחס דעם ארגענטינישן „גאוטש" מיט דעם שפאנישן
ריטער דאן קיכאט (זע די אפהאנדלונג פון קארלאס אקטאוויא בונכע
וועגן דער גאוטש־ליטעראטור), ווי דער עכט־ארגענטינישער פריצישער
אינטעלעקטואליזם, וואס געדייעט אין דעם קאנסערוואטיוון פאלי־
טישן געמויזעכץ, האט דאס ווערק און זיין שרייבער ארויסגעהייבן
אלס דאס ארגענטינישסטע ווערק נאך הערנאנדעזעס „מארטין פיערא".

פון דער אנדער זייט איז ארויסגעטראטן ראבערטא דזשיוסטי,
א סאציאליסטישער דעפוטאט און ליטעראטור־קריטיקער, אן איטא־
ליענישער זון, און מיט דער גאנצער אנערקענונג פאר דעם מחברס
טאלאנט, האט ער אנגעוויזן אויף דעם פשוטן פאקט, אז מיט דער
אייזנבאן, וואס פארבייט די אקסן־טרייבעריי איבער דער פאמפא,
נעמט א סוף נישט נאר צום אקסן־טרייבער, צום גאוטש, נאר אויך
צו זיין גייסט, און האט געצויגן די אויפמערקזאמקייט אויף דעם באמת
נייעם ארגענטינישן מענטשן, דעם הארעפאשנעם און סאציאל-בא־
וואוסטזיניקן שטאטישן ארבעטער און באלמעלאכע, דעם קאלאניסט
און דעם ארגאניזירטן פעלד־ארבעטער, וואס שטויסט שוין ארויס אויך
פון דער פאליטיק די קאנסערוואטיווע און טראדיציאנעלע פריצימ־
שאפט, ווי די מאסע פריי־הפקרדיקע, אנארכיש־גאוטשדיקע און לייב-
אייגענע קריאזשאס, אויף וועלכער זיי האבן געשטיצט זייער פאליטי־
שע און גייסטיקע הערשאפט.

אט די פאלעמיק אין דער ארגענטינישער ליטעראטור-קריטיק,
האט זיך פארשטארקט נאך דער רעוואלוציע פון 1930 קעגן דער צוויי־
טער רעגירונג פון היפאליטא אירינאזשען, וועלכער איז געקומען צו
דער מאכט מיט דעם אויפשטייג פון דער ראדיקאלער פארטיי, אין
1916. און איר עקאנאמיש־פאליטישער הינטערגרונט איז געווען א
גאר קענטיקער. עס האט נישט געפעלט אין דער פאלעמיק דער ספע־
ציפישער ריח פון דער קסענאפאביע, וואס פעלט קיינמאל נישט בעת
עס קומט צו א פאלעמיק צווישן די פארגעשריטענע געזעלשאפטלעכע

כּוחות און דער רעאַקציע, וואָס קליידט זיך אין דעם נאַציאָנאַליזם און אין דער טראַדיציע. די אויסלענדער און די אויס־לענדישקייט זיינען געווען דער „טערקן־קאָפּ" אָדער דער „נעגער־קאָפּ", ווי מען זאָגט אין די פּאַריינקטע שטאָטן, אין דער דאָזיקער פּאָלעמיק.

און דאָ איז געשען אָט וואָס: די אידישע שרייבער, סיי די וואָס שרייבן אידיש און סיי די וואָס שרייבן שפּאַניש, די אידישע זשורנאַ־ליסטיק בכלל, וואָס איז אזוי עמפּינדלעך יעדעס מאָל ווען מען דער־מאָנט אין דער עפנטלעכקייט „אויסלענדער" און „אויסלענדישקייט" און פּאַסן אָן די טערמינען אויף זיך, האָבן אָט די פּאָלעמיק אין דער ליטעראַטור־קריטיק, אויפגענומען ווי א זאַך, וואָס געהער זיך צו זיי נישט אָן און האָבן אים באַטראַכט פון אַלגעמיין אַרגענטינישן אינ־טערעס. אין א קאָמענטאַר איבער דער דאָזיקער ליטעראַרישער פּאָלע־מיק, האָב איך גופא, אין אן אַרטיקל אונטערן טיטל דער „נייער אַר־גענטינער מענטש", געדרוקט דעם 1טן יאַנואַר 1932, געשריבן:

„אזוי לאַנג די אַרגענטינישע עקאָנאָמיק האָט געקענט פירן איר עקזיסטענץ באַזונדער פון דער אַרגענטינישער פּאָליטיק און דאָס זעל־בע, די פּאָליטיק באַזונדער פון דער אַרגענטינישער עקאָנאָמיק; אזוי לאַנג, בעסער געזאָגט, ווי די אַרגענטינישע עקאָנאָמיק האָט זיך באַ־גנוגנט דערמיט וואָס זי האָט געצאָלט דער פּאָליטיק דעם אַרויפגע־לייגטן צינז, אז זי זאָל איר צורו לאָזן און אזוי לאַנג ווי די אַרגענטינער פּאָליטיק האָט זיך נישט גענויטיקט אַרויפצולייגן צו גרויסע צינזן אויף דער עקאָנאָמיק, אויף דער אַרבעט, האָבן זיך ביידע כּוחות גע־לעבט בשלום.

דער עקאָנאָמישער קריזיס, דער אַלוועלטלעכער און דער אינלענ־דישער, האָבן דעם שלום צעטרייסלט. אין ביידע לאַגערן איז עס געקו־מען צו א מין איבערראַשונג פון ווערטן. פון איין זייט האָט זיך ביי דער עקאָנאָמיק באַוויזן א שטרעבונג איבערצונעמען אין אירע הענט די פּאָליטיק און ביי דער פּאָליטיק א שטרעבונג אַרויפצולייגן א שטאַר־קערע האַנט אויף דער עקאָנאָמיק.

די עפּיזאָדן פון דעם דאָזיקן קאַמף זיינען אַלעמען באַקאַנט.

אין דער ליטעראַטור האָט זיך דער דראַזיקער קאַמף באַוויזן פון איין זייט, פון דער זייט פון דער האַרעפּאַשנער עקאָנאָמיקע, מיט נישט געוואַגטע, שטילע טריט, בהדרגה, פונקט ווי זי האָט בהדרגה דערהאַבערט איר פּלאַץ דורך א שטייגנדיקער איינוואַנדערונג און איינוואָרצלונג. א סך אינטעלעקטועלער כוח און ענערגיע פון די איינגעוואַנדערטע איז געפּאַטערט געוואָרן צום דינסט פון דער הערשנדיקער „פּאָליטיק", פונקט ווי עס איז געפּאַטערט געוואָרן איר צו דינסט אוצרות מיט איינגעוואַנדערטער פיזישער ענערגיע. זעלטן ווען עס האָט זיך אויפגעהויבן א שטאַרקע שטימע אין דער ליטעראַטור, וואָס זאָל פאָדערן דאָס רעכט פון דער איינגעוואַנדערטער אַרבעט. אין דער זשורנאַליסטיק, האָט זיך די שטימע אָפטער געהערט.

אין דער פּריצישער ליטעראַטור, וואו מען פלעגט דעם איינגעוואַנדערטן גלעטן איבערן קאָפּ און קנייפּן אין בעקל פאַר זיין א ר ב ע ט ז א מ ק י י ט און דעריקער פאַר זיין ש ט י ל ק י י ט און זעלטן זיך דערלויבט אמאָל בעת די אַרבעט פלעגט פאָדערן איר רעכט, אויסצומוסרן די „אויסלענדער", פּאַרוואָס זיי ברענגען אַריין אין לאַנד „אויסלענדישע פּאָליטישע מעטאָדן", האָט זיך דער קריזיס מיט זיינע אַרויסגערופענע איבעראַשונגען, באַוויזן מיט גאָר אַנדערע טעמפּן, מיט אימפּעט, מיט היסטעריקע.

צוערשט איז, נאַטירלעך, געקומען די היסטעריקע, מיט וועלכער עס האָט זיך אויסגעצייכנט דאָס יאָר 1930. כאַראַקטעריסטיש איז פאַר דעם פּעריאָד (היינטצייטיקע פּעריאָדן זיינען גאַנץ קורץ) דאָס בוך פון וועבער מאַנט, וואָס דער שלום צו וועלכן ער קומט, קען אויסגעדריקט ווערן מיט אָט די פּאָר ווערטער: „פּע, ס'איז א מיאוסע וועלט!..." צו דעם שלום קומט ער נאָכדעם ווי ער קוקט זיך אַרום אויף די „נייעסן", וואָס זיינען אָנגעשטאַנען אין אַרגענטינע. דער אָריגינאַזשעניזם איז געוואָרן אַלץ מער באַדינער פון די אַרויפגעאַרבעטע „אויסלענדער", פון די נאַטוראַליזירטע און נישט נאַטוראַליזירטע געשעפטסלייט און זייערע הי געבוירענע זין, זייערע אַדוואָקאַטן און דאָקטוירים... דער סאָציאַליזם האָט גענומען ציען אַלץ גרעסערע מאַסן צו די שטימקעסטלעך; דער קאָמוניזם געווינט אַלץ מער פּלאַץ צווישן די אַרבעטער און דער יוגנט בכלל; די סטודענטישע באַוועגונגען פאַר דער

אוניווערזיטעט־רעפאָרם אינספּירירן זיך אי די אַלע ראַדיקאַלע באַ־וועגונגען, וואָס הויבן זיך אָן מיט נאַציאָנאַליסטישן אַנטי־אימפּעריאַ־ליזם, אינטעראַמעריקאַנישער פאַרייניקונג און ענדיקן זיך מיט „באָל־שעוויקיזם" רחמנא לצלן... גוואַלד, וואוהין קען אונדז פאַרפירן, אָט די פאַרשאָלטענע דעמאָקראַטיע!...

נאָך אים איז געקומען דער דיכטער לעאָפּאָלדאָ לוגאָנעס, א א געוועזענער אַנאַרכיסט און סאָציאַליסט, וואָס האָט אונטער דער ווירקונג פון איטאַליענישן פאַשיזם, גלאָריפיצירט די „דאָגמע פון גע־האָרכזאַמקייט", דער שוין אָפּגעקילטער טעאָרעטיקער פון דער אַנטי־דעמאָקראַטיע, פון דער אַרגענטינער פּריצימשאַפט, וואָס פילן זיך אַזוי פאַרלוירן אין אָנזיכט פון דער כוואַליע „אויסלענדישקייט", פון דעם אויפגעהויבענעם קול פון דער אַרבעט. געקומען איז ער מיט זיין בוך „לאַ גראַנדע אַרכענטינאַ" (די גרויסע אַרגענטינע) און האָט פעסט־געשטעלט דעם שאָדן וואָס די דעמאָקראַטיע ברענגט פאַר דער גרויס־קייט פון אַרגענטינע, און געלויבט די פּרינציפּן פון דער דיקטאַטור, וואָס די בעסערע מענטשן פונעם לאַנד, די פּאַטריאָטן, די ספּעציעל דערצו דערצויגענע, מוזן צוליב דעם אָנהאַלטן איבער די וואָס זיינען דערצו נישט ראוי, כדי די נישט דערצויגענע מאַסן זאָלן נישט קומען צו דער מאַכט... זיין עצה איז געווען, אַז מען זאָל וויינקסטנס אויף צען יאָר אָפּשטעלן די דעמאָקראַטישע געזעצן וואָס די אַרגענטינישע קאָנסטיטוציע אַנטהאַלט. ער איז געווען דער אָראַקול פון א סך רעדעס, וואָס זיינען דערנאָך געהאַלטן געוואָרן אויף מיליטערישע און שטאַטס־מענישע באַנקעטן און האָט זיך שוין געהאַלטן פאַר דעם ריז, וואָס האָט פאַרהאַלטן די דעמאָקראַטישע כוואַליע, וואָס האָט געדראָט צו פאַרפלייצן דאָס פּריצישע פּאַטערלאַנד.

מען זאָל אורטיילן נישט נאָך דער אַרגענטינישער קאָנסטיטו־ציע און נישט נאָך דעם אָרט אין דער אַרגענטינער ווירטשאַפט, וואָס די איינגעוואַנדערטע מאַסן פאַרנעמען, נאָר לויט דעם געדאַנקען־גאַנג אין דער פּראַקטיק פון די אַרגענטינישע „פּאַטריציער" און זייערע וואָרטזאָגער, האַלט עס אפשר דערביי.

אינעם באַוואוסטזיין אָבער פון די גרויס־שטאָטישע און דאָרפי־

שע מאסן האָרעפּאַשניקעס, איז פאַראַן אַן אַנדער איבערצייגונג, אַז זיי זיינען עס דער נייער אַרגענטינער מענטש, די נייע אַרגענטינישע נאַציאָנאַליטעט, וואָס אירע איז די אַרגענטינער צוקונפט.

אָט דער באַוואוסטזיין, וואָס מאַניפעסטירט זיך שוין אויף פאַרשידענע אופנים און אפילו, אין אַ גאָר היבשער מאָס, אין דער אַרגענטינישער פּאָליטיק און נישט נאָר דורך די אַרבעטער־פּאַרטייען, נאָר אפילו דורך די בירגערלעכע (זע דעם מאַניפעסט פון עקס־פּרעזידענט אַלוועאַר פאַר זיין אַרויסשיקונג), איז, ווי געזאָגט, אין דער אַרגענטינישער ליטעראַטור נאָך גאָר ווייניק מאַניפעסטירט.

דאָס אָבער וואָס די אידישע אַרגענטינער זין האָבן איינגעפּאַסט אין דער אַלגעמיינער לאַנד־פּאָליטיק, האָט אויפגעוועקט ביי די אַנדערע איינגעוואַנדערטע גרופּעס אַ מין באַוואוסטזיין, וואָס איז שווער אָנצורופן נאַציאָנאַלער אָדער קלאַסן־באַוואוסטזיין, דאָס איז געווען דער באַוואוסטזיין פון די איינגעבירגערטע דורך זייער אַרבעט איינגעוואַנדערטע האָרעפּאַשניקעס, איבערהויפּט פון זייערע זין, וואָס האַלטן זיך שוין פאַר עכטע אַרגענטינער, אַ באַוואוסטזיין, אַז זיי זיינען איינגענטלעך די אַרגענטינער און נישט די אַלטע.

טאַקע אין שייכות מיט דער דערשיינונג פון „דאָן סעגונדאָ סאָמבראַ", האָט איינער פון די יונגע ליטעראַטור־קריטיקער, ראַמאָן דאָל, אין אַן אינטערוויו וואָס ער האָט געגעבן פאַר דער אויסגאַבע „ליטעראַטוראַ אַרכענטינאַ", געזאָגט אומגעפער:

„דער דור, צו וועלכן איך באַלאַנג און איז אַלט ביי די עטלעכע און דרייסיק יאָר, איז דער ערשטער אין דער אַרגענטינישער געשיכטע, וואָס האָט געמאַכט דעם אַמעריקאַנישן און נאַציאָנאַליסטישן פּרואוו זיך אַליין צו דעפינירן און אויסצוגעפינען. דאָס איז אונדזער באַרוף, מיר זיינען ווי דער ערשטער אויוון ברויט, היגע זין פון איינגעוואַנדערטע. אַלע האָבן מיר זיך אויסגעהאָדעוועט אין אויסלענדישע הייזער, אָבער דאָ, אין אַרגענטינע. מיר זיינען די באַלעבאַטים פון דער ערד און מיר אונטערשיידן זיך פון אונדזערע פאַרגאַנגענער די קרעאָלן, דערמיט וואָס מיר ווילן רעגירן, דענקען און פיר דאָס לאַנד, ווי זיי זיינען דערצו נישט פּעאיק געווען".

אַט ווי ער כאַראַקטעריזירט די פאַרהעלטעניש.

„דאָ האָט דער געבירטיקער נישט געהאַט די קאַפּאַציטעט און נישט דעם פאַרנעם אויף צו קענען אַסימילירן דעם קאָלאָניסט, ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן; דער קאָלאָניסט האָט דאָ אומווידערופלעך פאַרשלונגען דעם קרעאָל. דער ערשטער פורעם פון די אויסלענדישע פאָרפאָלקן געפינט זיך דעריבער אין אַן עטוואָס טראַגישער און שווערער לאַגע, ווייל אים איז נישט גענוג דאָס זיין אַ קאָלאָניסט, צו לעבן ווי די אועלסער קאָלאָניסטן אין ריאָ נעגראָ, וואו זייערע קינדער און קינדסקינדער זיינען נאָמינעל אַרגענטינער, נאָר אין גרונט אועלסער. דער אימיגראַנטישער זון וויל זיין אַן אַרגענטינער! ווי אַזוי, אָבער, ווערט מען אַן אַרגענטינער? אויף צו זיין אַ שפּאַניער, למשל, איז גענוג צו האָבן געבוירן געוואָרן אין שפּאַניע, צי לאָזן זיך צוציען פון דער ערד, אָנצוקלאַמערן זיך אָן דער ערד, אינסטינקטיווער פּאַטריאָטיזם; פאַרענדיקטע קולטור-פאָרמען פורעמען אויס דעם וואָס וויל זיך פורעמען. אָבער, אויף צו זיין אַן אַרגענטינער, נישט די ערד האָט אַזאַ צוציאונגס-קראַפט, אַז זי זאָל צוציען דעם קאָלאָניסטישן זון צו זיך, נישט דאָ זיינען פאַראַן קולטור-פאָרמען, אַז אַ מענטש זאָל צוליב זיי אויסגערעכנטערהייד, באוואוסטזיניק ווערן אַן אַרגענטינער. דעם נאַטירלעכן פּאַטריאָטיזם, וואָס די ערד גיט, קען ער זיך אליין נישט שאַפן, זוכט ער דאָס צווייטע. אַט דאָס זוכן אַ פאָרמולע פאַר באוואוסטזיניקער אַרגענטינישקייט, ברענגט דעם אימיגראַנטישן זון צו טרייסטלאָזיקייט, צו אַן אומרו, וואָס מאַכט אים פאַרביטערט. און אַז צו דער ערד קען מען דעם כעס נישט אויסלאָזן, לאָזט ער אים אויס צו דער אינטעליגענץ, צו די אַלע אָרגאַניזאַטאָרס און אַרגענטיניזאַטאָרס, וואָס דאָס לאַנד האָט געהאַט. דער דור אימיגראַנטישע זין, וואָס איז דרייסיק יאָר אַלט, איז אַ דור וואָס האַסט ביזן גרונט די קרעאָלישע אינטעליגענץ, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל אין פלוג נישט אויסזען, דערפאַר, וואָס זי האָט אים נישט געקענט געבן קיין פאָרמולע פון נאַציאָנאַלן באוואוסטזיין”.

אין דעם זעלבן אינטערוויו זאָגט ער דאָס: „פאַר מיר איז די געשיכטע פון דער אַרגענטינישער אינטעליגענץ, אַ געשיכטע פון דעזערטירונג, פון פּליטים. אין קיין שום לאַנד האָבן די דערצויגענע שיכטן

און די אינטעליגענץ נישט געלעבט און לעבן נישט אזוי צעשיידט מיט דעם פאָלקס עמיפינדונגען, ד. ה. מיט זייער אייגענער עמפינדונג. מען וואָלט אמאָל באדארפט שרייבן נישט די געשיכטע פון די ארגענטינישע אידייען, ווי אינכעניעראָס האָט דאָס געפּרואווט טאָן און נישט די געשיכטע פון דער ארגענטינישער ליטעראטור, ווי ראָכאס האָט דאָס געטאָן, און נאָך וויניקער די געשיכטע פון די עסטעטישע אידייען: — באדארפט וואָלט מען אָנהויבן די פאראט־און דעזערטיר־געשיכטע פון דער ארגענטינישער אינטעליגענץ, בנוגע דעם לעבן, דער ערד, די פאָלקס־מאסן, גאוטשישע אָדער גרינע. אונדזער קולטור האָט שטענדיק געלעבט אָפּגעבונדן, אָפּגעריסן פונעם לאנד: זי גליטשט זיך ארויס, מאכט זיך כלא ידע, וואָרצלט זיך נישט איין און דערנערט זיך נישט פון די זאפטן פונעם פאָלק. אין סך־הכל וואָלט מען באדארפט זאָגן, אז דאָס איז קיין קולטור נישט. און נישט פון איצט איז עס, ס'איז שטענדיק אזוי געווען. נעכטן האָט זי זיך געמיאוסט מיטן גאוטש און היינט מיאוסט זי זיך מיטן אימיגראנט און ביידע, נעכטן דער גאוטש און היינט דער אימיגראנט, זיינען די איינציקע ארגענטינישעווירקלעכקייטן, דאָס אייגנטלעך ארגענטינישע וואָס איז אמאָל געווען און וואָס איז היינט פאראַן".

ראמאָן דאָל באשטעטיקט דאָס געזאָגטע מיט היסטאָרישע פאקטן, ווייזט אויף דאָס מיסטיפיקאטאָרישע, וואָס איז פאראן אין דער ליטעראטור און אין די סאָציאלע אידייען, וואָס גילטן אלס ארגענטינישע און שטעלט ארויס די ארגענטינישע אינטעליגענץ אלס נול. נאָר נישט דאָס זיינען מיר אויסן.

מיר האָבן בלויז געוואָלט אָנווייזן, אז דאָס וואָס מיר זיינען געוואוינט אָנצורופן נאציאָנאל־אידישער געפיל ביי אידישע שרייבער, אפילו ווען זיי שרייבן אידיש, איז פאראן אויך ביי נישט אידישע שרייבער פון די איינגעוואנדערטע, פונקט ווי עס איז ביי זיי פאראן דער צופאסונגס טריב, וואָס דריקט זיך אוים ביי זיי, ווי ביי די אידן, אין דעם אלגעמיינעם קאמף קעגן דער רעאקציע און פאר נייע סאָציאל־פּאָליטישע פאָרמען פון געזעלשאפט. אָבער, דעמאָלט ווען ער דערוועקט זיך ביי זיי אָט דער געפיל, נעמט ער ביי זיי אָן גאָר אנדערע פאָרמען:

ווען די אידיש־נאציאָנאַליסטישע שרייבער אין שפּאַניש, זוכן צו ווירקן מיט אפּאָלאָגעטיק און מיט זעלבסטפאַרטיידיקונג, ווירקן אזעלכע ווי ראמאָן דאָל מיט מאכט־ארגומענטן מיט דער פאָדערנדי־קער אראָגאַנץ; ווען אידישע זין פאָדערן העכסטנס דאָס רעכט צו זיין איינגעגלידערט אין דער ארגענטינישער משפחה אלס „קאָלעק־טיוויטעט", אלס אידישע געמיינשאפט מיט איר קולטורעלער אייגנ־ארט, האָבן די אנדערע איינגעוואנדערטע זין אויפגעגעבן זייער אייגנ־ארט, מיט דעם געדאנק צו ווערן די הערשער פונעם לאַנד און די אויספורעמער פון א נייער ארגענטינישער אייגנארט; ווען אידישע שרייבער, וואָס שרייבן שפּאַניש, פארשטייען אפילו בלויז אינטואי־טיוו, אז קולטור, איז המשך, איז עוואָלוציע, וואָס פארלירט דאָך נישט דעם אָנהויב, וואָס געפינט זיך אין איר, האַלטן די אנדערע אימיגראנטישע זין — שרייבער, אז מיט דעם אריבערקומען פון דעם אימיגראנט, פארגעסט ער אַלץ וואָס האָט אים אויסגעצייכנט אין דער אַלטער היים און ער ווערט א נייער מענטש, ווי דער ולד, וואָס פאַר זיין קומען אויף דער וועלט, גיט אים דער שר של שכחה א שנעל אונ־טער דער נאָז און ער פארגעסט אַלץ וואָס ער האָט געלערנט אינעם עולם הנשמות.

